יודזשין וויקטאָר דעבס

# אויסדערוועהלטע שריפטען

י. וו. דעבס — א. ליעסין. די גאָלדענע נשמה — ב. פייגענבוים. ביאָגראַפיע פון דעבס — חיים קאנטאָראָוויטש. ערא‏ינערונגען — דזשיימס אָניעל.

פארלאג „וועקער"

ניו יאָרק, 1926.

# אינהאַלט פון בוך.



---




אָריאָם פּרעס, יוניאָן פּרינטערס, 234 54 קאנאל סטריט, ניו יאָרק.



דעבס און זיין פרוי.

# דעבּס.

דעבס: אַ שטערן אין אַ וויסטער נאַכט
האָט געטאָן אַ בליאַסק, אַ בליץ
און פאַרשוואונדען...
געלאָזט אין הערצער טיפען טרויער
טיפע וואונדען...

דעבס: אַן אָדלער-גייסט, אַ פאָלקס-טריבון
פאַר יושר און פאַר שלום;
אַ הייליגער וואָס האָט געטרוימט
דעם גרויסען פרייהייטס-חלום...

דעבס: אַ הויכער גייסט וואָס האָט דערגרייכט
די העכסטע ספערען;
העכער ווי די וואָלקענס,
העכער ווי די שטערען.

דעבס: אַ ווייסע טויב פון פרידען,
אַ גרויסער מענשען-גאָט
וואָס „לא תרצח“ איז געווען
זיין ערשט געבאָט...

דעבס: ווי דער גרויסער נביא ישעיה, אַמאָל
האָט ער מיט ווערטער האַרט ווי שטאָל
און הייס ווי פייער
אויסגעדונערט צו דער וועלט:
„מענשען-בלוט איז טייער!“

דעבס: אַ לעבען-לאַנג האָט ער פאַר אונז
געלעבט;
געלעבט און רויטע פאָן
געוועבט...
איצטער איז ער טויט... טויט און דאָך ניט טויט...

דעבס: ווייטער וועט ער וואַרפען אין דער נאַכט
זיין לעבען שיין;
ווייטער וועט ער פיהרען אונז,
נישט לאָזען אונז אליין —
אייביג, אייביג וועט ער לעבען
אונזער פאָלקס-טריבון —
אייביג
ווי די זון...

פון י. אדלער.



די הויז אין וועלכער דעבס איז געבוירען געוואָרען.

„מוטער־נאַטור! ווען דו וואָלסט אַפטמאָל ניט געשיקט דער וועלט אַזעלכע מענשען, וואָלט פאַרווילדעט געוואָרען דאָס פעלד פון לעבען!" — וועלען מיר זאָגען מיט די ווערטער פון א רוסישען דיכטער וועגען דעם פאַרשטאָרבענעם יודזשין וו. דעבס.

עס איז געווען די גרויסע ליבע, וואָס האָט געמאַכט זיין 71־יאָה־ריגען לעבען פאַר אַזא שעהנעם נשמה־לעבען — זיין גרויסע ליעבע צו די געדריקטע און באַרויבטע, וואָס האָט געשפּייזט זיין גרויסע שנאה צו די דריקער און די רויבער. אַט די ליעבע האָט עס געלויכטען אין זיינע טרויעריגע אויגען און דורכגעלויכטען זיין מענליכע פּערזענליכ־קייט און מילד און צאַרט געמאַכט זיין גאַנצען לעבענס־קאַמף. א גרויסער רחמנות איז שטענדיג געשטאַנען הינטער זיין גרויסען קאַמף, און א גרויסער קרבן איז פאַר איהם געווען דער קאַמף, און זיין לייד איז פאַר איהם געווען א פרייד. צו ווירקען ניט אַזוי דורך קאַמף, ווי דורך מאַרטירערטהום, איז פאַר איהם געווען א גרויסע פרייד. און זיינע גרויסע העלדען זיינען געווען ניט די גרויסע קריגס־פיהרער און ניט די גרויסע זיעגער, נאָר די גרויסע מאַרטירער.

* * *

און עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז זיין באַליעבטסטער העלד, וואָס האָט באַלויכטען פון קינדערווייז אָן זיין ערדישען וועג, איז געווען דזשאָהן בראַון, דער עקזאַלטירטער קעמפער פאַר די פאַרשקלאַפטע נעגרען, וואָס האָט ניט נאָר אויפגעאָפּפערט זיין אייגענעם לעבען, נאָר אויך געפיהרט צו דער עקדה פינף זיהן, און דריי פון זיי אין קאַמף מקריב געווען.

דעבס איז אַלט געווען פיער יאָהר, ווען דזשאָהן בראַון האָט געמאַכט דעם איבערפאַל אויף האַרפּער'ס פערי און פאַרכאַפּט דעם פעדעראַלען אַרסענאַל, כדי צו באַוואָפענען די נעגער־שקלאַפען און אויפצופלאַקערען דעם גרויסען, פיעל־געפירכטעטען אויפשטאַנד. בראַונ'ס הייל, וואָס איז באַשטאַנען פון זיינע זיהן און נאָך אנדער־

האלבען צעהנדליג מענשען, איז אבער געוועזן צו קליין. נאך א קורצער, פארצווייפעלטער שלאכט זיינען די מעהרסטע איבערפאלער געלעגען טויט. בראונ׳ען אליין האט מען גענומען געפאנגען, און א שווער־פארוואונדעטען האט מען איהם אין צוויי טעג שפעטער אויפגעהאנגען. דער שקלאפען־האלטער האט טריאומפירט. אין די שקלאפען שטאטען פון דרום האט מען דעם וואונדערליכען קדוש ערקלערט פאר א געמיינעם פארברעכער. און אפילו אין די פרייע שטאטען פון צפון האט מען איהם געזוכט ארויסצושטעלען פאר א ווילדען, ווילדען פאנאטיקער.

און דאך איז ניט אריבער קיין יאהר צייט, און צענדליגער און הונדערטער טויזענדער קעמפער האבען שוין מארשירט מיט דער פלאמיגסטער באגייסטערונג אונטער די קלאנגען פון דעם רעפריין:

John Brouns body lies a smoldering
but his soul goes marching on

דזשאהן בראון האט געווארפען דעם פונק, וואס האט צום סוף דאך אויפגעריסען דעם פולווער־מאגאזין. נאך אונגעהייערע מלחמות זיינען די נעגרען באפרייט געווארען. די שקלאפעריי איז אבער אלץ געבליבען אין אן אנדער פארם, אין דער פארם פון לוין־שקלאפעריי איז זי אלץ געבליבען — א שקלאפעריי פון ווייסע, אזוי ווי פון שווארצע; א שקלאפעריי, וואס איז אין פיעלע פרטים אזוי וויסט און ביטער, ווי די אמאליגע נעגער־שקלאפעריי.

און ווי האט עס דעבס געוואונשען צו זיין, אזוי ווי בראון, דער ווארפער פון דעם פונק, וואס זאל דעם פולווער־מאגאזין אויפרייסען!

עס איז געוועזן אמאל די טרויעריג־באריהמטע דרעד סקאט ענטשיידונג פון סופרים קאורט, אז שקלאפען זיינען אייגענטהום און ניט קיין מענשען, וואס האט געמאכט די דזשאהן בראונס צו פאר־לירען די גערולד און דוחק זיין דעם קץ. דער העכסטער געריכט אין לאנד, וואס האט געשקלאפט ביים שקלאפען־האלטער האט גע׳פסק׳ענט אז דער פרייער שטאט פון איללינאי מוז איבערענטפערען דעם שקלאף

דרעד סקאַט צו זיין האַר, אַזוי ווי דער נעגער וואָלט געווען אַן אַנט־לאַפענער אַקס און ניט קיין מענשליכע באַשעפעניש. און וויפיעל אַזעלכע שענדליכע פּסק דין׳ס פון די איצטיגע ריכטער און די איצ־טיגע פּאָליטישענס, וואָס שקלאַפען ביי די איצטיגע שקלאַפען־האַלטער, האָבען עס דעבס׳ן געטריבען צו פאַרלירען די געדולד, דוחק זיין דעם קץ, צו ווערען אַלץ ענטשלאָסענער, רעוואָלוציאָנערער!

און אַזוי ווי די אַלטע אידישע מאַרטירער, אַזוי פלעגט אויך דעבס געפיינינט זיין פון דער שטימונג: „ווען וועט עס קומען צו מיר און איך וועל עס מקיים זיין!" — ווען וועט ער אויך שטאַרבען מיט אַזאַ שטראַהליגען מאַרטירער־טויט, ווי אַ דזשאַהן בראַון! און איז ער געווען נאָך אַ יונגער יוניאָן־אָרגאַנייזער און מען פלעגט איהם סטראַשען מיט׳ן טויט דורך אַראָפּוואַרפען פון די אייזענבאַהן־צוגען אין מיטען נאַכט. אויפ׳ן שניי. און איז ער שוין געווען אַ בעריהמטער סטרייק־פיהרער און מען פלעגט איהם סטראַשען מיט אַ מעסער־טויט פון געדונגענע באַנדיטען, און איז ער שוין געווען אַ גרויסער סאָציאַ־ליסטישער פיהרער און מען פלעגט איהם סטראַשען מיט אַ טורמע טויט דורך דער געדונגענער יוסטיץ — האָט ער אַלץ געבייגקט נאָך דעם, געטרוימט פון דעם.

די איצטיגע שקלאַפען־האַלטער פיהלען זיך אָבער דערוויי׳ל פיעל זיכערער, איידער די אַמאָליגע שקלאַפען־האַלטער אין די צייטען פון דזשאַהן בראַון, און זיי זיינען נאָך ניט אַזוי פאַרצווייפעלט. און זיי האָבען אָפּגע׳פּטר׳ט דעבס׳ן נאָר מיט אַ פּאָר טערמינען טורמע און מיט אַ האַרץ־קראַנקהייט, וואָס ער האָט צום סוף אין טורמע געקראָגען און וואָס האָט איהם פאַרקירצט די יאָהרען.

און געשטאָרבען איז ער אַ פריעדליכען טויט, אויף אַ בעטעל אין אַ סאַניטאַריום — אַ דזשאַהן בראַון, וואָס איז געקומען פאַר דער צייט און דעם רומפולען דזשאַהן בראַון־טויט ניט דערלעבט.

* * *

עס איז געווען אַמאָל אַ צייט, ווען דער סאָציאַליזם האָט פאַר־כאַפּט אין אַמעריקע די שענסטע גייסטער. דאָס איז געווען אין

ערשטער העלפט פון פאריגען יאהרהונדערט. דאס איז אבער געווען דער אוטאפישער סאציאליזם, וואס האט אפעלירט דערהויפט צום שיין־גייסט, און די סאציאליסטישע באוועגונג איז געווען דערהויפט אן אינטעליגענטישע, וואס האט געמאכט מיט׳ן סאציאליזם אלערליי שיין־גייסטיגע עקספערימענטען. און אזוי לייכט ווי די באוועגונג איז אויפגעקומען, אזוי לייכט איז זי אויך פארשוואונדען. דער גרויסער קאמף פון יענער צייט, דער קאמף פאר דער נעגערשער באפרייאונג, האט אלע שעהנע גייסטער איינגעשלונגען. און ווען עס איז נאכ׳ן בירגער־קריעג אויפגעקומען שוין א ריכטיגע ארבייטער באוועגונג, א מאדערנע סאציאליסטישע באוועגונג, איז דאס געווען א באוועגונג פון אימיגראנטען, דערהויפט פון דייטשען. עס איז אינטערעסאנט, אז די ערשטע אמעריקאנער סעקציע פון דעם אינטערנאציאנאל איז אויך געווען א דייטשע.

מיר האבען געזעהן דאן אין אמעריקע אונגעפעהר דאס זעלבע, וואס מיר האבען געזעהן נאך דער טשארטיסטישער באוועגונג אין ענגלאנד. די ענערגישע און מוטהיגע פון די ענגלישע ארבייטער, וואס האבען געזאלט זיין די אנפיהרער פון א קעמפענדער ארבייטער באוועגונג, האבען אין גרויסע מאסען אויסגעוואנדערט אין אויסטראליע און אין קאליפארניע. און מוטיגע פונ׳ם עכט־אמעריקאנער ארבייטער פלעגען אויסוואנדערען אויפ׳ן פרייען פרעירי־לאנד, וואו זיי פלעגען פארלארען געהן פאר דער ארבייטער באוועגונג. דעם טאן אין דער באוועגונג האבען געגעבען די אימיגראנטען. און ווי א באדענלאזע אימיגראנטען־באוועגונג, האט זי געקענט זיין אדער גאר אן אפגעשטאנענע באוועגונג, וואס האט מיט׳ן לעבעדיגען לעבען ווייניג־וואס שייכות, אדער נאר א פלאם־פייער רעוואלוציאנערע באוועגונג, וואס האט ווידער מיט׳ן לעבעדיגען לעבען ווייניג־וואס שייכות. און אזוי ווי דער געשווינדער וואוקס פון קאפיטאליזם האט דאן ארויסגערופען א קאכיגע אונצופרידענהייט, און דער קאפיטאליזם האט נאך ניט באוויזען אריינצונעמען אזוי פעסט אין די הענט די פרעסע און די מיליץ, ווי ער האט עס שפעטער געטאן, איז די באדענלאזע באוועגונג געווארען באדענלאז־רעוואלוציאנער, אנארכיסטיש, באמביסטיש.

און אין יענער צייט האָט עס דעבס געמאַכט זיינע ערשטע טריט אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. זייענדיג ווייט פון די אימיגראַנטען־סאָציאַליסטען און זייער גערעקען־וועלט, האָט ער אָבער איסטינקטיוו געפיהלט און פאַרשטאַנען אַוואו עס ליגט די אמת'ע אינטערעסען פון די אַרבייטער. און ער האָט גענומען אָרגאַניזירען די אַמעריקען רײלוויי יוניאָן — אַ גרויסע, ענטשלאָסענע, רעוואָלוציאָנערע פאַראייניגונג פון 150 טויזענד אייזענבאַהן אַרבייטער פון אַלערליי פאַכען, וואָס האָט געזוכט גאַנץ אַנדערע וועגען, איידער די אַלטע, קאָנסערוואַטיווע, צושפּליטערטע פאַך־יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

אין אַמעריקע איז געוואָרען אַלץ אומרוהיגער. דער גרויס־קאַפּיטאַל, אין געשטאַלט פון אויפגעקומענע טראַסט־מאַגנאַט, האָט אַלץ פרעכער אַרויפגעדריקט די פּוס אויפ'ן האַלז פון אַמעריקאַנעם קליין־מענשעלע, פון פאַרמער, פון אַרבייטער. און צוגעשטיקטע סיי ווי מיטעל־מענשען און סיי ווי פּראָדוצירער און סיי ווי פאַרברויכער, האָבען זיי אַלץ קאָנוואולסיווער אויפגעצאַפּעלט. אויפ'ן פּאַפּיר זיינען שוין דאַן געווען אַנטי־טראַסט געזעצען, אָבער מעהר ניט ווי אויפ'ן פּאַפּיר. סיי די רעפּובליקאַנישע אַדמיניסטראַציע (העריסאָן) און סיי די דעמאָקראַטישע אַדמיניסטראַציע (קליוולאַנד) האָבען די אַנטי־טראַסט געזעצען ערנסט ניט גענומען. און אי די פאַרמער אי די אַרבייטער זיינען געווען אומרוהיג. ביי די פאַרמער האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין גרויסע רויט־געפאַרבטע פּאָליטישע באַוועגונגען, ביי די אַרבייטער — אין גרויסע און פאַרביטערטע סטרייקס.

און דער פיהרער פון דעם גרעסטען סטרייק פון יענער צייט (מיט 32 יאָהר צייט צוריק) איז געווען דעבס. דאָס איז געווען דער סטרייק פון דער אַמעריקען רײלוויי יוניאָן, וואָס איז אַרויס, אונטער'ן איינפלוס פון דעבס'ן, אין אַ סימפּאַטיע־סטרייק צו העלפען דעם פּולמאַן סטרייק. און דעבס איז געוואָרען דער באַגייסטערטער פיהרער פון דעם גרויסען אַרבייטער־קאַמף, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט.

דער קאפיטאליזם איז שוין אבער געווען פיעל בעסער צוגעגרייט. און ער האט געמאכט א גיכען סוף פון סטרייק, אזוי ווי פון דער „בונטארסטווא“ פון די פריהעריגע יאהר־צעהנדליגער. און ווען די קאפיטאליסטישע גערעכטיגקייט האט פארפאקט דעבס'ן אין טורמע, האט ער איז דער פינסטערניש פון זיין טורמע־קעמערעל דערזעהן דאס ליכט פון סאציאליזם. די טורמע פון אמעריקאנעם בורזשוא האט אזוי ווייניג געהאלפען, ווי די טורמעס פון רוסישען צאר. דעבס איז ארוים פון טורמע א קלאסענבאוואוסטער פארקעמפער פון די ארבייטער.

און אזוי ווי די טורמע האט איהם געבראכט צום סאציאליזם, האט אים א קורצע צייט שפעטער די ענטוויקלונג אין בריעניזם גע־בראכט אויך צו דער סאציאליסטישער באוועגונג. און דער געוועזענער לאקאמאטיוו־הייצער, דער ענטשלאסענער קריעגער מיט די גוטע, מילדע אויגען פון א קינד, איז געווארען דער טשעמפיאן פון ערוואכטען ארבייטער, דער נייער נביא פון דער נייער לעהרע אין דער נייער וועלט.

* * *

דעבס האט דעמאלסט געהאט פאר זיך אין דער ארבייטער באַ־וועגונג, פון איין זייט גאמפערס'ן און דעם גאמפערסיזם, אז די באַ־וועגונג איז אלץ און דער ציעל איז גארנישט, און פון דער צווייטער זייט דעליאנ'ען און דעם דעליאניזם, אז די באוועגונג איז גארניט און דער ציעל איז אלץ. און דעבס האט פארנומען א פאזיציע צווישען די צוויי, אז די באוועגונג און דער ציעל זיינען גלייך וויכטיג, אז מען מוז האבען א באוועגונג, וואס איז באזעלט פון א גרויסען ציעל, און מען מוז האבען א ציעל, וואס איז פארקערפערט אין א גרויסער באוועגונג.

און דאס זיינען געווען די גענאסען ארום „פארווערטס“, וואס האבען שוין דעמאלט דעבס'ן ריכטיג אפגעשאצט, בעת די דעליאניסטען האבען איהם געווויסענלאז געשימפט. אונזערע גענאסען האבען איהם מוחל געווען אפילו זיין סאציאליסטישע אוטאפיע פון א „קאלאניזאציע־פלאן“, און אפילו אויך זיין באריהמטען בריעף צו דזשאהן די ראק־

פעלער, אז דער הויפּט־רויבער באראָן פון דער סטענדערד אויל זאָל דעם קאלאניזאציע פּלאַן אונטערשטיצען און דעם סאָציאַליזם פאַר־ווירקליכען. און זיי האָבען איהם מיט'ן שעהנסטען ענטהוזיאסטישען צוטרוי אויפגענומען.

אזוי איז דעבס געגאנגען, אין זיין 50 יאָהריגען ארבייטער־דינסט, פון בראָדערהוד צו דער ריילוויי יוניאָן און צו בעלאַמי'ס סאָציאַליזם, און צו דער ס. ד. א. און ס. ד. פּ. און די ס. פּ., וואו ער האָט שוין די לעצטע 29 יאָהר. ביז דער טויט האָט איהם אָפּגעשטעלט, אזוי באַ־גייסטערט געלעבט און געווירקט

און ניט זייענדיג קיין טרוקענער טהעאָרעטיקער, און טראָגענדיג אין הארצען הייסע, רויטע בלוט און ניט קיין שמות פון א סאָציאַ־ליסטישען חומש, איז זיין שייכות צום סאָציאַליזם געווען א פּיעל אינטימערע, איידער ביי פּיעלע פון די געשוואָרענע טהעאָרעטיקער. און ווען עס איז געקומען דער וועלט־קריעג, דער מאָמענט פון גרויסען נסיון, האָט מען עס ריכטיג דערזעהן. די „אינטעליגענטען", וואָס האבען געטראָגען דעם סאָציאַליזם מעהר אין קאָפּ, איידער אין בלוט, האבען ניט אויסגעהאַלטען. דעבס, דער הארץ־סאָציאַליסט, האָט אָבער אויסגעהאַלטען. ער האָט דעם הייליגען פייער אין די קריטישסטע מאָמענטען און ביז'ן סוף אויפגעהיט.

און ווען די קאַפּיטאַליסטישע גערעכטיגקייט האָט איהם ווידער פאַרפּאַקט אין טורמע, האָט איהם די סאָציאַליסטישע פּארטיי ווידער און ווידער פאַר איהר באַנער־טרעגער ארויסגעשטעלט — דעם פּאָ־ליטישען פארברעכער, פאַר איהר פּרעזידענט־קאַנדידאַט. און אין אַרעאַל פון מארטירערטהום, אין די קליידער פון אַן ארעסטאַנט און מיט דער נשמה פון א נביא, האָט ער ווידער און ווידער אויף א באַגייסטערטען אופן פאַר'ן סאָציאַליזם געווירקט.

און קיינע ענטוישונגען האָבען זיין גייסט ניט געבראָכען. יאָהר־צעהנדליגער נאָך יאָהרצעהנדליגער האָט ער זיך אַליץ געטראָגען, ווי א פלאַמיגער ווירבעל־ווינד, פון ניו יאָרק ביז סאַן פראַנציסקאָ, פון איין ים ביז'ן צווייטען, איבער די בערג און טאָלען פון גרויסען לאַנד,

און געטראָגן אומעטום די פייערדיגע נביאות, און איבערגעלאָזן אומעטום דעם ליכט-שפּור פון זיין פּערזענליכקייט, פון זיין רעבילירענ־דער ליעבע און זיין הייליגער שנאה.

* * *

עס איז געווען מיט 29 יאָהר צוריק, אין דאַמאָלסדיגען טהאַליא טהעאַטער, ווען דעבס איז אַריינגעטראָטען צום ערשטען מאָל אויף א „פּאַרווערטס" מיטינג ווי א באַקערטער סאָציאַליסט, און מיר האָבען געגלויבט, אַז באַלד - באַלד און די גרויסע אַמעריקאַנער ארבייטער מאַסען וועלען זיך נאָך איהם צו אונז א לאָז טאָן. דעבס האָט מיט גרויס פייער גערעדט וועגען אונזער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און ער האָט זי פאַרגליכען צו א שיף, וואָס איז אַרויס זוכען א נייע וועלט. און פאַהרט יאָהרען און יאָהרען, דורך חושך און שטורעם, און קיין סימן פון קיין ברעג זעהט מען ניט.

און איצט, אויפ'ן טרויער מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, וואו עס איז שוין געווען נאָר זיין בילד איינגעהילט אין שוואַרצען, האָט דער שרייבער פון די ציילען אַלץ נאָך איהם געזעהן פאַר זיך, ווי ער איז אַמאָל, מיט 29 יאָהר צוריק געשטאַנען, מיט'ן באַגייסטערטען פּנים, מיט די לויכטענדע אויגען, מיט די הענט אויסגעשטרעקט ווייט־ווייט פאָראויס, און ער האָט געמינטערט און געפייערט, אַז מען זאָל ניט פאַרלירען דעם מוטה און דעם גלויבען, אַז דער גליקליכער ברעג איז נאָהענט, נאָהענט.

29 יאָהר — און דער עולם איז אויך אויף דעם טרויער־מיטינג געווען נאָך אַלץ אַז אימיגראַנטישער, א אידישער.

און דער קאַפּיטאַן, דער אויפמונטערער, דער הייליגער איז טויט.

אין דער גאַנצער וועלט מיט מענשען קען מען געפינען זעהר ווייניג אַזעלכע אַלגעמיין אַנערקענטע נשמות, ווי יודזשין וו. דעבס. אַ פלאַמעדיגע רעוואָלוציאָנערע נשמה, וואָס זשאַלעוועט ניט אַרויפ־צוציהען אויף זיך דעם שרעקליכסטען האַס פון די מעכטיגסטע, פון די פאַרביסענסטע אונטערדריקער, פון אַלע די וואָס מאַנופעקטשורען די געדאַנקען און געפיהלען פון די מיליאָנען מיליאָנען־קעפיגע מאַסען; און דאָך איז עס זיי ניט געלונגען אָפּצושוואַכען ביי קיינעם אפילו אויף איין האָר די ממש פאַרגעטערונג וואָס ער געניסט ביי אַלעמען. עס איז פּשוט ניטאָ קיינער, וואָס זאָל האָבען אפילו דעם מינדעסטען ספק אין די ריינע גאָלד פון זיין נשמה.

אפילו די גיפטיגסטע צינגער פון זינאָוויעוו און זיינע תלמידים, וועלכע שאַנעווען ניט די ערעלסטע און די בעסטע סאָציאַליסטישע לעהרער, קעמפער און פיהרער פון אַלע לענדער און פעלקער, וועלכע באַטיטלען זיי אַלע מיט די שענדע נעמען פון „געדונגענע קנעכט פון דער בורזשואַזיע“ און אַזוי ווייטער, — אפילו זיי בלייבען פאַרשטיי־נערט נעגען דער מאַיעסטעט פון דעבס׳עס זעלען־אדעל.

פאַר זיי אָבער האָט אַזאַ קריסטאַלענע עטהישע ריינקייט פון דער נשמה פון דעם סאָציאַליסטישען פיהרער קיין שום ווערדע ניט. ווייל נאָך זיין טעאָריע איז דאָס גאָר „אַ שטערונג צו דער רעוואָ־לוציאָנערער דורכשלאָגענקייט“. דאָס מאַכט נאָר טעמפּ די שאַרפקייט פון די רעוואָלוציאָנערע וואָפען. דאַרום איז ביי זיי יעדע עטישע נאָבעלקייט ניט מעהר ווי אַ „בורזשואַזער אַבערגלויבען“.

אָט נעמט נאָר דעם איינעם ביישפּיל: די עטישע נאָבעלקייט האָט געבראַכט דעבס׳ן, ער זאָל אַליין צוריקקומען אין פּריזאָן כדי צו האַלטען זיין עהרען־וואָרט. העיוואוד, דאַגעגען, איז געווען פריי פון אָט דעם „בורזשואַזען אַבערגלויבען“, האָט ער טאַקי געהאַט די מעג־ליכקייט זיך צו באַפרייען פון פּריזאָן און צו אַנטלויפען קיין רוסלאַנד „דיענען די רעוואָלוציע“.

אבער טאַקי צוליעב די זעלבע אורזאַכען איז אונזער דעבס אזוי אונשעצבאַר טייער, אַזוי הימליש הייליג פאַר אונז, פאַר דעם ווירקלי־כען רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט. ווייל דער געדאַנק, אַז מען מעג אַלעס, אַז אַלץ איז הפקר־פּעטרושקע, אַז מען שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שום עהרען־פליכט, פאַר קיין שום געוויסענהאַפטיגקייט, מאַכט מען דעם וועג פריי פאַר דער פּריוואַטליכער רעוואָלוציע, — דיזער געדאַנק איז שקר וכזב. פּונקט פאַרקעהרט איז די מעשה: דער גלענצענדסטער דיענער פאַר די כחות פון דער רעוואָלוציע איז אַזאַ קריסטאַל־ריינע עטישע נשמה ווי אונזער נאָבעלער יודישין דעבס.

דעבס איז אונזער גלענצענדער רעוואָלוציאָנערער באַנער־טרעגער ניט בלויז מיט זיין פייערדיגער רעוואָלוציאָנערער צונג און מיט זיין ליכטיגען רעוואָלוציאָנערען מח, נאָר אויך, און נאָך מעהר, מיט זיין גאָלדענע נשמה, מיט זיין נאָבעלער הארץ.

ווייל אהן מאָראַל האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קיין שום האָפּט ניט.

ווי איז דען מעגליך מקיים צו זיין „אַרבייטער פאַראייניגט אייך!" ווען עס ווערט ניט ביי זיי קולטיווירט, אַלס אַ צווייטע נאַטור, צו האַלטען הייליג זייערע מאָראַלישע פליכטען צו אַנדערע?

ווען מען געוואוינט זיך ניט צו היטען אַן עהרען־פליכט ווי אַ הייליגער היט זיין גאָט׳ס געבאָט, איז קיין צוטרויען ניטאָ, און אָהן צוטרויען ווי קען זיין פאַראייניגונג?

און ווי איז מעגליך צו מאַכען אַ וועלט מיט מענשען פאַראינטע־רעסירט צו שאַפען אַ גליקליכען לעבען פאַר דער „מענשהייט", ווען עס ווערט ניט ביי זיי קולטיווירט אַ וואַרימער געפיהל פון מיטלייד מיט מענשענ׳ס ליידען און פון אינטערעס אין מענשענ׳ס וואָהל־זיין? ווען מען מאַכט עס ניט פאַר אַ הייליגער געוואוינהייט צו האָבען אַ הייסען מיטגעפיהל מיט די מיט־מענשען, וואָס געהט עס ועמען אַן צו פאַרזאָרגען די „מענשהייט"?...

דארום איז קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג מיט אַ האַפּט ניט מעגליך אָהן אַ שטאַרקע פאַרבינדונג מיט אַ שטרענגע עטישע קולטור. איידער מענשען ווערען גוטע סאָציאַליסטען, מוזען זיי פריהער זיין גוטע מענשען!

מיר האַלטען עס פאַר אַזוי וויכטיג צו ענטוויקלען אין אונזערע מאַסען אַלערליי „קולטור": ליטעראַרישע קולטור, קונסט קולטור, מוזיקאַלישע קולטור, און אַזוי ווייטער. אָבער פיעל וויכטיגער ווי די אַלע מינים „קולטור", איז פאַר אונזער באַוועגונג צו ענטוויקלען אין די מאַסען עטישע קולטור; — איידעלע מאָראַל געפיהלע, די ערשטע באַדינגונג פון מענשליכע מענשען, אָהן וועלכע קיין שום פּרינציפּיעלע באַוועגונג איז ניט מעגליך.

מיר זעהן, ווי פון אונזערע באַוועגונגען ווערט אָפט אַ חורבן דערפון, ווייל עס פעהלט צווישען אונז איינפאַכע עלעמענטאַרע מענשליכקייט. וואָס דאָס פעהלען האָבען יעצט די קאָמוניסטען דערהויבען צום „פּראָלעטאַרישען פּרינציפּ"...

צו דיעזע חולאת זיינען אַזעלכע גאָלדענע נשמות ווי אונזער מאָראַליש הייליגער יודזשין דעבס די ריכטיגע רופאים. מיט זייער ביישפּיל פון עטישע הייליגקייט, פון הייסע מענשען־ליעבע, פון נאָבעלע עהרליכקייט אין יעדער באַציהונג, ברייגען זיי אַריין אין אונזער באַוועגונג די מאָראַלישע קדושה, וועלכע איז מעהר נויטווענדיג פאַר דעם געזונד פון דער באַוועגונג ווי יעדע וויסענשאַפטליכע פּראָפּאַגאַנדע אין רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע איז, אָהן אַזאַ מאָראַלישע ריינקייט.

וואָס פאַר אַ קראַפט, וואָס פאַר אַ האַפט קען האָבען אונזער אַגיטאַציע וועגען די פאַרברעכען און די אונגערעכטיגקייטען און די פאַלשקייטען פון די הערשענדע קלאַסען, ווען מיר קענען ניט אויפווייזען אַן איידעלערע מענשליכקייט אין אונזערע רייהען? כדי אַז אונזערע געשרייען וועגען די עולות און פאַלשקייטען פון די קאַפּיטאַליסטישע וועלט זאָל האָבען די געוואונשטע ווירקונג, איז נויטיג, אַז מיר זאָלען האָבען אויפצואווייזען אַ פיעל בעסערען מענשען מאַ־

טעריאַל צווישען אונז. דערצו העלפט אונז אַזאַ נשמה פון הונדערט פּראָצענטיגע גאָלד ווי אונזער דעבס.

מען דאַרף בלויז פאַרגלייכען דעם איינדרוק וואָס דעבס האָט געמאַכט ווען די רעגירונג האָט איהם געשענקט דאָס פאַרטרויען איהם אַרויסצולאָזען פון פּריזאָן אָהן שום שמירה, אָהן שום בייל, בלויז אויף זיין עהרען־וואָרט אַלס אַ דזשענטעלמען — מען דאַרף דאָס בלויז פאַרגלייכען מיט דעם איינדרוק וואָס העיוואָוד'ס אַנטלויפען האָט געמאַכט, לאָזענדיג פאַרפאַלען ווערען צעהנדליגע טויזענדער דאָלאַר, וואָס זיינע פריינד האָבען איינגעשטעלט אין זייער פאַרטרויען אויף איהם, — מען דאַרף בלויז דיזע צוויי איינדריקע פאַרגלייכען, אום צו קריגען אַ באַגריף, וויפיעל קראַפט די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע האָט צוגעוואונען דורך אַזאַ הונדערט־פּראָצענטיגע גאָלדענע נשמה ווי יודזשין וו. דעבס!

חיים קאַנטאָראָוויטש

# יודזשין וויקטאָר דעבס
# זיין לעבען און אַרבייט

.1

צווישען די גרויסע גייסטער וואָס וועלען אויף אייביג פאַרשרייבען ווערען מיט גאָלדענע ווערטער אין דער אמעריקאנער געשיכטע, וועט יודזשין וויקטאָר דעבס פאַרנעמען אַ זעהר בכבוד׳יגען פּלאַץ, ווייל דעבס איז געווען מער ווי אַן ארבייטער־פיהרער, מעהר ווי אַ סאָציאַליסטישער באַנער־טרעגער, ער איז געווען דער געוויסען פון אמעריקע, איינער פון די געציילטע יחידים אין וועמען עס האָט געלעבט די אמת דעמאָקראַטישע און פרייהייטלאַכע טראַדיציעס פון דער אַלטער אַמעריקע. אַ באַקאַנטער ענגלישער סאָציאַליסט וואָס איז לעצטענס געווען צו גאַסט אין אַמעריקע האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אין אַמעריקע ווערט פּאָפּולער דער סאָציאַליזם, אָבער אומפּאָפּולער די סאָציאַליסטען. ער האָט געמיינט דערמיט ארויסצוברייינגען דעם געדאַנק, אַז ביי אונז אין אַמעריקע זיינען צווישען די סאָציאַליסטישע פיהרער ניטאָ אַזעלכע פּאָפּולערע, ברייט און ווייט באַוואוסטע, און פון אַלעמען געערטע סאָציאַליסטישע פיהרער ווי עס זיינען געווען צ. ב. ש. אַ קיר האַרדי אין ענגלאַנד, בעבעל אין דייטשלאַנד, זשאָרעס אין פראַנקרייך א. א. וו. דער ענגלישער גאַסט וואָלט אפשר געווען גערעכט זיין ווען ער לייגט צו די ווערטער, אויסער, נאַטירליך, יודזשין וויקטאָר דעבס. דעבס איז געווען באַקאַנט, באַליבט און געערט אין אמעריקע, פון די אמעריקאנער אַרבייטער, אזוי גוט ווי פון דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ און פון דעם פּראָגרעסיווערען טייל פון מיטעל־קלאַס און פון דער בורזשאַזיע, אפשר פיעל מער ווי ווער עס איז פון די אויבען דערמאָנטע פיהרער פון דער אייראָפּעאיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אמת, אין דעם איז שולדיג פיעל מער זיין ליכטיגע פערזענליכקייט, זיינע איינגעבאָרענע אינווייניגסטע מעלות, ווי זיין סאָציאַליזם, פאַר זיין סאָציאַליזם האָט מען איהם פאַרקערט פאַרהאַסט, און זיין גאַנצען לעבען פאַרפאָלגט, אָבער זיין פּאָפּולאַריטעט פאַרקלענערט דאָס ניט. בשעת דעבס איז געזעסען אין דעם אַטלאַנטער געפענגעניש האָט רוט לע פרייד, אַרויסגעגעבען אַ בוך מיט׳ן נאָמען: „דעבס און די פּאָעטען“. דאָס איז געווען אַ גליקליכער איינפאַל. אין דעם בוך זיינען צום ערשטען מאָל צונויפגעזאַמעלט געוואָרען אַלע

וואָס אַמעריקאַנער און אויך מאַנכע ענגלישע פּאָעטען, קינסטלער און דיינקער, האָבען וועגען דעבס'ן געשריבען. פון דעם בוך קען מען זען ווי געוואַלדיג פּאָפּולער און באַליבט דעבס איז געווען ביי דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ, מענשען וואָס זיינען מיט זיינע אידעען ניט מסכים, אפילו אזעלכע וואָס האָבען אַלע מאָל זיינע מיינונגען באַקעמפט, האָבען אַלע מאָל געהאַלטען פאַר זייער חוב עפּענטליך, דערקלערען זייער אַכטונג און ליבע פאַר דעבס'ן דעם מענש, דעם טרוימער, דער קעמפּער געגען אַלץ וואָס איז שלעכט און מיאוס אין מענשליכען לעבען. עליס ב. הערים האָט אין אַ ליד געווידמעט דעבס'ן, דעם שטאַנדפּונקט פון אַט דער אינטעליגענץ זייער גוט אויסגעדריקט אין די פאָלגענדע שורות:

— — — A dreamer?
Yes, he was a dreamer
But, all his dreams
were for you

אין דער געשיכטע פון אַמעריקע איז אַ בכבוד'יגער פּלאַץ פאַר דעבס'ן פאַרזיכערט.

אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג וועט דעבס פאַרנעמען דעם אויבענאַן. ניטאָ דערוויילע קיינער מיט וועמען ער זאָל אַט דעם כבוד דאַרפען טיילען. דעבס איז גלייכצייטיג געווען אי פיעל מעהר ווי אַ פיהרער אי פיעל ווייניגער. דער פיהרער איז געוועהנליך דער פּראַקטישער מענש אין אַ פּאַרטיי, דער קלוגער און שאַרף־זעענדיגער סטראַטעג, דער קאַלטער פּראַקטישער אויסגערעכענטער מענש, וואָס וועגט און מעסט יעדען שריט פון זיין פּאַרטיי און פון אַלע געגנערישע פּאַרטייען; וואָס רעכענט אויס די פאָלגען פון יעדען שריט, און נוצט אויס יעדען פאַלשען שריט אָדער טעות פון דעם צד שכנגד. דעבס איז דאָס ניט געווען. דעבס איז געווען פּונקט דער היפוך פון אַט דעם טיפּ קאַלט־פּראַקטישען סטראַטעג. דעבס איז געווען פול מיט באַגייסטערונג, מיט טיפען גלויבען אין זיין אידעאַל, מיט ליעבע צו אַלע מענשען, מיט צוטרויען אָפט אפילו צו די וואָס האָבען זיין צוטרויען ניט פאַרדינט, און אפילו

מיסברויכט, אַזאַ מענש איז ניט צוגעפּאַסט צו זיין דער פּראַקטישער פיהרער פון אַ קעמפּענדער פּאַרטיי. ניט דעבס האָט געשמידט די טאַקטיק פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דעם זין איז ער קיין פיהרער ניט געווען, ער איז אָבער געווען פיעל מעהר ווי א פיהרער, ער איז געווען די הארץ און די נשמה פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דער אייביגער באַגייסטערטער טריבון פון דעם אַמעריקאַנעם סאָציאַליזם, איהם איז מען נאַכגעגאַנגען ווייל ער האָט פאַר'כשופ'ט מיט זיין אייגענעם הייסען און טיפען גלויבען, מיט זיין געוואַלדיגען אידעאַליזם און איבערגעבענהייט. וואָס צעהנדליגער טעאָרעטיקער וואָלטען ניט געקענט אויפטאָן מיט זייערע טיפע, לאָגישע טעאָרעטישע ווערק, האָט דעבס דערגרייכט מיט'ן כח פון זיין אייגענעם גלויבען און באַגייסטערונג וועלכע ער האָט אויף א מערקווירדיגען אופן געקענט איבערגעבען צו אלע וואָס זיינען נאָר געקומען אין באַריהרונג מיט איהם. ניט ציפערען און ניט ציטאַטען זיינען געווען דעבס'עס וואַפען, נאָר זיין מאַגנעטישע פּערזענליכקייט. דעבס האָט מעהר צוגעצויגען ווי איבערציינט, מעהר געפאַנגען נשמות ווי באַקערט מוחות. ער איז געווען א פיהרער, אַליין דאָס ניט וועלענדיג, איהם איז מען נאַכגעגאַנגען ווי מען געהט נאָך די ליכטיגע שטראַלען פון דער זון, ער האָט צו זיך צוגעצויגען, איהם האָט מען געוואָלט נאַכגעהן, און עס איז געווען א פאַרגעניגען פון איהם געפיהרט ווערען. דעבס איז ניט געווען דער פיהרער אין פשוט'ן זין פון וואָרט, ער איז געווען פיעל, פיעל מעהר, ווי א פיהרער. אויב מען מוז שוין געפינען א ספּעציעלען נאָמען צו באַצייכענען דעבס'עס פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועט זיין פיעל אמת'ער צו זאָגען אז ער איז געווען איהר נביא. מעהר ווי איהר פיהרער. דעבס איז געווען צו גרויס צו זיין א פיהרער, צו גרויס צו באַשעפטיגען זיך מיט די קליינע פּראַקטישע אַלטעגליכע ארבייטען, הגם פאַר דעם לעבען פון א פּאַרטיי זיינען אַט די „אַלטעגליכע" קלייניגקייטען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. פאַר זיין גייסטיג אויג איז אימער געשטאַנען דאָס בילד פון דער שעהנער ליכטיגער צוקונפט, דאָס בילד פון דעם גליקליכען מאָרגען, דער היינט האָט פאַר איהם עקזיסטירט בלויז אויף

אזוי פיעל, וויפיעל ער איז א בריק צום מאָרגען, ער האָט געלעבט אין דעם היינט אָבער ניט פאר'ן היינט, ער איז דורך און דורך געווען דער מענש פון דער צוקונפט.

דאס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען דעבס'ן אלס טעאָרעטיקער. די וואָס קרוינען איהם מיט אָט דעם נאָמען פארטייטשען שלעכט דאָס וואָרט טעאָרעטיקער. דער טעאָרעטיקער איז מערסטענס דער קאבינעט־מענש, דער אָביעקטיווער פאָרשער, דער וואָס אפערירט מיט לאָגישע ארגומענטען, מיט ציפערען, מיט אָביעקטיווע פאקטען, דעבס איז דאָס ניט געווען. ער איז געווען דער פאלעמיקער אגיטאטאָר, דער באגייסטערער, דער וואָס האָט געקענט אזוי שעהן מאָלען זיינע חלומות, אז זיינע צוהערער און לעזער זאָלען אין זיי אָנהויבען גלויבען: ער האָט ארויסגערופען גלויבען און באגייסטערונג, מעהר ווי איבערצייגנג.

דעבס רעדט אָפט פון מארקס'ן, ער ציטירט אָפט פון די שריפטען פון מארקס, ענגעלס און אנדערע טעאָרעטיקער פון מארקסיזם, ער דערצעהלט אפילו אז קאוטסקיס שריפטען, מיט וועלכע ער האָט זיך באקאנט בשעת ער איז געזעסען צום ערשטען מאָל אין תפיסה, אין סטאקטאן, איל. האָבען איהם די אויגען געעפענט. ער רופט זיך ביי יעדער געלעגענהייט מארקסיסט, פונדעסטוועגען וועלען זייער ווייניג מארקסיסטען אים פאר א מארקסיסט אננעמען. אויב דעבס איז געווען א מארקסיסט, איז ער געווען א מארקסיסט פון א גאנץ ספעציעלען מין. ער האָט דעם מארקסיזם גופא אויפגענומען מעהר מיט דער נשמה ווי מיט'ן מח. די פילאָסאָפישע און סאָציאָלאָגישע יסודות פון מארקסיזם זיינען איהם פארבליבען פרעמד. דעבס האָט געהערט צו יענעם מין מענשען וועלכע וויליאם דזשיימס האָט באצייכענט אלס „צערטליכע נשמות" Tender minded ווייכהארציגע, מענשען וועמעס עצם טבע עס רעוואָלטירט נעגען אומגלויבען, געגען פעסימיזם, וועמעס טעמפעראמענט דערלויבט זיי ניט אויפצונעמען, און זיכער ניט באגייסטערט ווערען פאר דער הארטער קאלטער אָביעקטיווער וויסענשאפט, הגם אָפט קליידען זיי אָן זייערע סוביעקטיווע וואונשען אין אָביעקטיווו וויסענשאפטליכע מאנטעלאך. דעבס און די עקזאקטע

וויסענשאַפטען, — דעבס און דער מאַטעריאַליזם, — דאָס איז זיך שווער פאַרצושטעלען, ער איז אינגאַנצען לויט זיין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט געווען דער היפוך דערפון. דעם מאַרקסיזם האָט דעבס אויפגענומען מעהר אַלס תורה פון רעוואָלט געגען קאַפּיטאַליזם, ווי אַלס וויסענשאַפטליכע טעאָריע פון סאָציאַלע רעוואָלוציע. ניט ווילענדיג און ניט וויסענדיג איז דעבס געווען איינער פון די ערשטע וואָס האָבען אינטערפּרעטירט דעם מאַרקסיזם אידעאַליסטיש; (הגם דירעקט האָט ער דאָס קיינמאָל ניט געטאָן), ווענלכער האָט געזעהן ניט בלויז דעם טראַדיציאָנעלען, און מען מעג אויך זאָגען דעם פאַר־גרייזטען בילד פון מאַרקס'ן דעם קאַלטען וויסענשאַפטס־מאַן, דעם אביעקטיווען אַנאַליטיקער, וואָס האַלט אין איין וועגען און מעסטען פאַקטען און ציפערען, נאָר אַן אידעאַליסט, אין וועמעס האַרצען די ביינקשאַפט נאָך אַ שעהנערען און בעסערען לעבען האָט זיך צופלאַ־קערט אין אַ העלישען פייער, אַ מענש וואָס איז גרייט מקריב זיין זיך און זיינע ליבסטע פאַר זיין אידעאַל, אַ מענשען אַ גלויביגען, וואָס גלויבט אין זיין אידעאַל מיט ניט ווייניגער ברען אויפער און פאַנאַ־טיזם, ווי די אַלע רעליגיעזע מאַרטירער וואָס האָבען זייערע לעבענס מקריב געווען פאַר זייערע גלויבענס. אָט אַזוי האָט מאַרקס אויסגעזעהן ביי דעבס'ן, ווייל אַזאַ איז דעבס אַליין געווען.

אין דעבס'ן האָט די סאָציאַליסטישע און ארבייטער באַוועגונג פאַרלאָרען ניט אַזוי פיעל אַ פיהרער און טעאָרעטיקער ווי אַ נביא, און נביאים זיינען פיעל, פיעל זעלטענער ווי פיהרער און טעאָרעטיקער.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט לעבט איצט איבער אַן איבערגאַנגס קריזיס, אין אַמעריקע איז אפשר דער קריזיס שטאַרקער ווי אומעטום, אפשר טאַקי דערפאַר ווייל די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקא איז שוואַכער. איינס פון די רעזולטאַטען פון דעם קריזיס איז דער ביטערער ברודער קאַמף אין די רייען פון די סאָציאַליסטען גופא. קיין מאָל אין דער געשיכטע פון דער ארבייטער באַוועגונג איז נאָך דער ברודער קאַמף ניט געווען אַזוי ביטער און אַזוי ניט „ברודערלאַך", קיין מאָל איז מען נאָך ניט

איז א פראקציאנעלע קאמף אזוי ווייט אוועק פון די אריגינעלע פרינ־
ציפיעלע און טעארעטישע חלוקי דעות איבער וועלכע דער קאמף
האט זיך אנגעהויבען, און קיין מאל האט מען נאך אזא קאמף
ניט געמאכט אזוי פערזענליך. אזעלכע פערזענליכע זידלערייען, בא־
לידיגונגען, אומזיניגע באשולדיגונגען און אינסינואציעס אויף פער־
זאנען ווי מען הערט היינט, אדער ווי מען קען לייענען, היינט אין
דער ארבייטער פרעסע, (דערמאנט זיך נאר ווי אונזערע אמעריקאנער
קאמוניסטען האבען די גאנצע צייט גערעדט וועגען דעבס׳סן !) זיינען
קיין מאל פריהער ניט געהערט געווארען. די מעטאדע פון זידלען
אנשטאט פאלעמיזירען, פון דיסקרעדיטירען פיהרער, אנשטאט צו בא־
קעמפען זייערע אידעען, פון פארבייטען סאציאליסטישע אויפקלערונג
אויף זידלעריי, אויף רכילות און ליגענס, דאס איז דער ספעציעלער
בייטראג פון דעם נייעם קאמוניזם צו דער סאציאליסטישער טאקטיק.
ועמען האבען שוין די אמעריקאנער קאמוניסטען, (און איבערהויפט
די אידישע אמעריקאנער קאמוניסטען) ניט באשמוצט, און וועלכע
זינד האבען זיי שוין ניט באשולדיגט יעדען פיהרער פון דער סאצי־
אליסטישער פארטיי און פון דער טרייד יוניאן באוועגונג ? איין אויס־
נאמע האבען זיי אבער געמוזט מאכען, ארויסקומען געגען דעבס׳ן
מיט די אלע נארישע און לעכערליכע באשולדיגונגען וואלט פאר זיי
שוין אפילו געווען צופיעל. פון דעבס׳ן האבען זיי חוזק געמאכט,
צו דעבס׳ן האבען זיי געזייט מיסטרויען. דעבסעס אידעען האבען זיי
אויסגעלאכט, אבער זיין פערזענליכקייט האבען אפילו זיי געמוזט צו
רוה לאזען, ווייל עס איז זעלטען ווען צו געפונען א מענשען מיט אזא
שעהנעם און ריינעם פערזענליכען און פאמיליע לעבען ווי דעבסעס.
אין זיין לאנגען און שטורמישען לעבען, און די פיעלע יאהרען וואס
ער איז געשטאנען בראש פון דער סאציאליסטישער באוועגונג, קען
מען אויף זיין פערזענליכען רעקארד קיין איין שפרינקעלע ניט געפינען.
דעבס אליין, אזוי גוט ווי די גאנצע דעבס פאמיליע, איז די פארקער־
פערונג פון גוטסקייט, עהרליכקייט, פריינדשאפט און זעלבסט אויפ־
אפפערונג. דעבס דער אידעאליסט אין דער באוועגונג, איז געווען
פונקט אזוי פיעל אידעאליסט אין זיין פריוואט לעבען.

— 2 —

יודזשין וויקטאָר דעבס איז געבוירען געוואָרען אין טעהאָט אינדיאַנא, דעם 5טען נאָוועמבער, 1855. זיינע עלטערען זיינען ערשט מיט אַ זעקס יאָהר צוריק אריבערגעקומען פון פראַנקרייך. זיין פאָטער דזשאַן דעניעל דעבס איז געוועזען אַ זעהר אינטעליגענטער און באַלעזענער מענש, ער האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ רייכע ביבליאָטעק אין וועלכע די פראַנצויזישע קלאַסיקער, און איבערהויפּט די פראַנצויזישע ראַדי־קאַלע דענקער און קינסטלער זיינען געוועזען גאַנץ פיין פאַרטראָטען. די דעבס פאַמיליע איז געוועזען אָרים, אָבער די אָרימקייט האָט זיך דאָרט שטאַרק ניט געפיהלט. דער אינטעליגענטער פאָטער, די באמת אינטעליגענטע און ליבענסווירדיגע מוטער האָבען פאַר די קינדער געשאַפען אין דער אָרימער היים אַזא ליעבע און וואַרימע סביבה, וואו אָרימקייט זעהט זיך ניט אָן. איידער ער האָט געקענט לייענען די ביכער פון זיין טאַטענס ביבליאָטעק, האָט ער פון זיינע עלטערען געהערט וועגען די באַריהמטסטע פראַנצויזישע הומאַניסטען און ראַדי־קאַלען, און האָט שוין פון קינדרוויז אַן איינגעזאַפּט אין זיך די פריי־הייטליכע און ראַדיקאַלע אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע וועלכע האָבען געלעבט אין דער דעבס פאַמיליע. דאָס האָט צוגעגרייט דעם יונגען יודזשין וויקטאָר צו קענען שפּעטער זיך דערנעהנטערען און פאַרשטעהן די פאַרשידענע ראַדיקאַלע שטרעמונגען וואָס האָבען זיך אין יענער צייט באַוויזען אין דער אמעריקאַנער ליטעראַטור און אין דעם אמעריקאַנער לעבען.

דעבס האָט געהאַט דאָס גליק צו געבאָרען און דערצויגען ווערען אין דער צייט ווען אמעריקא האָט דורכגעמאַכט אַ געוואַלדיגע רעוואָלוציע: עקאָנאָמיש, פּאָליטיש, אַזוי גוט ווי גייסטיג און מאָראַליש. דאָס איז געווען פון איין זייט די צייט ווען דער אמעריקאַנער קאַפּי־טאַליזם האָט זיך דערפיהלט אַלס באַזונדערע געזעלשאַפטליכע מאַכט, איז געוואָרען אַזוי צו זאָגען קלאַסען־באַוואוסטזיניג, און פון דער צווייטער זייט האָט זיך דער אמעריקאַנער ארבייטער קלאַס, ווענינסטענס זיין אַוואַנגאַרד, אויך דערפיהלט זיך אַלס באַזונדער קלאַס מיט באַזונדע־רע קלאַסען־אינטערעסען. עס איז געווען ערב דעם בירגער־קריעג, ערב דער ברודער־מלחמה, וואָס האָט געדאַרפט פאַרזיכערען פּאָליטיש און

עקאנאמיש, די הערשאפט פון דעם אינדוסטריעלען קאפיטאליזם. די אבאלאציאניסטישע באוועגונג איז געווען אין איהר בליהונג, די וויכ־טיגסטע פראגע וואס איז דיסקוטירט געווארען אין יעדעם ווינקעלע פון אמעריקע איז געווען שקלאפעריי אדער פרייהייט; דאס איז געווען די צייט ווען פיליפס ווענדעל, מיט וועלכען דעבס האט זיך שפעטער באקענט, האט שוין אנגעהויבען ריידען וועגען דער גרויסער באפריי־אונגס־מיסיע פון דעם ארבייטער קלאס, ווען האריים גרילי האט אויפ־געהויבען זיין מעכטיגע שטימע געגען שקלאפעריי אין יעדער פארמע, ווען וויליאם ה. סילוויס האט זיך שוין ארומגעטראגען מיט זיין טרוים פון א גרויסער ארבייטער ארגאניזאציע, וואס זאל האבען א קלאסען פנים, און וואס זאל אויפנעמען און באוואוסטזיניג אנפיהרען דעם קלאסען קאמף אויפ׳ן פאליטישען אזוי גוט ווי אויפ׳ן עקאנאמישען פעלד, געגען דער קאפיטאליסטישער סיסטעם אלס גאנצער, און ניט בלויז געגען מאנכע פון איהרע איבלען, דאס איז געווען די צייט, ווען ראדיקאלע און פרייהייטליכע אידעען האבען מיט זיך אנגעפילט די אמעריקאנער לופט, יודזשין וויקטאר דעבס, מיט זיין פיינער סענ־סיטיוועך נשמה, מיט זיין איינגעבוירענער ליעבע צו אלץ וואס ליידעט, האט טיף אין זיין נשמה אריינגעזויגען דעם גייסט פון זיין צייט. נאך גאר יונגערהייט האט ער זיך ליידענשאפטליך אפגעגעבען מיט לייענען און שטודירען די דאמאלסדיגע אמעריקאנער ליטעראטור, און איבער־הויפט די וואס האבען אויסגעדריקט פרייהייטליכע סענטימענטען, ווענ־דעל פיליפס, געריסאן, ראבערט אינגערסאל, סוסאן ב. אנטאני, זיינען אויף זיין גאנץ לעבען פארבליבען זיינע באליבטע העלדען. ווען ער איז נאך אויף דער שול־באנק געזעסען האבען זיי איהם פאראינטערעסירט, און שפעטער איז ער געווארען דער פרייוויליגער פאפולאריזאטאר פון זייערע אידעען ביי זיך אין דער קליינער שטעדטעל. אין 1880 האט ער אפילו געוואגט צו ברענגען סוסאן אנטאני אין טערעהאט צו אגיטירען פאר פרויען רעכט. טאן אזא זאך אין יענער צייט האט ניט יעדער געוואגט!

דעבס׳עס עלטערען זיינען געווען, ווי שוין געזאגט, ארים. ווי שטארק עס זאל ניט געווען זיין דער דורשט נאך בילדונג ביים יונגען יודזשין וויקטאר, האבען אבער זיינע עלטערען ניט געהאט די מא־

טעריעלע מעגליכקייטען צו האַלטען איהם צו לאַנג אין שולע. ווען ער איז נאָך קיין 15 יאָהר ניט אַלט געווען, האָט ער געמוזט אוועקגעהן ארבייטען און פאַרזאָרגען זיך אַליין. ווער ווייסט, אפשר איז דאָס אַלץ געווען צום גוטען, אפשר וואָלט אונטער אַנדערע אומשטענדען מיט אַנדערע מעגליכקייטען דעבס קיין מאָל ניט געווען דאָס וואָס ער איז געוואָרען, פיינע און פרייהייטס-ליבענדיגע מענשען זיינען אין אַמעריקע געווען אַ סך, אָבער דער ארבייטער קלאַס און דער ארבייטער קאַמף, איז פאַר זיי פאַרבליבען באַהאַלטען, אויפ'ן ארבייטער האָבען זיי רחמנות געהאַט, אָבער ווייטער פון רחמנות איז דאָס ניט געגאַנגען. זיי האָבען דעם ארבייטער פשוט ניט געקענט, זיי האָבען זיך מיט איהם קיין מאָל ניט באַגעגענט. דעבס'ן איז אָבער באַשערט געווען ניט בלויז זיך צו באַגעגענען מיט זיי, נאָר זיין גאַנצען לעבען פאַר־בלייבען איינער פון זיי.

ווען ער איז נאָך קיין 15 יאָהר ניט אַלט קריגט ער אַ שטעלע ביי דער „טער־אָט אינדיאַנאַפּאָליס אייזענבאַהן קאָמפּאַניע" פריהער פשוט אַלס האַנט, און דערנאָך אַלס לאָקאָמאָטיוו הייצער. די ארבייט איז אַ שווערע און אַ געפעהרליכע, אָבער דעבס'ן אַרט דאָס ווייניג. ער איז יונג, געזונט, פול מיט לעבען און ענערגיע, ער אַרבייט, באַ־טייליגט זיך אין דעם פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען פון זיין היים־שטעדטעל, און געפינט נאָך גענוג צייט צו לערנען און לייענען און פאַרפּאָלקאָמענען זיין בילדונג. פיר יאָהר האַלט ער אָן די שטעלע, אָבער אין אָט די פיר יאָהר ווערט ער אַזוי אריינגעצויגען אין דעם לעבען און די קאַמפּען פון די אייזענבאַהן ארבייטער, אַז וואָס ער זאָל נאָכהער ניט טאָן און וואו ער זאָל ניט זיין, קערט ער זיך אום צוריק צו זיינע אייזענבאַהן ארבייטער. אָפּאַרבייטענדיג פיר יאָהר אַלס לאָקאָמאָטיוו הייצער, פאַרלאָזט ער אויף אַ צייט די אייזענבאַהנען און נעמט אָן אַ שטעלע ביי דער „הולמאַן און קאָקס גראָסערי קאָמ־פּאַניע" וואו ער ארבייט 5 יאָהר. זיינע פאַרבינדונגען אָבער מיט די אייזענבאַהן ארבייטער רייסט ער ניט איבער. פאַר דער צייט ווערט ער אַזוי פּאָפּולער אין טער־אָט, אַז אין 1879 ווערט ער אויסגעקליבען פאַר סיטי קלוירק, שפּעטער שלאָגט איהם די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי

פאַר די נאָמינאַציע פאַר׳ן קאָנגרעס, אָבער דעבס ענטזאָגט זיך דערפון, ער האָט שוין דאַן געפונען אַן אַנדער ציעל פאַר זיך, ער האָט שוין דאַן באַשלאָסען אַז זיין פּלאַץ איז ניט אין אַ פּאַרלאַמענט נאָר אין די שעפּער, און די פאַבריקען און אין דער יוניאָן.

ווען אין 1875 ווערט געגרינדעט אין זיין היים־שטאָדט אַן אָפּ־טיילונג פון דער „ברודערשאַפט פון לאָקאָמאָטיוו הייצערס" שליסט זיך דעבס תכף אַן אין דער אָרגאַניזאַציע. ער ווערט גלייך איינער פון די טעטיגסטע מיטגלידער, אין אַ קורצער צייט ווערט ער אַזוי פּאָפּולער אין דער אָרגאַניזאַציע, אַז אַן 1878 ווערט ער אויסגעקליבען פאַר געהילפס־רעדאַקטאָר פון דעם אָפיציעלען אָרגאַן פון דער ברודער־שאַפט און אין 1880 פאַר גרענד סעקרעטער טרעזשורי און רעדאַקטאָר. אין דער קורצער צייט וואָס דעבס איז מיט דער אָרגאַניזאַציע געשטאַ־נען איז ער פונקט אַזוי באַליבט געוואָרען ביי די אַרבייטער ווי פאַר־האַסט פון די באַלעבאַטים. דעבס האָט זיך אין דער אַרבייט אריינ־געוואָרפען מיט זיין גאַנצער באַגייסטערונג און ענטהוזיאַזם האָט גע־רעדט, געשריבען, געפאָהרען פון פּלאַץ צו פּלאַץ צו אָרגאַניזירען די אַרבייט. אונטער זיינע הענט, אַ דאַנק זיין אונערמידליכער אַרבייט, איז די ברודערשאַפט געוואַלדיג אויסגעוואַקסען און געוואָרען אַ מאַכט מיט וועלכע די שונאים האָבען זיך געמוזט רעכענען. בשעת אָבער דעבס איז אַזוי פאַרנומען מיט דער פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבייט, האַלט ביי איהם אין איין וואַקסען דער געפיהל אַז זיין אַרבייט איז אַ האַלבע, אַז לאָקאָמאָטיוו הייצערס זיינען סוף כל סוף בלויז אַ טייל פון די אייזענבאַהן אַרבייטער, אַלע צוזאַמענגענומען זיי־נען זיי דאָך בלויז אַ טייל פון דעם גרויסען אַרבייטער קלאַס. עס הויבט איהם אַן קלאָר ווערען אַז דער קלאַסען־קאַמף קען ניט באַגרעניצט ווערען דורך די ספּעציעלע נויטען פון דער אָדער יענער גרופּע אַרבייטער, און קען ניט געפיהרט ווערען פון און פאַר באַזונדערע גרופּען, עס ווערט צייטיג ביי איהם דער געדאַנק צו נעמען זיך אָרגאַניזירען פריער אַלע אייזענבאַהן אַרבייטער אין איין גרויסער נאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציע און דערנאָך אַלע אַרבייטער בכלל.

אויף דעם צוזאַמענפאַר פון דער ברודערשאַפט וואָס איז אָפּ־

געהאלטען געוואָרען אין סינסינעטי אין 1892, גיט דעבם אריין זיין רעזיגנאַציע אלס באאמטער. די דעלעגאַטען ווילען זיין רעזיגנאַציע ניט אננעמען, ער באשטייט אבער דערויף, ווילען די דעלעגאַטען כאָטש געבען זייער באליבטען פיהרער א מתנה פון 2000 דאָלאַר, ער זאָל קענען אוועקפאָהרען און זיך אפּרוהען, אבער דעבם ענטזאגט זיך דער־פון. קיין געלט דאַרף ער ניט. ער רעזיגנירט ניט ווייל ער איז מיד פון דער ארבייט, נאָר ווייל די ארבייט איז צו לייכט פאַר איהם, צו ווייניג, ער רעזיגנירט כדי זיך קענער אפּגעבען צו וויכטיגערע און גרעסערע ארבייטען. „איך בין געווען פאַרנומען מיט'ן געדאַנק", דערצעהלט דעבם אליין, „גרינדליך און שטאַרק צו אָרגאַניזירען אַלע אייזענבאָהן ארבייטער און סוף כל סוף דעם גאַנצען ארבייטער קלאַס, און פאַר אַט דעם ציעל האָב איך אפּגעגעבען מיין גאַנצע צייט און ארבייט. איך האָב געהאַט די טיפסטע איבערצייגונג אז עס וועט ניט שווער זיין אפּצושאַפען אַלע איבלען און רעגולירען די ארבייטס־באַ־דינגונגען אויב עס זאָל נאָר געלינגען צו אָרגאַניזירען אַלע ארבייטער אין יעדען טייל פון דער אייזענבאָהן דינסט און באוועגען זיי אַלעמען צו אַרבייטען האַרמאָניש און אייניג. די אַקציאָנערען פון די באַן קאַמפּאַניעס ארבייטען דאָך האַרמאָניש, פאַר וואָס זאָלען די ארבייטער אויך אזוי ניט האַנדלען? דאָס איז דאָך אזוי איינפאַך: זאָלען די ארבייטער נאָר נאָכפאָלגען דעם ביישפּיעל פון זייערע באַלעבאַטים און די פּראָבלעם איז געלייזט".

ווען די דעלעגאַטען צו דעם סינסינעטער צוזאַמענפאָהר האָבען פּראָלאַנגט ער זאָל אַנגעבען אורזאַכען פאַר וואָס ער רעזיגנירט האָט ער זיי דערקלערט:

„איך טו אזוי ווייל עס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגען אזוי צו טאָן, מיין ציעל איז צו העלפען ראַטעווען די מענשליכקייט און דער מענש־הייט... יעדער טריט, יעדער באוועגונג וואָס שטרעבט צו אַט דעם ציעל פאַרדינט די פולסטע אונטערשטיצונג, און איך וועל זיך ניט אפּשטע־לען פאַר קיין אַנשטריינגונג און פאַר קיין שוועריגקייט, איך וועל דערפאַר אוועקגעבען אַלע מיינע כחות. איך האָב אַ האַרץ פאַר אַנ־דערע און דערפאַר בין איך אין דער ארבייט. ווען איך זע אַנדערע

ליידען, לייד איך אויך און ווען איך שטריינג מיך אן צו פאר־
לייכטערען דעם שיקזאל פון אנדערע, ארבייט איך אייגענטלאך
פאר זיך אליין. איך האלט ניט אז מיט מיין ארבייט ברייננ איך
קרבנות, אדער אז איך האב זיך ווען עס איז מקריב געווען, איינער
בריינגט א קרבן בלויז ווען ער פארגוואלדיגט זיין אייגענעם געוויסען".

אזוי האט גערעדט דער יונגער דעבס נאך איידער ער איז געווען
א סאציאליסט, ער האט שפעטער א סך פון זיינע פריהערדיגע מיי־
נונגען אוועקגעווארפען, אבער אויפ'ן גאנצען לעבען איז ער פארבליבען
א מענש וואס האט „א הארץ פאר אנדערע" און וואס ליידעט מיט
יעדען ליידענדען.

— 3 —

דעבסעס טרוים פון אן אלגעמיינער נאציאנאלער ארגאניזאציע
פון אלע אייזענבאהן ארבייטער איז גאר גיך מקוים געווארען, צוזאמען
מיט נאך עטליכע חברים האט זיך איהם איינגעגעבען אין יוני, 1893,
צו ארגאניזירען די „אמעריקען רייל‍וויי יוניאן" אט די גרויסע
רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע וואס האט א געוואלדיגען פארדינסט
פאר דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, און האט געהאט די
גרעסטע ווירקונג אויף דעם ווייטערדיגען לעבען און טעטיגקייט פון
איהר גרינדער אונפיהרער. דעבס האט זיך איצט מיט לייב און לעבען
אריינגעווארפען אין דער ארבייט פאר דער נייער ארגאניזאציע. פון
א ריין מאטעריעלען שטאנדפונקט האט ער געמאכט א שלעכטען בייט.
ביי די לאקאמאטיוו הייצער האט ער באקומען 4000 דאלאר א יאר,
אין דער אמעריקען רעילוויי יוניאן האט ער באקומען פאר זיין ארבייט
בלויז 75 דאלאר א חודש, און ווען די ארגאניזאציע איז דערנאך
אונטערגעגאנגען האט דעבס גענומען אויף זיך פריינווילינ אויסצוצאלען
איהרע חובות וואס האבען אנגעטראפען ביז 40 טויזענד דאלאר. דעבס
דער אייבינער קבצן האט פון זיינע מאגערע פאדינסטען כמעט 20
יאהר געצאלט אט דעם חוב. וואס די ארבייטער האבען איהם אבער
ניט באצאלט אין געלט האבען זיי איהם באצאלט אין ליבע און
פארעהרונג. די „אמעריקען רעילוויי יוניאן" האט אנגעהויבען שנעל

וואַקסן, און צוזאַמען מיט איהר אויך דער נאָמען פון איהר פיהרער. שוין דעם ערשטען יאָהר האָט זי אָפּגעהאַלטען אַ זיג איבער דער „גרויסער נאָרד אייזענבאַן קאָמפּאַניע“. דער זיג האָט נאָך פּאָפּולערער געמאַכט דער אָרגאַניזאַציע און איהר פיהרער וואָס האָט דעם קאַמף געפיהרט אויף אַ נייעם שטייגער: ווירדיג און רעוואָלוציאָנער. אין אַ גאַנץ קורצער צייט איז די אַמעריקען רעילוויי יוניאָן געוואָרען די גרעסטע אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. זי האָט 465 אָרטיגע אָפּטיילונגען און אַן ערך פון 1560,000 מיטגלידער. פאַר יענער צייט איז דאָס געווען אַ ריזיגע מיטגלידערשאַפט.

די צייט איז דאַמאָלסט געווען אַן אומרואיגע, איבער'ן גאַנצען לאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ סטרייק כוואַליע. דער קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט איז געוואַלדיג פאַרשאַרפט געוואָרען, כמעט יעדער סטרייק איז גלייך געוואָרען אַ בירגער־קריג. די שטאַטס און פעדעראַלע רעגירונג ,האָבען זיך דעפיניטיוו געשטעלט אויף דער זייט פון די באַלעבאַטים, פון די גרויסע טראַסטס און קאָרפּאָראַציעס וואָס האָבען אין יענער צייט זיך שנעל אָנגעהויבען פאַרשפּרייטען. כמעט אין יעדער סטרייק האָט זיך אריינגעמישט די שטאָט־מיליציע, און אויב מען האָט די שטאָט־מיליציע ניט געקענט קריגען, איז געקומען די באַלעבאַטים צו הילף די פעדעראַלע אַרמיי. די גערעכטען האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די מאַסקע פון אומפּאַרטייאישקייט און זיך אויך אָפען געשטעלט אויף דער זייט פון קאַפּיטאַל, ארויסגעבענדיג אַלערליי אינדזשאַנקשאָנס געגען די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און פאַרשיקענדיג זייערע בעסטע פיהרער אין די תפיסות.

אָט אין דער צייט איז אויסגעפאַלען אויפ'ן גורל פון דער „אַמעריקען רעילוויי יוניאָן“ אָנצופיהרען איינעם פון די וויכטיגסטע קאַמפען, דעם באַרימטען „פּולמאַן סטרייק“.

דעם 11טען מאַי, 1894טען יאָהר האָט זיך אָנגעהויבען דער פּול־מאַן סטרייק. דער סטרייק איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג, אויפ'ן סטרייק האָבען זיך די אַרבייטער אָפּגערופען מיט גרויס באַגייסטערונג.

אויפ'ן דריטען טאג פון סטרייק, האבען שוין ביז 40 טויזענד טרבייטער געווארפען די ארבייט, אלע צוגען צו דער וועסט צי פון שיקאגא זיינען אפגעשטעלט געווארען, און אויך דער פארקער צווישען שיקאגא און ניו יארק איז גאנץ שטארק פארקריפעלט געווארען. דער סטרייק איז געווען זעהר א רואיקער, דער הויפט־מיטעל וואס די ארבייטער האבען אנגעווענדעט איז געווען דער פרידליבער באיקאט. אויפ'ן פערטען טאג פון סטרייק זיינען שוין אפגעשטעלט געווארען ביז 29 אייזענבאן סיסטעמען, די אייזענבאן קאמפאניעס האבען דערפילט די שטארקייט פון דער „אמעריקען רעילוויי יוניאן" און זיינען שוין כמעט געווען גרייט נאכצוגעבען. דא האט זיך אבער אריינגעמישט דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען, קליוולאנד. דער אויסרייד איז געווען אז דער סטרייק שטערט די פאסט. די אייזענבאן־ארבייטער זיינען מסכים געווען ניט בלויז צו פיהרען פאסט־צוגען נאר אויך אלע געוועהנליכע פאסאזשיר־צוגען, אבער מיט איין באדינגונג אז צו זיי זאלען ניט צוגעטשעפעט ווערען קיינע פולמאן־קארס (שלאף־וואגאנען) די אייזענבאן קאמפאניעס האבען אבער גראד צו די פאסט צוגען צוגעטשעפעט אזעלכע וואגאנען, כדי צו צווינגען די ארבייטער, ברעכען דעם סטרייק אדער ארויס אין קאמף מיט די פעדעראלע רעגירונג. וואלט פרעזידענט קליוולאנד געוואלט זיין אומפארטייאיש, האט ער געדארפט פאדערען מען זאל אפטיילען די פאסט־צוגען פון די פולמאנס, קליוולאנד אבער און די גאנצע פעדעראלע רעגירונג האט בעסער אויסגעקליבען צו באנוצען אט דעם אויסרייד און ברעכען דעם סטרייק. צוויי פעדעראלע ריכטער פון שיקאגא האבען גלייך ארויסגעגעבען אן אינדזשאנקשאן צו פארווערען די סטרייקערס צו באיקאטירען די אייזענבאנען, און פרעזידענט קליוולאנד האט גלייך אריינגעשיקט קיין שיקאגא, (דער צענטער פון סטרייק) אן אפטיילונג פון דער פעדעראלער ארמיי, (הגם דער גאווערנאר האט געגען דעם פראטעסטירט). שיקאגא און די ארומיגע שטעלאך זיינען אזוי ווי געשטעלט געווארען אונטער קריגס־צושטאנד.

וועגען די דאמאלסטיגע פאסירונגען דערצעהלט דעבס אליין, אין זיין ארטיקעל „ווי אזוי איך בין געווארען א סאציאליסט" אזוי:

„מען האָט געדונגען און אַרויסגעלאָזען געגען אונז אַן אַרמיי פון דעטעקטיווס און באַנדיטען. אַלטע וואַגאַנען האָט מען געברענט און אַהן אויפהער האָבען געקלונגען די פייער גלאָקען.

„דעם עולם האָט מען געהאַלטען אין איין שרעקען, און די שרעק־ליכסטע קלאַנגען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען, אַז אַ רויטע באַנדע האָט אין איהרע נעגעל אַריינגעכאַפּט דעם האַלז פון שיקאַגאָ. אינ־דזשאַנקשאַנס זיינען געפלויגען רעכטס און לינקס. מען האָט געהאַלטען אין איין אַרעסטירען. אונזער אַפּיס, וואָס איז געווען דאָס האַרץ פון סטרייק, איז באַפאַלען און פאַרקלאַפּט געוואָרען פון די „געזעצליכע" בעאַמטע פון דער פעדעראַלער רעגירונג. צוזאַמען מיט אַ גרופּע טרייע חברים, האָב איך זיך באַלד געפונען אין שיקאַגאָ'ער טורמע, באַגלייט פון די ווילדע געשרייען פון דער גאַנצער פּרעסע וועגען קאָנספּיראַציע, פאַרראַט און מערדעריי. דורך עפּעס אַ פאַטאַלען צוזאַמענפאַל האָט מען מיר געגעבען די זעלבע צעל, וואָס ניט לאַנג צוריק האָט ביז זיין הינריכטונג פאַרנומען דער מערדער פון מאַיאָר האַריסאָן און וועלכע איז געווען בלויז אַ טריט פונ'ם אָרט, וואו די אַנאַרכיסטען זיינען מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געהאַנגען געוואָרען. איך האָב דעמאָלט גע־קראַגען די צווייטע זעהר פּראַקטישע און העכסט איינדרוקספולע לעקציע אין סאָציאַליזם.

איינער פון די אַדוואָקאַטען, וועלכען מיר האָבען געזוכט צו־צוציהען צו דער פאַרטיידיגונג, האָט זיך ענטזאָגט, ווייל „איהר וועט גע'משפט ווערען אויפ'ן זעלבען אָרט ווי די אַנאַרכיסטען און מעגליך — האָט ער צוגעלייגט — מיט'ן זעלבען רעזולטאַט". דעם זעלבען טאָג, איך געדענק נאָך איצט, האָט דער וועכטער אונז געוויזען, מסתמא אום אונז צו טרייסטען, דעם פאַרבלוטיגטען שטריק, וואָס איז באַ־נוצט געוואָרען אין דער לעצטער הינריכטונג. און אַזוי ווי ער האָט די דאָזיגע געזעצליכע מערדעריי ביינעוואוינט, האָט ער אונז איבער־געגעבען די קלענסטע איינצעלהייטען".

ביסלעכווייז איז דער שטורעם איינגעשטילט געוואָרען. צום טויט האָט מען דעבס'ן ניט פאַר'משפט, ער איז אָפּגעקומען מיט בלויז 6 חדשים אין וואודסטאָקער תפיסה. אויב אָבער די שונאים פון דעבס'ן

האָבן געמיינט אַז זיי האָבן איהם געטאָן אַ געוואַלדיגע רעה דערמיט וואָס זיי האָבן איהם אויף זעקס חדשים פאַרשפּאַרט האָבן זיי אַ געוואַלדיגען טעות געמאַכט. דעם פּולמאַן סטרייק האָבן זיי מאַקי געבראָכען, די אַמעריקען רעילוויי יוניאָן איז פּאַקטיש פאַרניכטעט געוואָרען, אָבער דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט און דעם קאַמפּס־ווילען האָבן זיי ביי דעבס'ן ניט אָפּגעשוואַכט נאָר פאַרשטאַרקט. קיין מאָל ביז איצט האָט נאָך דעבס ניט געזען דעם קלאַסען־קאַמף אין אַזאַ נאַקעטער און ברוטאַלער פאָרמע. ער האָט זיך איצט שטאַרק גענוימיגט אין עטלאַכע פרייע און רואיגע חדשים צו מאַכען אַ חשבון הנפש. זעהר אַ סך פּאָזיטיווע באַליבטע מיינונגען און סענטימענטען וועגען „אונזער פרייהייט, אונזער דעמאָקראַטישע און אומפּאַרטייאישע געריכטען" האָבען איצט געליטען שיפּס־ברוך, זיי האָבען ניט געשטימט מיט די דערפאַרונגען פון דעם ווירקליכען קלאַסען־קאַמף. און ווי איראָניש דאָס זאָל ניט קלינגען, די נויטיגע פרייע און רואיגע חדשים האָט דעבס געפונען אין דער תפיסה.

צוליבען פּולמאַן סטרייק איז דעבסעס נאָמען געוואָרען געוואַלדיג פּאָפּולער איבער'ן גאַנצען לאַנד. אמת, קיין סאָציאַליסט איז ער נאָך ניט געווען, די סאָציאַליסטען האָבען אָבער דערפיהלט אַז ער באַלאַנגט צו זיי, היינט, מאָרגען, וועט ער מוזען קומען צום סאָציאַליזם. עס האָבען זיך אויף איהם אַ שאָט געטאָן בריעף, ביכער און פּאַמפלעטען וואָס סאָציאַליסטען האָבען איהם צוגעשיקט — און ער האָט זיי מיט גרויס חשק געלייענט. ער אַליין דערצעהלט וועגען דעם אין די פאָלגענדע ווערטער:

„און אין די זעקס חדשים, וואָס מיר זיינען געזעסען אין וואָודסטאָקער געפענגעניש האָט דער סאָציאַליזם אַלץ פעסטער און פעסטער מיך אַריינגענומען אין זיינע הענט. ביכער, בראָשורען, פּאַמפלעטען און בריעף פון סאָציאַליסטען האָב איך ערהאַלטען מיט יעדער פּאָסט. איך האָב זיך אָנגעהויבען צו פאַרטראַכטען אויף דעם סיסטעם, וואו אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס קאָנען מיט איין קלאַפּ צושמעטערט ווערען. די שריפטען פון בעלאַמי און בלעטשפאָרד האָבען שוין פון לאַנג געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק, ווי אויך די „קאָאָפּעראַטיווע רעפּובליק"

פון גרונלאַנד, אָבער די שריפטען פון קאוטסקי זיינען געווען אַזוי קלאָר און איבערצייגענד. איך האָב גלייך פאַרנומען ניט בלויז זיינע אַרגומענטען, איך האָב דערפיהלט דעם גייסט פון זיינע סאָציאַליסטי־שע אויסערונגען, און איך דאַנק איהם, וואָס ער האָט מיר אַרויס־געהאָלפען פון דער פינסטערניש צו ליכט.

ס'איז געווען גראָד אין יענער צייט, ווען די ערשטע פונקען פון סאָציאַליזם האָבען אָנגעהויבען אויפצוגליהען. וויקטאָר בערגער — און איך האָב איהם ליעב ביז'ן היינטיגען טאָג — איז ווי אַ שליח פון דער השגחה געקומען נאָך וואורסטאָק און געהאַלטען די ערשט'ע ליידענשאַפטליכע רעדע וועגען סאָציאַליזם. וואָס איך האָב ווען גע־הערט, די ערשטע רעדע, וואָס האָט אָנגעהויבען צו באַוועגען מיין האַרץ. אַלס אַנדענקונג פון זיין וויזיט איז אין מיין ביבליאָטעק פאַרהאַן אַ באַנד פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל“ מיט אַן אויפשריפט פון וויקטאָר בערגער, וואָס איך האַלט עס טייער, ווי אַ זאַך פון אומשעצבאַרען ווערט.

די „אַמעריקען רעילוויי יוניאַן“ איז געווען געשלאָגען, אָבער ניט באַזיגט, זיי האָבען איהר בייגעקומען, אָבער ניט פאַרניכטעט. זי לעבט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די נידערלאַגע האָט בלויז העלער געמאַכט דעם וועג, וואָס פיהרט צו עקאָנאָמישער פריי־הייט, און פאַרשנעלערט דעם אויפגאַנג פון ברידערליכקייט אויף אונזער ווערט“.

פון תפיסה איז דעבס אַרויס אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט. אמת זיין סאָציאַליזם האָט נאָך געליטען פון אַ צו גרויסען צומיש פון אוטאָפּיזם, דאָס איז ניט געווען דער מאָדערנער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם, צו וועלכען דעבס איז געקומען ערשט שפּעטער, דאָס איז געווען גיכער אַ סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער סאָציאַליזם, ניט קוקענדיג אויף די ווערק פון קאוטסקי און פון מאַרקס'ן וועלכע ער האָט געלייענט. איין טייל פון מאַרקסיזם האָט אָבער דעבס גלייך אויפגענומען און פעסט זיך געהאַלטען דערביי זיין גאַנצען לעבען, דאָס איז דער געדאַנק אַז דער סאָציאַליזם איז דער אידעאַל פון דעם אַרבייטער־קלאַס און אַז בלויז דער אַרבייטער־קלאַס קען דורך זיין

רעוואלוציאנערען קלאסענקאמף אט דעם אידעאל פארווירקליכען. זיין סאציאליזם האט געמעגט זיין סענטימענטאל און ראמאנטיש, אבער שטענדיג איז ער געווען רעוואלוציאנער און פראלעטאריש.

די „אמעריקען ריילוויי יוניאן" איז געווען פולשטענדיג צו־בראכען. פון איהרע שיריים האט דעבס דעם 28טען יוני, 1897, גע־גרינדעט זיין נייע „סאציאל־דעמאקראטיע". דאס איז נאנירליך נאך ניט געווען די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי אין דעם מאדערנעם זין, די פראגראם איז געווען זעהר ניט קלאר, מען האט נאך דארט זעהר פיעל גערעדט וועגען בויען סאציאליסטישע קאלאניעס, און וועגען אנדערע אזעלכע פלענער, פון וועלכע די סאציאליסטישע באוועגונג פון יענער צייט האט זיך שוין אפגעזאגט.

— 4 —

צו וואס האט דעבס געדארפט ארגאניזירען אן אייגענע סאציא־ליסטישע פארטיי? איז דען אין אמעריקע דעמאלט ניט געווען קיין ארגאניזירטע סאציאליסטישע באוועגונג?

יא, עס אי זיא געווען, אבער ניט אזא אן וועלכער דעבס זאל זיך געווען קענען אנשליסען. דאס איז געווען די צייט ווען אין דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי (ס. ל. פ.) האבען זיך שוין אנ־געהויבען אינערליכע רייסערייען, ווען עס איז קלאר געווארען, אז הגם די פארטיי געהט נאך אלץ בארג ארויף, האט זי אבער קיין צוקונפט ניט.

די ס. ל. פ. איז געגרינדעט געווארען אויף א צוזאמענפאר אין פילאדעלפיע אין 1876. ביז יענער צייט זיינען געווען בלויז פאר־שיידענע ניט־ארגאניזירטע סאציאליסטישע גרופען וואס האבען קיין שום פארבינדונג צווישען זיך ניט געהאט. אויף דעם פילאדעלפיער צוזאמענפאר איז דאס געמאכט געווארען א פראבע אט די אלע באַ־זונדערע גרופען צו ארגאניזירען אין איין פארטיי, דער נאמען פון אט דער פארטיי איז לכתחילה געווען „די ווארקינג מענס פארטי או די יונייטעד סטייטס" (די ארבייטער פארטיי פון די פאראייניגטע

שטאַטען) אַ יאָהר שפּעטער, אויפ׳ן צוזאַמענפאָר אין נוארק, איז דער נאָמען געביטען געוואָרען אויף סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.).

די ס. ל. פּ. איז לכתחילה באַשטאַנען פון זעהר אַ פערשידענ־אַרטיגען עלעמענט, מאַרקסיסטען, אַנאַרכיסטען און אוטאָפּיסטען מכל המינים. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס גלייך פון אַנהויב האָבען זיך אין דער פּאַרטיי אַנגעהויבען רייסערייען און שפּאַלטונגען, דעם שווערסטען קאַמף האָט די פּאַרטיי געהאַט מיט די אַנאַרכיסטען, און שוין לאַנג נאָכדעם ווי קיין אַנאַרכיסט האָט זיך אין דער פּאַרטיי ניט געפונען, האָט נאָך געלעבט אַן אַנטי־פּאָליטישע און אַנטי־שטאַט־ליכע שטימונג וואָס זיי האָבען פאַרשפּרייט.

די שווערסטע פּראָבלעם איז אָבער געווען, ווי אַזוי דערגרייכט מען מיט דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע דעם אַמעריקאַנעם אַר־בייטער? די אַלע היציגע דיסקוסיעס וואָס זיינען אין דער פּאַרטיי געפירט געוואָרען איבער פאַרשיידענע וויכטיגע פראַגען פון טעאָריע און פּראַקטיק, די אַלע אינערליכע רייסערייען און אפילו די שפּאַל־טונגען, האָבען אויסגעזען מער ווי „אַ פאַמיליע קריג" איידער אַ פּאַרטיי קאַמף. די אויסערליכע וועלט, דער גרויסער אַמעריקאַנער ארבייטער קלאַס, האָט וועגען דעם אפילו ניט געהערט; האָט אפילו ניט געוואוסט וועגען דער עקזיסטענץ פון דער ס. ל. פּ. אפילו דער אָרגאַניזירטער פּראָ־לעטאַריאַט פון אַמעריקע, די צענליגער טויזענדער ארבייטער וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין די טריידיוניאָנס, און האָבען אָנגעפירט דעם קלאַסען קאַמף, וועגען וועלכען די סאָציאַליסטען האָבען גערעדט, האָט אויך וועגען דער פּאַרטיי ניט געהערט און פון איהר ניט געוואוסט.

די גאַנצע פּאַרטיי איז באַשטאַנען פון פרעמדע, פון אימיגראַנטען. הענרי קוהן, איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין יענער צייט דער־צעהלט אַזוי זיינע עראינערונגען אַז אין צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי זיינען געווען בלויז צוויי מענשען וואָס האָבען געקענט די ענגלישע שפּראַך, בענדזשעמין גרעטש, אַ רוסישער סטודענט, (אַ איד?) און ער קוהן, דער דייטש. די ענגלישע צייטונג וואָס די פּאַרטיי

האט שפעטער אנגעהויבען ארויסגעבען איז אויך געווען סיי אין איינ־האלט, סיי אין פארעם „א פרעמרע“. די ס. ל. פ. טעטיגקייט אין דער ענגלישער שפראך, און טאקי אין אזא ענגליש וואס זאל זיין פארשטענדליך פאר יעדען אמעריקאנער ארבייטער, הויבט זין ערשט אז ווען דעניעל דעליאן שליסט אן אין דער פארטיי און ווערט גלייך, צוליעב זיינע גרויסע פעהיגקייטען, אזוי גוט ווי צוליעב זיין אמעריקאנישקייט, איהר וויכטיגסטער פיהרער. אין 1891 מאכט דעליאן א טור איבער אמעריקע אין די אנטערעסען פון דער ס. ל. פ., שפעטער ווערט ער דער רעדאקטאר פונדעם פארטיי ארגאן. דער ארגאן באקומט גלייך אן אנדער פנים ער ווערט „אמעריקאניזירט“ אין איינ־האלט און אין פארמע, אין דעם זעלבען יאר 1891 ווערט דעליאן נאמינירט פאר גאווערנאר און באקומט גאנצע 13,000 שטימען. אויף א ווייל'ע דאכט זיך אויס אז ענדליך איז די פארטיי ארויף אויפ'ן ריכטיגען וועג, איהר צוקונפט איז געזיכערט, איהר ווייטערער וואוקס אומגעשטערט. איצט מוז מען בלויז מאכען אן אנשטריינגונג צו קומען וואס נעהענטער צו דעם אמעריקאנעם ארבייטער, ברייגגען איהם די סאציאליסטישע תורה, ער איז ניט מיט אונז, ווייל ער קאן אונז ניט, וועט ער אונז נאר דערקענען, פארשטעהן אונזערע אויפגאבען, איז דאך ניטא קיין אורזאכע פאר וואס ער זאל ניט זיין מיט אונז!

וואו אבער געפינט מען איהם, אט דעם אמעריקאנער ארבייטער? נאטירליך אין די טרייד־יוניאנס. א טרייד־יוניאניסט האט דאך שוין פארט מער אדער ווייניגער פארשטאנען אז די אינטערעסען פון ארבייט און קאפיטאל זיינען פארשיידען, אז צווישען ארבייט און קאפיטאל קומט פאר א קאמף, ער איז שוין אויפ'ן וועג פון סאציאליזם. דאס איז געווען דער בעסטער מאטעריאל פאר א סאציאליסטישער פראפאגאנדע. זעהר ווייניג סאציאליסטען זיינען געווען אין יענער צייט וועלכע האבען געקוקט אויף די טרייד־יוניאנס אלס זעלבסט־צוועק. ארבייטער האבען טרייד־יוניאנס צוליב דעם, ווייל זיי פארשטעהען נאך ניט דעם סאציאליזם, זיי מיינען נאך אלץ אז מען קען דעם קאפיטאליזם „פארלאטען“, דער סאציאליסט ווייסט דאך שוין אבער אז דאס איז בלויז אן אילוזיע, ער ווייס אז אט די אלע קאמפען זיינען

גאָר ניט, קעמפּעט דאַרף מען ניט פאַר קליינינקייטען נאָר פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אויב די סאָציאַליסטען זיינען אין יענער צייט ניט ארויסגעטראָטען קעגען די טרייד־יוניאָנס בכלל, איז דאָס געווען ניט דערפאַר ווייל זיי האָבען געהאַלטען אַז דעם ארבייטער׳ס קאַמף פאַר׳ן היינט איז פּונקט אַזוי וויכטיג ווי דער קאַמף פאַר מאָרגען, ניט דערפאַר ווייל זיי האָבען דערפילט די גרויסע מיסיאָן פון דעם טרייד־יוניאַניזם און דעם קלאַסען־קאַמף, נאָר ווייל זיי האָבען, פּונקט ווי דאָס טוען היינט די קאָמוניסטען, געזען אין די יוניאָנס, פאַרטיגע ארבייטער ארגאַניזאַציעס וואָס זיי קענען אויסנוצען פאַר זייערע צוועקען, דער אונטערשייד איז אָבער וואָס בשעת די קאָמוניסטען ווילען היינט אויסנוצען די יוניאָנס פאַר זייערע ענגע פאַרטיי אינטערעסען, פאַר קלייזעל־צוועקען, האָט די ס. ל. פּ. געוואָלט אויסנוצען די יוניאָנס פאַר דעם סאָציאַליסטישען קאַמף בכלל. אַן אונטערשייד וואָס שטעלט די ס. ל. פּ. מיט איהרע חסרונות פיעל העכער פאַראונזערע היינטיגע נייע קאָמוניסטען.

אין אָנהויב האָט די ס. ל. פּ. אָנגענומען בנוגע די טרייד יוניאָנס אַ לאָגישע און באמת סאָציאַליסטישע טאַקטיק, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרען אַלס די טאַקטיק פון „בויערען פון אינווייניג". די מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ. און די פירער, האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אין די עקזיסטירענדיגע יוניאָנס. עס מוז אויך געזאָגט ווערען אַז זיי האָבען געהאַט אַן ערפאָלג. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָבען די סאָציאַליסטען אנגעהויבען פאַרנעמען אַן אָנגעזעהענעם אָרט אין די יוניאָנס. איינער פון די הויפּט כאַראַקטער שטריכען אָבער פון דאַמאָלסטדיגען סאָציאַליזם איז געווען די רעוואָלוציאָנערע אומגעדולד. בכלל האָבען דאַמאָלסט די מערסטע סאָציאַליסטען געגלויבט אַז מיר שטעהען שוין ביים שוועל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, לאַנג וואַרטען קען מען ניט. אַפּגעוועזען עטליכע יאָהר אין די עקזיסטירענדיגע טרייד־יוניאָן ארגאַניזאַציעס, אין דער נייטס אָוו לייבאָר און אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, האָט זיך דעניעל דעליאָן איבערצייגט אַז עס לוינט ניט די גאַנצע ארבייט. די יוניאָנס זיינען צו רעאַקציאָנער, צופיעל פאַרזונקען אין די אַלטעגליכע קליינינקייטען, די פיהרער זיינען

ניט ערליך, ניט רעוואלוציאנער, עס לוינט ניט „בויערען פון אינווייניג" בעסער אנהויבען א קאמף פון דרויסען, א קאמף צו פארניכטען די עקזיסטירענדיגע יוניאנס, כדי אויף זייער פלאץ אויפבויען נייע, אמת רעוואלוציאנערע יוניאנס. אין דער ס. ל. פ. פרעסע האט מען אנגעהויבען א קאמף געגען די טרייד־יוניאנס און איבערהויפט געגען זייערע פירער, וואס דערמאנט שטארק אין דעם קאמף וואס די קאמוניסטען פירען היינט. די יוניאנס האט מען ניט אזוי פיעל קריטיקירט ווי געזידעלט און געשימפט, קיין אנדער נאמען ווי „לייבאר פייקער" און „פארקויפטע נשמות האט דעליאן פאר קיין ארבייטער פירער ניט געהאט.

דעליאן האט זיך אבער ניט באנוגענט מיט זידלען און שימפען, אין 1895 גרינדעט ער די „סאשעליסט טרייד ענד לייבאר אלייענס". וואס האט געזאלט פארטרייבען דער נ. און ל. אזוי גוט ווי דער א. פ. און ל. פון דעם טרייד יוניאן פעלד און אליין זייערע פלעצער פאר־נעמען. דאס האט געזאלט זיין אן אינדוסטריעלע סאציאליסטישע טרייד־יוניאן ארגאניזאציע, וואס זאל אנפיהרען דעם עקאנאמישען קאמף אויף א רעוואלוציאנערען אופן, און דעם פאליטישען — דורך דער ס. ל. פ., די הויפט אויפגאבע פון דער נייער ארגאניזאציע האט געדארפט זיין קעמפען געגען די אלטע יוניאנס. קיין גרויס שאדען האט די אלייענס דער טרייד־יוניאן באוועגונג ניט געבראכט, דערפאר אבער האט זי דער ס. ל. פ. איינגאנצען אוועקגע'הרג'עט. מיט דער גרינדונג פון דער אפיזיציאנעלער אלייענס, האט די ס. ל. פ. זיך אליין איזאלירט פון דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט, זיך דערקלעט פאר זייער שונא. עס איז גלייך קלאר געווארען אז די ס. ל. פ. פארלאזט דעם ברייטען וועג פון א מאסען פארטיי און לאזט זיך אוועק אויפ'ן וועג פון סעקטאנטאניזם.

אין דער ס. ל. פ. זיינען נאך געווען פון פריהער זעהר א סך אומצופרידענע, דערהויפט די אידישע און דייטשישע גענאסען. זיי זיינען געווען אומצופרידען מיט דעליאנ'ס פיהרונג. דעליאן איז שוין אין יענער צייט געווען ניט בלויז דער פירער נאר אויך דער דיקטאטאר פון דער פארטיי. עס איז קיין ספק ניט אז דעליאן איז געווען זעהר א פעהיגער מענש. אן אויסגעצייכענטער קענער פון דער אמעריקאנער

געשיכטע און פּאָליטיק, אַ גלענצענדער רעדנער און אַגיטאַטאָר, אַ שאַרפער און ווירקזאַמער פּאָלעמיקער, אַ פאַנאַטיש איבערגעגעבענער סאָציאַליסט, וואָל וואָלט זיך אויף אַ מינוט ניט פאַרטראַכט צו מקריב זיין זיך אַזוי גוט ווי אַנדערע, פאַר דער פאַרווירקליכונג פון זיין אידעאַל זיינע חסרונות אָבער האָבען אָפּט אַריבערגעוואויגען זיינע מעלות. זיין גרעסטער חסרון איז געווען זיין אומטאָלעראַנץ. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגען קיין אַנדערע מיינונגען אויסער זיינע, ער אַליין האָט וועגען זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען קיינמאָל קיין ספקות ניט געהאַט. פאַר'ן גרעסטען פאַרברעכען האָט ער געהאַלטען יעדען אַרויסטריט פון וועמען עס איז געגען זיינע מיינונגען, אַז איינער איז מיט איהם ניט מסכים וועט ער איהם באַקעמפען ביז'ן טויט, און אין קאַמף האָט דעליאָן ניט איבערגעקליבען קיין מיטלען. באַשמוצען יחידים, מאַכען באַוואוסטזיניג פאַלשע אינסוניאַציעס און לעכערליכע באַשולדיגונגען, איז דאָס מינדעסטע מיט וואָס ער האָט זיך באַנוצט. זיינע געגנער אין דער פּאַרטיי האָט ער ניט באַקעמפט נאָר ממש גע'רודפ'ט. איינצעלנע מיטגלידער און גאַנצע פּאַרטיי אָפּטיילונגען (סעקציעס) זיינען פון דער פּאַרטיי אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פאַר דעם פאַרברעכען פון ניט מסכים זיין אין וואָס עס איז מיט דעליאָנ'ען, אַ סך האָבען ניט געוואָלט וואַרטען ביז מען וועט זיי אַרויסוואַרפען און זיי זיינען דעריבער אַליין אַוועקגעגאַנגען, די פּאַרטיי האָט אַנגעהויבען געהן באַרג אַראָפּ, פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַן ענגער סעקטע, — אָט אין דער צייט, ווען עס האָבען זיך אויפגעקליבען אַ גרויסע צאָל פּאַרטייליאָזע סאָציאַליסטען וואָס האָבען אַרויסגעקוקט אויף אַ נייער פּאַרטיי, איז אומאָפּהייננגיג פון זיי ענטשטאַנען דעבסעס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

— 4 —

וועגען דעם אַז דעבס און זיינע חברים זאָלען אַריין אין דער ס. ל. פּ. האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. עס איז דאָך שוין קלאָר געווען אַז די ס. ל. פּ. האָט, צוליעב איהר דעליאָניזם, אונטערגעשריבען אַ טויט־אורטייל פאַר זיך. אַ סך פון די סאָציאַליסטען וואָס זיינען

לכתחילה צו דער ס. ל. פּ. ניט צוגעשטאַנען, אָדער וואָס זיינען איצט ארויס אָדער אַרויסגעוואָרפען געוואָרען האָבען זיך גלייך אַלס יחידים אנגעשלאָסען אַן דער נייער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די ס. ד. פּ. האָט גלייך אָנגעהויבען וואַקסען און האָבען פּאָליטישען ער־פאָלג, אין 1899 האָט זי אפילו ערוועהלט דריי פון איהרע קאַנדידאַטען אין דער שטאַט־לעגיסלאַטור פון מאַסאַטשוזעטס. אין 1901 איז אָפּי־ציעל פּאָרגעקומען אַ פּאַראייניגונג צווישען דער ס. ד. פּ. און דער אָפּגעשפּאַלטענער טייל פון דער ס. ל. פּ. עס איז פון דעם שידוך ארויסגעקומען אַ נייע פּאַרטיי, אַ נאָמען האָט מען איהר געגעבען „סאָציאַליסטישע פּאַרטיי" (ס. פּ.) דאָס איז די פּאַרטיי וואָס עקזיס־טירט נאָך ביז היינטיגס טאָג, די פּאַרטיי פאַר וועלכער דעבס האָט אונערמידליך געאַרבייט ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען. פינף מאָל איז דעבס געווען איהר קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט.

די נייע פּאַרטיי האָט זיך אָפּגעטרייסעלט פון די פאַרשיידענע ראָמאַנטיש־אוטאָפּיסטישע אילוזיעס מיט וועלכע די ס. ד. איז אין אנהויב געווען פאַרנומען, אָבער אויך פון דעליאָנ'ס איבערטריבענער און פאַנאַטישער רעוואָלוציאָנערער פרומקייט. אויך די ס. פּ. איז ניט געווען צופרידען, און איז היינט ניט צופרידען מיט דעם „פּיור ענד סימפּעל יוניאָניזם" וואָס הערשט נאָך אַלץ אין דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג, אויך זי האָט זיך געשטעלט אַלס איינס פון איהרע וויכטיגסטע אויפגאַבען אריינצוטרעטען אין די עקזיסטירענדיגע יוניאָנס, און „בויערען פון אינווייניג", אָנפיהרען דאָרטען אַ פּראָפּאַ־גאַנדע ניט בלויז פאַר דער פּאָליטישער אַקציע פון דער פּאַרטיי, נאָר טאַקי איבערהויפּט פאַר דעם, אַז די יוניאָנס זאָלען פאַרוואַנדעלט ווערען אין קלאַסען באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע אָר־גאַניזאַציעס; אַז דער פאַך יוניאָנזים זאָל פאַרביטען ווערען אויפ'ן אינדוסטריעלען יוניאָניזם, אַז פון די פּיור ענד סימפּעל יוניאָנס זאָלען ווערען סאָציאַליסטישע יוניאָנס. אָבער ד ס. פּ. האָט גלייכצייטיג אויך פאַרשטאַנען אַז די יוניאָנס זיינען ניט און קענען ניט זיין, בלויז אַ טריבונע פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, עטוואָס וואָס מען קען בלויז אויסנוצען לטובת דער אייגענער פּאַרטיי, די ס. פּ. און

איהרע פיהרער האבען זיך גלייך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט, אז די טרייד־יוניאן אז זעהר וויכטיג אן און פאר זיך, אז דעם ארבעטער'ס קאמף פאר זיינע אלטעגליכע נויטען און באדערפינישען, זיינען פונקט אזוי וויכטיג ווי דער קאמף פאר'ן סאציאליזם, נאך מער, דורך אט דעם, לפנים ניט רעוואלוציאנערען קאמף, מוזען זיך די ארבייטער אלץ מעהר און מעהר דערנעהענטערען צום סאציאליזם. די שטעלונג פון דער ס. פ. צו די יוניאנס איז דעריבער גלייך פון אנהויב אן געווען א קריטיש־פריינדליכע. און די יוניאנס זיינען די ס. פ. מיטגלידער געקומען ניט ווי געגנער, ווי שונאים, ווי געשווארענע „בלויז קריטיקער“, נאר ווי פריינד, ווי מיט העלפער און מיט־קעמפער און אויך ווי קריטיקער. נאטירליך האט שוין דא קיין רייד ניט געקענט זיין וועגען גרינדען אדער אפילו העלפען וועלכער עס איז אפאזיציאנעלע יוניאנס.

די. ס. פ. איז גלייך פון אנהויב געווען געגען דער אפאזיציאנעלער „סאשעליסט טרייד ענד לייבאר עלייענס“ אזוי גוט ווי געגען דער שפעטערדיגער „אינדוסטריעל ווארקערס אוו די ווארלד“ אין דער גרינדונג פון דער לעצטער האבען זיך א סך מיטגלידער פון דער ס. פ. באטייליגט, צווישען זיי אויך דעבס. אין דעם ערשטען יאהר פון איהר לעבען האט די „אינדוסטריעל ווארקערס אוו דהי ווארלד“ אפילו געצעהלט צווישען איהרע אנגעזעהענע פירער דעבס'ן צוזאמען מיט דעליאנ'ען. דעבס האט זיך אבער שנעל ארומגעזען אז דער וועג צו די הערצער און נשמות פון די אמעריקאנער ארבייטער איז ניט דורך גרינדען אפאזיציאנעלע ארגאניזאציעס, וואס קענען אין בעסטען פאל בלויז פיהרען א ברודער קאמף צווישען זיך, נאר דורך שטעהן און ארבייטען אין די עקזעסטירענדיגע ארגאניזאציעס, און פון אינוויינינג זיי איבערבויען. פון דער א. וו. וו. איז דעבס שנעל אפגעשטאנען, הגם ער האט נאטירליך קיין מאל ניט אויפגעגעבען זיין אגיטאציע פאר'ן רעוואלוציאנערען אינדוסטריעלען יוניאניזם.

ווי פיעל אבער די טרייד־יוניאן פראגע זאל ניט געווען באשעפטיגען דער ס. פ. איז זי דאך פריהער פון אלץ די פאליטישע פארטיי פון דעם ארבייטער קלאס. אויב אין דער פארטיי זיינען אלע מאל

געווען אומגעדולדיגע רעוואָלוציאָנערען וואָס האָבען געוואָלט אַז די פּאַרטיי זאָל אַרויס אין אַ קאַמף מיט די טרייד־יוניאָנס, און בכלל זיך וואָס ווייניגער אָפּגעבען מיט פּאָליטישער אַקציע, זיינען פון דער צווייטער זייט געווען אַזעלכע וואָס האָבען די פּאָליטישע אַקציע געשטעלט איבער אַלע אַנדערע פּאַרטיי אויפגאַבען, דערביי האָבען זיי אונטער׳ן וואָרט פּאָליטישע אַקציע, פאַרשטאַנען פּאָליטישען ער־פאָלג, קריגען שטימען, וואָס מעהר שטימען, עס מאַכט ניט אויס וועלכע. דעבס איז קיין מאָל אין אַט דעם מין אָפּאָרטוניזם ניט אַריינ־געפאַלען. פּאָליטישע אַקציע? געוויס, אָבער צוליעב סאָציאַליזם, שטימען? געוויס דאַרף מען קריגען וואָס מעהר שטימען, אָבער לשם סאָציאַליזם, אַנדערש האָבען זיי קיין ווערט ניט. זיין פּאָליטישען אני מאמין האָט דעבס דערקלערט אין די פאָלגענדע ווערטער:

איך בין איבערצייגט, אַז דאָס וויכטיגסטע אין אונזער באַוועגונג זיינען — דער פּאָליטישער כאַראַקטער און די רעוואָלוציאָנערע ענט־שלאָסענהייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אַלע שטימען פון בירגער וועלען אונז קיין גוטעס ניט טאָן, אויב אונזער פּאַרטיי זאָל אויפהערען צו זיין אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי און זי זאָל זיך בלויז יאָגען נאָך וואָס מעהר שטימען ביי די וואַהלען, כדי וואָס גיכער צו ברייננגען דעם טאָג פון ערוואַרטעטען זיעג... שטימען פאַר סאָציאַליזם זיינען ניט קיין סאָציאַליזם, פּונקט ווי אַ מעניו (אַ ליסטע פון שפּייזען) איז ניט קיין שפּייז. שטימען וועלען קומען גיך גענוג און מיר דאַרפען זיך נאָך זיי ניט יאָגען. מיר דאַרפען נאָר קלאָהר מאַכען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וויל בלויז דיששטימען פון די יעניגע, וואָס ווילען סאָציאַליזם. אַלס רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי פון אַרבייטער קלאַס, איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי קעגען יאָגען זיך נאָך עמטער בלויז צוליעב די עמטער. אַזוינס איז דער ציעל פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען מיט זייערע „באָסעס“ און „בודעל״ (פּאָליטיקאַנען און כאַבאַר) און האָט ניט קיין פּלאַץ אין אַ פּאַרטיי, וועמעס אויפגאַבע עס איז די ענדיגילטיגע באַפרייאונג״. איך גלויב אין קאָנסטרוקטיווע פּאָליטישע אַקציע. איך האַלט, אַז מען דאַרף ערוועהלען אַזוי פיעל קלאַסען־באַוואוסטע אַרבייטער אויף פּאָליטישע עמטער, ווי מיר קאָנען,

ספּעציעל אַלס מעיאַרס, ריכטער, פּאָליציי־פּאַרוואַלטער, שטאַטליכע און נאַציאָנאַלע געזעץ־מאַכער... די וואָס לייקענען פּאָליטישע אַקציע זיינען פּאַקטישע אַנאַרכיסטען, און עס איז נאָך קיינמאָל קיין גוטעס ניט אַרויסגעקומען דערפון, וואָס סאָציאַליסטען האָבען געמאַכט יד אחת מיט אַנאַרכיסטען און דערפון וועט אויך קיינמאָל קיין גוטעס ניט אַרויס... אין קורצען גערעדט, מיר קאָנען פּאַרוואַנדלען אונזער פּאַרטיי אין אַמאַשין, וואָס קריגט וואַהל־שטימען און געהן פּאַרלאָרען צוזאַמען מיט דער מאַשין; אָדער — מיר קאָנען האָבען די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטס־אָרדנונג און די רעגירונג פון אַרבייטער־קלאַס, ביידע צוזאַמען זיינען ניט מעגליך".

און אַט די ווערטער האָט דעבס אויסגעדריקט ניט בלויז זיין אייגענע מיינונג, נאָר אויך די מיינונג פון זיין פּאַרטיי, פון דער ס. פּ. און ביי אַט די מיינונגען האָט ער זיך אימער פעסט געהאַלטען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אָנגעהויבען שנעל וואַקסען און ווערען פּאָפּולער, צוזאַמען מיט איהר איז געוואַקסען דעבס. ביסלעכווייז האָט די פּאַרטיי אָנגעהויבען אַלץ נעהענטער קומען צום אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט אין אַמעריקע, פּאַרנעמען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, אַזוי גוט ווי אין דעם פּאָליטישען לעבען פון לאַנד בכלל.

ביז עס איז געקומען דער וועלט־קריג.

— 5 —

נאָך צום סוף 1914, ווען די מלחמה איז נאָך געווען יונג, ווען קיינעם האָט זיך נאָך אפילו ניט גע'חלומ'ט אַז זי וועט אַזוי לאַנג דויערען, און אַזאַ געוואַלדיגען חורבן אָנמאַכען אין דעם מאַטעריעלען אַזוי גוט ווי אין דעם אינטעלעקטועלען לעבען פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענשהייט, ווען איהר אויסגאַנג איז נאָך געווען אַזוי פּאַרנעפּעלט און אומבאַשטימט, האָט אַ באַקאַנטער סאָציאַליסטישער זשורנאַליסט זיך אויסגעדריקט אַזוי: וועלכע גרויסמאַכט עס וועט געווינען אָדער פּאַרלירען קען מען ניט וויסען, איין גרויסמאַכט אָבער

האָט שוין פאַרלאָרען: דאָס איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דער וועלט.

דער אַנטי־מיליטאַריזם און אַנטי־מלחמה׳יזם פון דער אונטער־נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז אין די לאַנגע יאָהרען פון פרידליכע ענטוויקלונג געוואָרען אַ דאָגמע אין וועלכער קיינער האָט ניט געצווייפעלט. אין די צייטען פון פרידען האָט מען גערעדט וועגען מלחמה־אַבסטראַקט, וועגען די מלחמה שרעקען און אומגליקען, מען האָט אָבער ניט גענומען אין אַנבעטראַכט אַז עס איז ניט מעגליך פאָראויסצוזען וואָס פאַר אַ סיטואַציע אַ נייע מלחמה וועט שאַפען, און וואָס פאַר אַ ווירקונג די נייע סיטואַציע קען האָבען אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דערקלערען „מיר זיינען געגען מלחמה בכלל״ פּאַסט פאַר אַ בורזשואַזען פּאַציפיסט, מאַרקסיסטען קענען אַזוי ניט ריידען. די רוסישע באָלשעוויקעס וואָס האַלטען זיך ניט בלויז פאַר די בעסטע, נאָר פאַר די איינציגע מאַרקסיסטען, זיינען ניט אַרויס געגען מלחמה בשעת׳ן קריג צווישען סאָוועט רוסלאַנד און פּוילען, פאַרקערט זיי זיינען געווען געוואַלדיג פּאַטריאָטיש געשטימט. אויב עמיצער וועט זאָגען אַז יענע מלחמה איז געווען אַ באַרעכטיגטע און גערעכטע, זיינען מיר גרייט מסכים צו זיין, אָבער דאַנמאָלסט הייסט דאָך שוין ניט אַז מיר זיינען געגען יעדער מעגליכער מלחמה; די פראַגע ווערט שוין, וועלכע מלחמה, פאַר וועלכע צוועקען, אונטער וועלכע אומשטענדען. האָט דאָך בוכאַרין און זיינע חברים געטרוימט צו איינפיהרען דעם קאָמוניזם אין דער וועלט מיט דער הילף פון דער רויטער אַרמיי, — ווען אַזאַ רעוואָלוציאָנערע מלחמה ברעכט אויס, וואָלטען וואַרשיינליך אַלע קאָמוניסטישע שרייערס זיין מיט לייב און לעבען פאַר איהר. ווען די פיהרער פון די פאַרשיידענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זיינען אַרויס פאַר אָדער געגען דעם קריג, איז פאַר זיי ניט געשטאַנען די פראַגע, מעג אַ סאָצ־יאַליסט זיין פאַר קריג? זיי האָבען זיך געפרעגט, וואָס זיינען די מעגליכע רעזולטאַטען פון קריג, ווי אַזוי וועט אַזאַ אָדער אַן אַנדער אויסגאַנג פון קריג ווירקען אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג? געוויס האָבען זעהר אַ סך פון זיי שלעכט פאַרשטאַנען און פאַלש

אויסגעטייטשט, די אורזאַכען און מעגליכע רעזולטאַטען פון קריג, אבער בלויז רכילות טרייבער קענען דערצעהלען דעם עולם, אז די פראַ־מלחמה סאָציאַליסטען האבען זיך פשוט פארקויפט צום שונא.

עס איז אויך פאַלש די מיינונג אז די טיילונג, פאר און געגען מלחמה, איז געגאַנגען לויט דער ליניע פון אפּאָרטוניזם און רעוואָ־לוציאָנאַריזם, רעוויזיאָניזם און אָרטאָדאָקסיע. גראָד א סך פון די רעוויזיאָניסטען, פון די אויסגעשפּראָכענע אפּאָרטוניסטען זיינען גע־ווען געגען מלחמה, א סך פון די אָרטאָדאָקסען און רעוואָלוציאָנערען זיינען, פארקערט, געשטרויכעלט געוואָרען. עד. בערנשטיין איז געגען מלחמה, גער, פלעכאַנאָוו, דער כהן גדול פון אנטי־מיליטאַריזם הערווע, זיי זיינען פאר מלחמה. ביי אונז אין אַמעריקע אויך אזוי: דער לינקער, דער סינדיקאַליסט וויליאַם ע. וואַלינג ווערט א מלחמה־פּאַטריאָט, הילקוויט איז געגען מלחמה. דער אמת איז אז מלחמה האט געשאַפען אזא נייע פאַרפּלאָנטערטע סיטואַציע, אין וועלכע די בעסטע קעפ האבען זיך, איבערהויפּט אין אָנהויב, ניט געקענט פאנאַנדערקלייבען.

אין אַמעריקע איז די זאַך געווען א ביסעל לייכטער. די פאַר־מלחמה צייט האט פּשוט געדויערט לענגער, מען האָט געהאַט גענוג צייט זיך מער צו פאנאַנדערקלייבען אין דער נייער לאַגע, דערצו איז אַמעריקע פיעל וויינינגער געווען פארמישט, אין די אַלע אייראָפּעאישע סכסוכים וואָס האבען געפיהרט צום קריג. עס איז דעריבער פיעל לייכטער געווען פאַר דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ארויסטרעטען מיט איהר באַרימטער סיינט־לואיסער רעזאָלוציע, געגען קריג. אננעמען א רעזאָלוציע געגען קריג, און אָנפיהרען אַן אגיטאַציע פאר דער רעזאָלוציע זיינען צוויי באַזונדערע זאַכען. גלייך ווי אַמע־ריקע איז אַריינגעטראָטען אין קריג, האָבען די פינסטערסטע רעאַק־ציאָנערסטע כחות גענומען באַלעבאַטעווען איבער׳ן לאַנד, מיט אַן אייזערנער האנט. יעדעס פאָרמע פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט איז ווי מיט׳ן האנט אָפּגעווישט געוואָרען, עס האָט זיך אָנגעהויבען א צייט פון געריכטליכען און פּאָליציייאישען טעראָר, פרייע רעדע און פרייע פּרעסע זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען. דער קאַפּיטאַליסטישער

קלאס האט זיך דערמיט באנוצט, ניט בלויז כדי צו מאכען ריזיגע — מלחמה פראפיטען, נאר אויך צו צוברעכען יוניאנס, צושטערען סטרייקס. אלע תפיסות זיינען אנגעפילט געווארען מיט ארבייטער פיהרער און סאציאליסטען וואס האבען כלומרשט פארבראכען געגען „שפיאנאזש געזעץ", און זיינען באמת געווען בלויז געפערליכע פאר די מלחמה־פראפיטירער, אלס ראדיקאלע ארבייטער פיהרער. סאצ־יאליסטישע און ארבייטער מיטינגען זיינען אפגעבראכען געווארען פון צעיושעטע באנדעס מאטראזען און פאטריאטען, די ערעסטירטע ארבייטער־פיהרער און טוער האט מען פאר די קלענסטע קלייניגקייטען פאר'משפט צו 10־15 און 20 יאהר תפיסה, און הונדערטער ראדיקאלען אימיגראנטען האט מען אהן אורזאכען און אהן א משפט פון לאנד ארויסגעשיקט. אט אין יענער צייט האט דעבס, שוין איצט אן אלטער און שוואכער מענש, קערפערליך, אבער נאך אלץ מיט דער זעלבער יונגער און רעוואלוציאנערער נשמה, באשלאסען אז איצט דארף ער געבען זיינע יונגערע חברים א ביישפיל, אז גראד איצט טאר מען ניט שווייגען. דעבס האט געוואוסט וואס די רעזולטאטען וועלען זיין אויב ער וועט איצט אויפהויבען זיין פראטעסט־שטימע געגען מלחמה און געגען די הערשענדיגע רעאקציע, אבער ער האטגעהאלטען אז דאס איז זיין פליכט. דזשיימס אניעל, וואס האט איהם אזוי גוט געקענט, דערצעהלט וועגען זיין בארימטער קענטאנער רעדע דאס פאלגענדע:

די רעדע וואס דעבס האט געהאלטען אין קנטאן, די רעדע פאר וועלכער ער איז פאר'משפט געווארען אויף צעהן יאהר פעדעראלען פריזאן, ווערט שוין איצט באטראכט ווי א היסטארישע געשעהעניש. די רעדע איז שוין א טייל פון דער אמעריקאנער היסטאריע, אבער איך געדענק נאך זעהר גוט די טעג, ווען איך האב איהם געטראפען אין מערע האוט, א פאר וואכען איידער ער איז געפארען קיין קענטאן האלטען זיין היסטארישע רעדע. ער האט דאן ערקלערט, וואס ער וועט אין קענטאן זאגען. ער איז געווען פעסט נטשלאסן איבערצוטרעטען דעם פינסטערען אזוי גערופענעם „שפיאנאזש־געזעץ", און נעמען אויף זיך די שטראף. קיין ארגומענט, קיין טענה האט ניט געקענט ענדערען זיין באשלוס. זיין הארץ האט געברענט מיט פראטעסט געגען וואודראו

ווילסאָנ׳ס היפּאָקריטישע רייד און טעראָריסטישע פּאָליסים. דעבס איז געווען איבערצייגט, אַז ער טאָר זיך ניט אויסהיטען פון גייען אין פּריזאָן אין צייט ווען אַנדערע, וואָס האָבען געפּרעדיגט גערעכטיגקייט, איז ווען וועלכע ער אַליין גלויבט אויך, זיצען שוין הינטער די גראַטעס".

דעבס׳ס רעדע אין קענטאָן, אָהייאָ, איז געווען אַ דעקלאַראַציע, און אַנזאָג צום אַלוועלטלאַכען פּראָלעטאַריאַט, אַז דער רעוואָלוציאָנער סאָציאַליזם לעבט, און עס לעבען זיינע פּאַרטיידיגער. דעבס׳ס ווידדיגער האַלטען זיך פאַר׳ן געריכט, זיין שטאָלצע דערקלערונג פאַר די ריכטער „איך האָב גאָר ניט וואָס צוריקצוציהען, גאָר ניט אויף וואָס חרטה צו האָבען" האָבען איבער׳ן גאַנצען לאַנד אָפּגעקלונגען. און ווען דעבס איז געפונען געוואָרען שולדיג, ווען ער האָט שוין געוואוסט אַז איהם דערוואַרטען וואַרשיינליך לאַנגע יאָהרען תפיסה, האָט דאָס איהם ווייניג וואָס אָפּגעשראָקען, ווען ער האָט באַקומען דאָס לעצטע וואָרט, איידער דער פּסק דין ווערט אַרויסגעגעבען האָט ער שטאָלץ דערקלערט:

„הער ריכטער, איך בעט ניט קיין רחמנות, איך וויל ניט בלייבען אונבאַשטראָפט... איך האָב נאָך קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען אַזוי קלאָהר ווי איצט, דעם גרויסען קאַמף צווישען דער מאַכט פון די גייציגע אויף איין זייט און די ערוואַכענדע פרייהייט מחנות, אויף דער צווייטער..."

„...אַזוי לאַנג ווי עס איז פאַרהאַן אַ נידעריגערער קלאַס בין איך מיט איהם, אַזוי לאַנג ווי אַ לעבעדיגע באַשעפעניש, געפינט זיך אין תפיסה בין איך ניט פריי..."

שטאָלץ מט אַן אויפגעהויבענער קאָפּ איז דעבס געשטאַנען פאַר זיינע ריכטער, שטאָלץ מיט אַן אויפגעהויבענער קאָפּ איז דעבס געגאַנגען אין תפיסה. ער האָט געוואוסט אַז ער האָט זיין ציעל דערגרייכט, זיינע ווערטער האָבען אָפּגעקלונגען אין טויזענטער הערצער, און געוועקט האָפענונגען אויף בעסערע צייטען, און געזייט גלויבען אין דעם ענדליכען זיג פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל.

די פאַר׳משפּט׳ונג פון דעבס׳ן האָט אַרויסגערופען אַ געוואַלדיגען שטורעם איבער׳ן גאַנצען לאַנד. ניט בלויז די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־



שאפט, נאר אויך די גאנצע אמעריקאנער אינטעליגענץ האט גענומען הויך פראטעסטירען, דעבס איז תפיסה, האט מעהר געוועקט דעם פראטעסט נעגען מלחמה און רעאקציע, ווי ווען ער וואלט געווען אויף דער פריי.

דעבס איז פאר'משפט געווארען צו צעהן יאהר געפענגעניש, און שוין זייענדיג אין תפיסה איז דעבס צום לעצטען מאל נאמינירט געווארען אלס קאנדידאט פאר פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטא־טען, פון תפיסה ארויס האט ער אנגעפיהרט זיין וואהל־קאמפאניע, און מיט ניט ווייניג ערפאלג. זיין יעדעסווארט און דערקלערונג איז גלייך צוטראגען געווארען איבער'ן גאנצען לאנד.

— 6 —

אין יענער צייט, איז אלס רעזולטאט פון מלחמה און רעוואלוציע אויפגעקומען דער נייער קאמוניזם. די באלשעוויסטישע רעוואלוציע אין רוסלאנד איז פון דעבס'ן ווארים באגריסט געווארען. פונקט ווי א סך אנדערע סאציאליסטען האט אויך דעבס, געגלויבט אז די באל־שעוויקעס נעמען זיך אין רוסלאנד איינפיהרען קאמוניזם. פאר דעבס'ן איז נאטירליך געווען אין יענער צייט אונמעגליך זיך פארנעמען מיט א טיפערען שטודיום פון די רוסישע אנגעלעגענהייטען, ער פונקט ווי א סך אנדערע האט זיך ניט געקענט ארייגלאזען אין לאנגע חקירות צי מען קען אין אזא עקאנאמיש אפגעשטאנענע פויערים לאנד איינפי־רען סאציאליזם. באגריסענדיג אבער דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע אין רוסלאנד האט ער זיך שארף אפגעגרעניצט פון דער קאמוניסטישער באוועגונג. גלויבענדיג אז אין רוסלאנד קעמפען די באלשעוויקעס פאר סאציאליזם, האט ער זיך אבער גיך איבערצייגט אז אויסער רוסלאנד קעמפען די קאמוניסטען נעגען סאציאליזם. פאר דעבס'ן איז דער סאציאליזם אלע מאל געווען די פארקערפערונג פון שעהנקייט, פון יושר, פון פרייהייט און נערעכטינקייט, די קאמוניסטען זיינען אבער געקומען צו איהם מיט א נייעם סאציאליזם. א סאציאליזם וואס איז געבויט אויף האס, אויף יושר'לאזיגקייט, א סאציאליזם וואו פרייהייט איז א בורזשואזער אבערגלויבען, וואו אמת איז א וויץ, וואו דעם

וויכטיגסטע, אָרט פאַרנעמט די אַלטע אַחראַנקע אונטער'ן נייעם נאָמען „טשעקא" א סאָציאַליזם וואָס פאַרלאַנגט אַז סאָציאַליסטען זאָל מען אריינוואַרפען אין תּפיסה, ווייל זיי זיינען סאָציאַליסטען, און קאָמוניסטען זאָלען פאַרפאַלגט ווערען, ווייל זיי זיינען אין עפּעס ניט מסכּים מיט זייער פיהרער.

קיין בעסערען אַרגומענט געגען קאָמוניזם, ווי די קאָמוניסטען אַליין האָבען געגעבען מיט זייער קאַמף געגען אַלע אַנדערע סאָציאַליסטען איז פאַר דעבס'ן ניט נויטיג געווען. די קאָמוניסטען האָבען ניט אָנגעפיהרט קיין אידעאָלאָגישען קאַמף געגען די סאָציאַליסטען, נאָר פּשוט א קעמפּיין פון ליגענס, פון רכילות, פון פּערזענליכע אינסינואַציעס, דערביי האָבען זיי זיך ווייניג וואָס געקימערט וועגען זייערע אייגענע פּרינציפּען, אויב ס'איז נאָר געווען נויטיג צוליעב ערפאָלג, האָבען זיי היינט באַשפּייט וואָס זיי האָבען נעכטען געקושט, און מאָרגען געקושט וואָס זיי האָבען נעכטען באַשפּייט. די גאַנצע געשיכטע פון קאָמוניזם איז אַ געשיכטע פון אָפּאָרטוניסטישע קאָמפּראָמיסען, פון באַגעהן נאַרישקייטען און דערנאָך שלאָגען זיך על חטא, און שטאַלצירען דערמיט „וואָס מיר קענען צוגעבען אונזערע טעות'ן". נאַטירליך האָט אַזאַ קאָמוניזם דעבס'ן ניט געקענט צוציהען צו זיך. דעבס האָט צו גוט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ געפאַר עס זיינען די קאָמוניסטען פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג. אַרויסגעהענדיג פון תּפיסה אין 1924 האָט ער זיך דעריבער פון דאָס ניי אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט אויפצובויען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, פון וועלכער ער איז געווען דער פּאַרזיצער ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען.

אָבער די תּפיסה האָט אינגאַנצען אונטערבראָכען דעבס' אַזוי אויך שוין שוואַכען געזונד. ער האָט אָנגעהויבען קרענקען, היילען זיך, אין קורצען האָט ער זיך געמוזט אינגאַנצען צוריקציהען פון אַקטיווער אַרבייט.

אין דער אָנוועזענהייט פון זיינע נאָענטסטע און בעסטע פריינד, האָט דאָנערשטאָג, דעם 31טען אָקטאָבער, 1926, יודזשין וויקטאָר דעבס, אויף אייביג צוגעמאַכט זיינע אויגען.

דזשיימס אַניעל

# יודזשין וויקטאָר דעבס
# עראינערונגען

דעבס איז פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אַמעריקע גע־וועזן דאָס, וואָס בעבעל איז געוועזן פאַר דער דייטשער און וואָס האַרדי איז געוועזן פאַר דער ענגלישער. זינט דעם יאָהר 1900 איז ער געוועזן דער פּראָמינענטסטער סאָציאַליסט דאָ אין לאַנד, דער מעכטיגסטער רעדנער דער איינפלוסרייכסטער פיהרער פון דער היגער באַוועגונג.

דעבס וואָלט געוועזן דער ערשטער זיך אָפּצוטרייסלען פון דעם טיטעל „פיהרער“, און ער האָט טאַקי ווירקליך פּראָטעסטירט געגען דעם וואָס מען באַטראַכט איהם פאַר אַ פיהרער. אַבער פיהרערשאַפט איז ניט עפּעס וואָס מען קלייבט אויס פאַר זיך אַליין. איינעמ׳ס פעהיגקייט, איינעמ׳ס טעטיגקייט אין אַ באַוועגונג קענען איהם געבען דעם פּרעסטיזש און די מאַכט פון אַ פיהרער אפילו אז ער אַליין וויל עס גאָר ניט. און דאָס איז דער פאַל מיט דעבס׳ן. ער האָט ניט געקענט אויסמיידען צו ווערען דער פיהרער, ער איז געוואָרען דער פיהרער טאַקי דורך זיין מערקווירדיגער טהעטיגקייט, וואָס האָט געוואונען פאַ איהם די אַכטונג און די ליעבשאַפט פון אַלע סאָציאַ־ליסטען סיי דאָ, סיי אויף יענער זייט ים.

דעבס איז געבאָרען געוואָרען אין אַ קליינעם הילצערנעם הויז אויף נאָרטה 4טע סטריט, טער־אָט, אינדיאַנאַ, אין יאָהר 1855. די דאָזיגע היסטאָרישע הויז איז נאָך ביז מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געשטאַנען און איז פאַרהעלטענמעסיג ניט לאַנג צוריק „אָפּגעווישט געוואָרען“, פאַרשוואונדען.

טעררע האוט איז געווען נאָך גאָר אַ יונג שטעדטעלע, ווען דעבס איז געבאָרען געוואָרען. עס איז נאָך דאָרט געווען דער דעמאָקראַטישער גייסט פון די סאַמע ערשטע. האַנטווערקעריי און היימישע מלאכות זיינען נאָך געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין אינדיאַנאַ. פון קיין מאַ־שינען האָט מען דאַן נאָך דאָרט ניט געוואוסט, בלויז פינף יאָהר איידער דעבס איז געבאָרען געוואָרען האָט מען אין יענעם סטייט אויסגעבויט די ערשטע — און זעהר קורצע — אייזענבאַהן.

אין זידליכען טייל פון אינדיאנא סטייט האָט זיך שטאַרק אָנ־געזעהן די אַריסטאָקראַטישע שקלאַפּען־טרייבער מיט זייערע גדלנות'־דיגע פּאָרריסענע נעזער. אָבער נאָרט און מיטעל־אינדיאנא זיינען געווען ערטער, וואו די צירליכע אַריסטאָקראַטישע מאַניערען האָבען נאָר אַ קליינע ראָלע געשפּילט און מ'הט ווינציג־וואָס אָפּשיי געהאָט פאַר איינעם, וואָס האָט געבלאָזען פון זיך איבער זיין רייכקייט. קיין גרויסע גבירים זיינען דאָרט, אגב, ניט געווען, און דיביזנעסלייט, וואָס זיינען יאָ געווען, האָבען זיך געהאַלטען ביי די דעמאָקראַטישע פּיהרונ־גען פון זייער צייט. אפילו העט נאָכדעם — אין די שפּעטע 80ער יאָהרען — איז נאָך אַלץ געווען עטוואָס פון יענעם דעמאָקראַטישען גייסט. איך געדענק ווי שוין אין מיינע קינדער־יאָהרען פלעגט נאָך דער רייכסטער מיהל־אייגענטימער פון שטאָדט גוט־ברודערליך שמועסען מיט זיינע אַרבייטער אין מיהל אָדער ביי אַ באַגענעניש אין גאַס.

אָט אין דער דעמאָקראַטישער אומגעבונג, וואו אַלע זיינען פּאַק־טיש געווען גלייך, איז דעבס אויסגעוואַקסען. דאָס האָט געמוזט האָבען אַ שטאַרקע דויערענדע ווירקונג אויף איהם. עס איז דערפאַר נאַטירליך וואָס דעבס האָט אַנגעהויבען רעוואָלטירען ווען אין לעצטען צעהנדליג פון 19טען יאָהרהונדערט האָט דער וואַקסענדער קאַפּיטאַל אַלץ העכער און פרעכער גענומען הויבען דעם קאָפּ.

דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבען שנעל ענטוויקלען, האָט אַלץ מעהר און מעהר אונטערדריקט די דע־מאָקראַטישקייט פון די פריהערדיגע יאָהרען. עס האָבען זיך אָנגעהוי־בען גרויסע ענדערונגען אין דעם סאָציאַלען לעבען. דעבס אָבער האָט זיך ניט געענדערט. ער האָט געזעהן ווי די ערשטע אויפגעקומענע אינ־דוסטריעלע רעדעל־פיהרער קומען אַלץ אָפענער און פרעכער אַרויס מיט זייערע פּרעטענזיעס אויף כבוד, אַנערקענונג און מאַכט; אַז עס ווערט געשאַפען אַ נייער סאָרט אַריסטאָקראַטישע קליקעס, וואָס פאַר־כאַפּען אַלץ מעהר און מעהר דעם קאָנטראָל איבער'ן לעבען.

דער נייער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַמשטאַרקסטען געלאָזט פיהלען אין די נײַנציגער יאָהרען, און אין יענער צייט איז דעבס געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע פיגור.

דער אַלטער דעמאָקראַטישער לעבענס-שטייגער איז שוין געווען טויט אָבער דעבס האָט ניט נאָכגעטאָנצט די ניי־אויפגעקומענע הער־שער פון לעבען, ווי אַ סך אַנדערע האָבען געטאָן. עס האָט זיך אָנגע־הויבען דער רעוואָלט פון די פאַרמערס אין דער פּאָליטיק. די אַר־בייטער האָבען אָנגעהויבען זיך אָרגאַניזירען אין די טרייד־יוניאָנס, און דעבס איז געווען פאַרבונדען מיט דיביידע נייע ערשיינונגען אין אַמעריקאַנער לעבען. ער איז אין ביידע באַוועגונגען געווען טעטיג.

די טרייד־יוניאָנס זיינען געקומען ווי אַ באַוועגונג פון די שטאָד־טישע אַרבייטער צו פאַרטיידיגען זיך געגען דעם אויפגעקומענעם קלאַס פון קאַפּיטאַליסטישע אונטערדריקער. די פּראָגרעסיווען פּאָליטישע באַוועגונג פון יענער צייט איז געקומען הויפּטזעכליך פון די פאַרם־געגענדען, וואו מען האָט נאָך געדענקט און טייער געהאַלטען דעם דעמאָקראַטישען גייסט, וואָס די אייזענבאַהן־מאַגנאַטען און די אינ־דוסטריעלע „באַראָנען" האָבען זיך אַ נעהם געטאָן צו פאַריאָגען.

עס איז געווען נאַטירליך, וואָס דעבס איז אין יענער צייט גע־וואָרען אַ פּאָפּוליסט און טרייד־יוניאָניסט. ער האָט שוין דאַן געהאַט איינגעזעהן די נאָהענטע פאַרבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישען דעם עקאָנאָמישען און דעם פּאָליטישען לעבען. ער האָט זיך דארום פאַר־בונדען מיט דער נייער באַוועגונג פאַר פּאָליטישער אַרבייט און איז געוואָרען טהעטיג אין דער יוניאָן באַוועגונג, וואָס האָט גענומען אַרויס־צייגען ווידערשטאַנד דער וואַקסענדער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם. אין יענער צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרען די יוניאָן פון אַמעריקאַנער אייזענבאַהן־אַרבייטער, ביי וועלכע דעבס האָט געשפּילט אַזאַ אומ־געהייער גרויסע ראָלע. כאָטש ער איז נאָך דאַן ניט געווען קיין סאָצ־יאַליסט, האָט דעבס, מיט זיין טהעטיגקייט צו אָרגאַניזירען די אַר־בייטער, שוין דעמאָלט באַוויזען, אַז ער דענקט און האַנדעלט לויט די פאָדערונגען פון די נייע אומשטענדען, וואָס דער קאַפּיטאַליזם ברענגט מיט זיך.

דאַן איז געקומען דער קורצער, אָבער שפּאַנענדער קאַמף פון דער אייזענבאַהן־יוניאָן געגען דער „גרעיט נאָרטערן אייזענבאַהן קאָ־

מפאניע אין יאהר 1894 די סטרייקערס האבען דעם קאמף געוואונען, און דעבס האט קומענדיג צוריק אהיים פון דעם „אינדוסטריעלען שלאכטפעלד", געקראגען איינע פון די גרעסטע און באגייסטערסטע אויפנאמעס אין זיין קאריערע.

מיט א פאר מאנאטען שפעטער האט די אייזענבאן יוניאן אויפ־גענומען דעם קאמף פאר די פולמאן־קאר ארבייטער און האט געטראפען נעגען זיך א כאפטע פראוואקאטארס פון די אייזענבאהן מאגנאטען, פיינדליכע קאורטס, מיליטער, דער אטוירני דזשענעראל פון די יונייטעד סטייטס און דער פרעזידענט קליוולאנד אליין אויך. די פינסטערע כוחות פון די מאגנאטען האבען געשלאסען איין האנט מיט די פינס־טערע כוחות פון דער רעגירונג צו ברעכען דעם סטרייק. זיי האבען זיך באלד א נעם געטאן צו דעבס'ן.

זיי האבען דעבס'ן באלד אריינגעזעצט אין וואודסטאקער פריזאן אויף א יאהר צייט. אויף קורצע טערמינען זיינען אויך אנדערע סטרייק־פיהרער פארשפארט געווארען אין דזשייל. דער נייער קא־פיטאליזם האט אויפ'ן מאמענט געזיגט, אבער אלץ, וואס האט דע־מאלט פאסירט, האט געהאט א געוואלדיגען איינפלוס אויף דעבס'עס ווייטערדיגער טהעטיגקייט.

ווען ער איז באפרייט געווארען, איז דעבס ווידער געקומען צוריק אהיים. דער שרייבער פון דיזען ארטיקעל איז דאן געווען צווישען דעם צעהן־טויזענד קעפיגען עולם, וואס איז געקומען דעבס'ן מקבל פנים זיין ביים סטיישאן. עס איז געווען אן אווענד, וואס קען ניט פארגעסען ווערען. איהר האט נגעזעהן פאר זיך א ים פון באגייסטערטע פנים'ער, וואס האבען באגריסט זייער באליבטען „פריזאנער". העטס זיינען געפלויגען אין דער לופטען. די לופט איז ממש געווען הייס פון ענטוזיאזם. ווי פון זיך אליין האט דער עולם א הויב געטאן דעבס'ן איבער אלעמענס קעפ. אויף די אקסלען האט מען איהם גע־בראכט א היים, אין דער הויז, וואס איז געווען דריי בלאק אוועק פון סטיישאן. שפעטער האט דעבס גערעדט פאר'ן גרעסטען עולם, וואס האט ווען עס איז אנגעפאקט די אלטע „נעילאר אפערא הויז". דעבס האט זיך ניט פארענטפערט אין זיין רעדע; ער האט ניט

געוויזען דעם מינדעסטען סימן פון חרטה אויף דעם, וואָס איז געווען אַ פּריזאָנער... עס האָט גערעדט אַ דרייסטער קעמפער, וואָס האָט ערקלערט קריג די אויפקומענדע קאַפּיטאַליסטען און אַלע אונטער־דריקער.

מיט אַ יאָהר שפּעטער, אין 1896, האָט דעבס אַגיטירט פאַר וויליאַם דזשענינגס ברייען, וועלכער האָט דעמאָלט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אַלס פּראָגרעסיווער פּאָליטישען.

אַ דאַנק וויקטאָר ל. בערגער, האָט דעבס שוין פריהער, זיצענדיג אין וואודסטאָקער פּריזאָן, געלייענט די ווערק פון קאַרל מאַרקס. אין פּריזאָן האָט ער גענקראָגען צו לעזען נאָך אַנדערע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. ער האָט שוין אָנגעהויבען ווערען אַ סאָציאַליסט, און אַגיטירט האָט ער פאַר ברייען'ען, ווייל ברייען האָט דאַן געשטורעמט די פעסטונג פון די רעאַקציאָנערע דעמאָקראַטישע פּאָליטישענס.

אין יאָהר 1887 איז די אייזענבאַהן יוניאָן צובראָכען געוואָרען אין שיקאַגאָ. די אייזענבאַהן־מאַגנאַטען האָבען יעדען יוניאָן־מאַן אריינגעשטעלט אין דער שוואַרצער ליסטע. די אייזענבאַהן ארבייטער, וואָס זיינען אין יענער שווערער צייט, טראָץ אַלע פאַרפאָלגונגען, געבליבען געטריי זייער יוניאָן, האָבען זיך פאַראייניגט מיט די סאָצ־יאַליסטישע גרופּעס, וואָס האָבען ניט געקענט געהן צוזאַמען מיט דער „סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי", און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען „די סאָשעל דעמאָקראַסי אָוו אַמעריקאַ". אויף דער ערשטער קאָנווענשאָן פון דער נייער פּאַרטיי זיינען אויך געווען איינינע אַנאַרכיסטען, און טיילווייז צוליעב זיי האָט די „סאָציאַל דעמאָקראַטיע" געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווען דעפּאַרטמענט מיט דער אַבזיכט צו קאָלאָניזירען סאָצ־יאַליסטען אין איינעם פון דיוועסטערן סטייטס, קריגען דאָרט דעם קאָנטראָל אויף אַזאַ אופן און פאַרוואַנדלען דעם גאַנצען סטייט אין אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט.

אַ ספּעציעלע סאָב קאָמיטע איז באַשטימט געוואָרען אויסצואַרביי־טען די פּראַקטישע זייט פון דעם קאָאָפּעראַטיווען פּראָגראַם. ווי ווייט איך געדענק, איז דער אַלטער אינטערנאַציאָנאַליסט, קוירנעל ריטשאַרד ט. הינטאָן, געווען איינער פון דער קאָמיטע.

די קאַמיטע האָט אַרויסגעגעבן קליינע פּאַפּיר קעסטעלאַך מיט שפּעלטלאַך אויף אַריינצוואַרפן געלט. יעדער סאָציאַליסט איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו האַלטן בײַ זיך אַזאַ קעסטעלע, און בײַ יעדע מעגליכקייט אַריינוואַרפן וויפיעל געלט ער וועט נאָר קענען פאַר די קאָלאָניזאַציע־צוועקן. די קאַמיטע אַליין האָט זיך אַוועקגעלאָזן איבער די סטייטס אין די וועסט און „געפּרואווט" דעם באָדען צו געפינען אַ גאָלד־מאַין, וואָס זאָל מיט איין קלאַפּ געבן גענוג געלטמיטלען פאַר די סאָציאַליסטישע קאָלאָניסטן, אַז זיי זאָלן קענען אַ געלט קעסטעלע און דעבס האָט מסתמא אויך אַזאַ קעסטעלע געהאַט. אַ סעלט־באַקסעל און דעבס האָט מסתמא אויך אַזאַ באַקסעל געהאַט.

אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָט דעבס ניט איינמאָל האַרציג געלאַכט איבער יענע קאָאָפּעראַטיווע „פּראָגראַם".

די נאַאיווע „פּראָגראַם" איז אויף דער קאָנווענשאָן פון יאָהר 1898, אין שיקאַגאָ, אויפגעגעבן געוואָרען. די אַנאַרכיסטען און אַנדערע נאַאיווע טרוימער האָבען אונז פאַרלאָזען און האָבען מיטגענומען מיט זיך יענע קאָאָפּעראַטיווע „פּראָגראַם" און דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע. די סאָציאַליסטען, ווידער, האָבען דאַן אָרגאַניזירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך פאַראייניגט מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויף דער „איינינגקייטס־קאָנווענשאָן", וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אינדיאַנאַפּאָליס אין יאָהר 1901.

דעבס'עס טעטיגקייט זינט יענער צייט ביז היינט איז אין אַלגעמיין גוט באַקאַנט. אָבער עס זיינען אויך געווען פּאַסירונגען, פון וועלכע ווייס ניט אַלע ווייסען.

דעבס האָט אַ סך מיטגעהאָלפען צו בויען די טרייד־יוניאָנס אין טער־האַט און צו אָרגאַניזירען די „סענטראַל לייבאָר יוניאָן". ווי אין פיעלע אַנדערע שטעדט, זיינען אָבער איינינגע פון די, וואָס האָבען באַלאַנגט צו דער „סענטראַל לייבאָר יוניאָן", געווען פאַרבונדען מיט איינער פון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, און זיי זיינען געלאָפען אויף די טיקעטס פון די רעפּובליקאַנער אָדער דעמאָקראַטען, אַלס „אַרבייטער־קאַנדידאַטען". ס'איז די דאָזיגע ברואים געגאַנגען

צייטענווייז אין לעבען צו ווארפען בלאטע אויף דעבס'ן, אום צו
פרידענצושטעלען זייערע פאליטישע באסעס. זיי האבען דארום ניט
איינמאל פארשפרייט געשיכטעס, אז דעבס דינגט סקעבס צו ארבייטען
ביי פארריכטען זיין הויז. פארשטעהט זיך, אז די געשיכטעס זיינען גע-
ווען ניט-געשטויגען, ניט-געפלויגען, ניט מעהר ווי ליגענס פון פאר-
קויפטע לייט, וואס האבען זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיין געמיינהייט
צו דינען זייערע קאפיטאליסטישע אויבערהארען.

מיט א 20 יאהר צוריק איז איינער א מר. סטיווענס, וועלכער
איז דאן געווען דער פרעזידענט פון דער „סענטראל לייבאר יוניאן“,
נאמינירט געווארען פאר שעריף פון וויגא קאונטי אויף'ן רעפובלי-
קאנישען טיקעט. דער סטיווענס איז לויט זיין אויסזעהן געווען וואס
מען רופט אן „אפגעפרעסענער פארשוין“ און ס'חיות איז איהם אויס-
געגאנגען צו ווערען שעריף. אבער גראד איז דאן, ווען ער איז נאמי-
נירט געווארען, אויסגעבראכען א סטרייק פון די סטריט-קאר ארבייטער.
די סטריט-קאר-ארבייטער זיינען אלע ווי איין מאן ארויס אין קאמף
געגען דער קאר קאמפאניע, וואס האט זיי שרעקליך עקספלואטירט.
עס זיינען אוועק טעג, און קיין איין קאר האט זיך פון ארט ניט
גערירט. סטיווענס'עס רעפובליקאנער האבען דאן געלאזט וויסען
איהם, זייער שעריף-קאנדידאט, אז אויב ער וועט ניט זעהן, אז דער
סטרייק זאל זיך ענדיגען פאר עלעקשאן, וועלען זיי איהם שוין „פיקסען“
אזוי, אז ער זאל ניט ערוועהלט ווערען. סטיווענס, כאטש ער איז
געווען דער פרעזידענט פון דער „סענטראל לייבאר יוניאן“, האט דאך
גענומען אפהאלטען געהיימע קאנפערענצען מיט די פארשטעהער פון
דער קאמפאניע אהן דעם וויסען פון די סטרייקער. א גלח איז אראפ-
געבראכט געווארען צו האלטען דרשות פאר די סטרייקער און אויף
א „פרומען“ שטייגער ברעכען זייער איינינקייט און זייער סטרייק.
סטיווענס אליין האט אויך אנגעהויבען ריידען, אז די סטרייקער זאלען
געהן צוריק צו דער ארבייט און אז מיט זייערע פאדערונגען זאלען
זיי זיך „פארלאזען אויף מענשען“.

די איינינקייט פון די סטרייקער איז אויף אזא אופן א היבש
ביסעל טאקע געבראכען געווארען. די עהרליכע און איבערגעגעבענע
יוניאן-לייט זיינען געווען פארצווייפעלט און פארביטערט.

דעבס איז דעמאָלט אָנגעקומען אין שטאָדט אַריין און די טריי־געבליבענע יוניאָן־קעמפּפער האָבען איהם געבעטען, אז ער זאָל ראַטעווען די לאַגע. דעבס האָט צוגעזאָגט צו אַדרעסירען אַ מיטינג פון די סטרייקערס, און ער האָט, נאַטירליך, געהאַלטען זיין צוזאָג, און נאָך ווי געהאַלטען!

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין אויף דעם מיטינג. דער האָל איז געווען געפּאַקט. די סטרייקער האָבען געוואוסט, וועד עס וועט צו זיי רעדען.

איך האָב שוין פאַר יענעם מיטינג און נאָך יענעם מיטינג אַ סך מאָל געהערט דעבס׳ן רעדען, און ביז היינט דענק איך, אַז דאַן האָט ער געהאַלטען זיין וואונדערליכסטע רעדע. ער האָט ניט גע־שאָנעוועט די פאַררעטער פון סטרייק. זיין רעדע איז געווען ווי אַ מעכטיגער שטראָם, וואָס האָט פאַרכאַפּט די הערצער פון די פאַר־זאַמעלטע. דער דיקער סטיווענס איז געשטאַנען ביים ברעג פון רעדנער־טיש און האָט געשוויצט ווי אַ ביבער, ווען ער האָט געפיהלט און געזעהן ווי די אייניגקייט פון די סטרייקער ווערט באַנייט, און זיינע שאַנסען ערוועהלט צו ווערען אַלס שעריף ווערען צושמעטערט.

מיט ענטוזיאַסטישע אויסגעשרייען און מיט אַ שטורעם פון באַגייס־טערטע אַפּלאָדיסמענטען האָבען די פאַרזאַמעלטע געדאַנקט דעבס׳ן פאַר זיין רעדע און די סטרייקער האָבען גלייך אויפ׳ן פּלאַץ אָנגענומען אַ רעזאָלוציע אָפּצושליידערען דעם כלומר׳שטען סעטעלמענט־פאַר־שלאַג, וואָס סטיווענס און זיינע נאָכטאַנצער האָבען געמאַכט.

אומגליקליכערווייזע האָט גראָד דאַן דעבס ניט געקאָנט אָפּגעבען זיין גאַנצע צייט אויף דעם סטרייק, וועלכער האָט זיך געצויגען אַ היב־שע צייט. סטיווענס האָט פאַרגעזצט זיין פאַררעטערישע ארבייט און די סטרייקער האָבען פאַרלאָרען דעם קאַמף. די עהרליכע און איבערגע־געבענע יוניאָן־לייט האָבען אָבער געהאַט אַ טרייסט — סטיווענס איז ניט ערוועהלט געוואָרען. ער איז קיינמאָל ניט געוואָרען דער שעריף פון ווינגא קאונטי.

נאָך אַ פאַל פון דעבס׳עס קאַריערע, וואָס איז ווייניגער טראַגיש, ווי דער פאַל מיט דעם פאַרלוירענעם סטרייק, מוז דאַ דערצעהלט ווע־

רען און איך בין זיכער, אַז די לעזער וועלען הנאה האָבען. אין יאָהר 1898 האָט דער סאָציאַליסטישער לאָקאַל פון טער־אָט צום ערשטען מאָל נאָמינירט קאַנדידאַטען פאַר אַלע אַמטען פון שטאָדט און קאונטי. דער לאָקאַל איז באַשטאַנען פון ארום 12 מיטגלידער און מען האָט געמוזט נאָמינירען אַלע מיטגלידער אום אויסצופילען דעם „טיקעט". דעבס איז דאַן געווען אין שטאָדט און איז געווען דער טשערמאַן פון דער „נאָמינייישאַן קאַנווענשאַן". מיר האָבען געמאַכט נאָמיניי־שאַנס פאַר יעדען אַמט אויסער איינעם: ס'האָט אוינז געפעהלט אַ קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט פון דיסטריקט אַטוירני אין וויגאָ קאונטי. מיר זיינען געווען געפּלעפט. מיר האָבען ניט געהאַט קיין לאָיער אין לאָקאַל און דער איינציגער קאַנווענשאַן־מיטגליעד וואָס איז נאָך ניט געווען נאָמינירט פאַר אַן אַמט איז געווען מאַק טוירטעל, אַ האַלבער אינדיאַנער.

דעבס, אַלס טשערמאַן, האָט אויסגערופען מען זאָל נאָמינירען אַ קאַנדידאַט פאַר דיסטריקט אַטוירני. שאַ, שטיל. קיינער ענטפערט ניט. ווידער אויסגערופען און ווידער — קיין ענטפער. מ'נאָמינירט ניט. דעבס האָט זיך דאַן אויפגעשטעלט, גוט ארומגעקוקט די פאַר־זאַמעלטע און דערזען מאַק טוירטעל, דעם איינציגען, וואָס איז נאָך ניט נאָמינירט געוואָרען און האָט איהם נאָמינירט. מאַק טוירטעל איז ניט געווען קיין לאָיער, אָבער ער איז געווען אַ געטרייער מעמבער פון אַרבייטער קלאַס. מאַק טוירטעל איז געוואָרען אונזער קאַנדידאַט פאַר דיסטריקט אַטוירני פון וויגאָ קאונטי.

מיט אוואָך שפּעטער, ווען די ליסטע פון אונזערע קאַנדידאַטען איז ערשיענען אין די צייטונגען, איז גראַדע דעמזעלבען טאָג אָפּ־געדרוקט געוואָרען אַ שטיקעל נייעס, אַז מ'האָט געפונען אונזער מאַק טוירטעל טויט־שכור און מען האָט איהם פאַרשפּאַרט אין דזשייל. מיר זיינען די גאַנצע צייט געווען אַביסעל אומרוהיג איבער דעם קאַנדידאַט פאַר דיסטריקט אַטוירני אויף אונזער „טיקעט", אָבער פריהער האָבען מיר געהאַט גרויסען אַז ער האָט שוין לאַנג ניט גע־טרונקען.

באלד נאכדעם האבען מיר געהאט נאך פובליסיטי, א דאנק אונזער מאק טוירטל. זיין ווייב האט איהם פארקלאגט אין קאורט און גע־פאדערט א גט. איגגיכען איז ער ארויס פון דזשייל און איז ווידער פריי געווארען צו שטעלען זיך אין די רייהען פון די פראלעטארישע קעמפער. ער האט אבער אן אנגע'שכור'טער א קאפיטשקע פארבלאנ־דזשעט און מ'האט איהם געפונען אין אנדערע רייהען. ער איז גע־קומען אנגעטרונקען צו א מיטינג פון דער סאלוועישאן ארמיי, וואו ער האט זיך ניט אויפגעפיהרט ווי א דזשענטעלמען און איז ווידער אפגעפיהרט געווארען אין דזשייל אריין.

דער רעזולטאט? מיר האבען אין יענע וואהלען געקראגען וויינ־גער פון הונדערט שטימען. דאן — אין יענער צייט — האבען מיר געהאט גרויס הארצוועהטאג פון אונזער קאנדידאט פאר דיסטריקט אטוירני. אבער דערנאך, אין שפעטערדיגע יאהרען, האבען מיר גע־האט א סך שפאס דערמאהנענדיג זיך אין דעם פאל מיט מאק טוירטל.

* * *

די רעדע וואס דעבס האט געהאלטען אין קענטאן, די רעדע פאר וועלכער ער איז פאר'משפט געווארען אויף צעהן יאהר פעדע־ראלען פריזאן, ווערט שוין איצט באטראכט ווי א היסטארישע געשע־עניש. די רעדע איז שוין א טייל פון דער אמעריקאנער היסטאריע, אבער איך געדענק נאך זעהר גוט די טעג, ווען איך האב איהם גע־טראפען אין טער־אט, א פאר וואכען איידער ער איז געפאהרען קיין קענטאן האלטען זיין היסטארישע רעדע. ער האט דאן ערקלעהרט וואס ער וועט אין קענטאן זאגען. ער איז געווען פעסט ענטשלאסען אבזיכטליך איבערצוטרעטען דעם פינסטערען אזוי־גערופענעם „שפיא־נאזש־געזעץ" אונעמען אויף זיך די שטראף. קיין ארגומענט, קיין טענה האט ניט געקענט ענדערען זיין באשלוס. זיין הארץ האט גע־ברענט מיט פראטעסט געגען וואודראו ווילסאנ'ס היפאקריטישע רייד און טעראריסטישע פאליסים. דעבס איז געווען איבערצייגט, אז ער טאר זיך ניט אויסהיטען פון געהן אין פריזאן אין א צייט ווען אנ־דערע, וואס האבען געפרעדיגט געדאנקען, אין וועלכע ער אליין גלייבט אויך, זיצען שוין הינטער גראטעס.

דאַס נעקסטע מאָל וואָס איך האָב איהם געזעהן איז געווען אין דעם אַטלאַנטאַ פּריזאָן. סעימור סטעדמאַן, דזשוליוס גערבער און איך זיינען ערוועהלט געוואָרען אַלס אַ קאָמיטע אָפּיציעל צו מעלדען דעבס'ן, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט איהם נאָמינירט אַלס איהר פּרעזידענט קאַנדידאַט פאַר די וואַהלען פון 1920. מיר זיינען געפאָהרען צו דעבס'ן. אין וואַשינגטאָן איז אויף אונזער טרעין אַרויף אַ מאַן וועלכער איז געווען אַ קאַנדידאַט צו קריגען די פּרעזידענט־נאָמינײשאָן פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי. דער מאַן איז געווען גענעראַל וואוד. מיט איינינע וואָכען צוריק זיינען אויפגעדעקט געוואָרען איינינע אייג־צעלהייטען וועגען דעם פאָנד, וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען צו קויפען פאַר גענעראַל וואוד די נאָמינײשאָן. וואוד איז געווען דער זייף־קאַנדידאַט. פּראָקטאָר, דער זייף־קעניג, האָט געוואָלט האָבען אַ פּרעזידענט אין זיינע ביזנעס. און דער זייף־קאַנדידאַט איז געפאָהרען מיט אונז אויף איין טרעין און האָט פאַרשפּרייט „איינפלוס" אין די שטעט און שטעטלאַך אויפ'ן וועג קיין אַטלאַנטאַ.

דעבס איז געווען דער רוהיגסטער מענש אין פּריזאָן. אַזוינס האָט קיין מאָל פריהער ניט פּאַסירט: אַ מאַן אין פּריזאָן־קליידער, הינטער אייזערנע גראַטעס און צו איהם קומט אַ קאָמיטע מיט אַ מעלדונג, אַז אַ פּאָליטישע פּאַרטיי האָט איהם אויסגעקליבען ער זאָל פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון דעם מענשען (פּרעזידענט ווילסאָן), וועלכער איז אין אַ גרויסער מאָס געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער שטראָף וואָס מען האָט אויף דעבס'ן אַרויפגעלעגט.

מ'האָט דעבס'ן געדאַרפט ברייננען אין אָפיס פון וואָרדען זעלבסט, וואו מיר האָבען געוואַרט אויף איהם. עס איז געווען אַ פיינליכע אַטמאָספערע. די אונטערדריקטע געפיהלען פון פאַרדרוס און וועהטאָג האָבען זיך ווי געפיהלט אין דער לופט. ס'איז אונמעגליך צו באַ־שרייבען אונזער אנגעשטריינגקייט אין די מינוטען, ווען מיר האָבען געוואַרט.

און אָט געהט דעבס איבער'ן קאָרידאָר צום אָפיס. ער רעדט עפּעס מיט'ן פּריזאָן־וועכטער וואָס באַגלייט איהם. זיין האַלטונג איז געווען ווי מיר וואָלטען געקומען איהם באַזוכען אין זיין אייגענער

היים. מיר האָבען געפיהלט ווי אַ שטיין וואָלט אונז אַראָפּ פון הארצען.

כ'האָב געקענט זעהן ווי דעבס'עס פריינד, וואָס זיינען געקומען אין פּריזאָן צוזאַמען מיט דער קאָמיטע, האָבען לייכטער אָפּגעאָטעמט און זיינען צו זיך געקומען פון דער פריהערדיגער נערוועזיטעט, ווען דעבס איז אריינגעקומען. די צערעמאָניע פון אונזער מעלדען און פון דעבס'עס אָננעמען די נאָמינייישאָן איז דורכגעפיהרט געוואָרען. מיר האָבען פּאָזירט מיט אונזער פּריזאָנער פאַר פאָטאָגראַפערס, וואָס האָבען אונז אראָפּגענומען עטליכע מאָל אין פאַרשיידענע פּאָזעס און דעבס האָט באַגלייט זיינע פריינד ביז אויף יענער זייט אריינגאַנג פון פּריזאָן. דאָס שיידען זיך איז ניט געווען אַזוי פיינליך ווי דאָס באַגעגענען זיך און דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען דעבס'עס איינ־דרוקספול־רוהיגע האַלטונג און די גוטע שטימונג אין וועלכער מיר האָבען איהם געטראָפען.

דעבס ווערט באַפרייט, און נעמט זיך גלייך פון דאָס ניי צו דער ארבייט. דער גרויסער קעמפער פיהרט נאָך די ארבייט מיט דעם ברען פון אַ באַגייסטערטען יונגעמאַן. ערגיט אוועק זיין צייט, זיין גאַנצע צייט אויף דער ווידעראויפבויאונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע זאַגעגאַנטע „פריינד" פון ארביימער קלאַס און דער טראַאַר פון דעם „נייעם סאָרט פרייהייט" האָבען געזוכט צו פאַרניכטען. זינט ער איז ארויס פון אַטלאַנטאַ פּריזאָן האָט דעבס, מיט דער אויסנאַהם פון דער סאָוטה, נעהאַלטען רעדעס אין יעדען טייל פון לאַנד. ער גיט אוועק זיין צייט און ריזיקירט מיט זיין געזונט און נאָר מיט איין ציעל — צו באַגייסטערען דעם ארבייטער־קלאַס מיט די אידעאַלען פון אַ סאָציאַליסטישער וועלט.

ס'איז זיכער דאָ מיט וואָס מקנא צו זיין דעם אונערמידליכען קעמפער וואָס האָט זיין לעבען אָפּגעגעבען פאַר'ן ארבייטער קלאַס. ער איז די לעבעדיגע פאַרקערפּערונג פון דעם סאָציאַליסטישען גלויבען און חבר'שאַפט, דער קעמפער געגען קאַפּיטאַליזם און דער גייסט־רייכער אָנזאָגער פון דער ארבייטער־באַפרייאונג.

פרייטאג אָוונט, דעם 27טען פעברואַר, 1876, איז אין טעראָט, אינדיאַנאַ, אָרגאַניזירט געוואָרען אַן אָרטיגע אָפּטיילונג (אַ לאָקאַל) פון דער „בראָדערהוד אָוו לאָקאָמאָטיוו פייערמען". אָרגאַניזירט דעם לאָקאַל האָט דער דעמאָלסדיגער גרענד־מאַסטער פון דער ברודערשאַפט יהושע א. ליטש. איך בין געווען איינער פון די ערשטע מיטגליעדער און אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר דעם סעקרעטער פון לאָקאַל. ליטש, אַ טיפּישער לאָקאָמאָטיוו־הייצער פון יענער צייט, איז געווען דער גרינדער פון דער „בראָדערהוד" ער האָט מיך גלייך צוגעצויגען צו זיך מיט זיין אומגעהובעלטער, ניט־פאַרפּוצטער עהרליכקייט, איינפאַכען האַלטען זיך און מיט דער וואַרעמקייט פון זיין שטימע.

ווי גוט געדענק איך נאָך איצט, ווי ער האַלט זיין גרויסע האַנט אויף מיין פּלייצע און קוקענדיג אין מיינע אויגען מיט'ן פריינדליכען בליק פון אַן עלטערען ברודער זאָגט ער צו מיר: „מיין זוהן, דו ביסט נאָך יונג, אָבער איך גלויב אין דיין ערנסטקייט און אין דעם, אַז דו וועסט מאַכען אַ רושם אין דער יוניאָן". איך האָב איהם פאַרשטעהט זיך, פאַרזיכערט, אַז איך וועל טאָן אַלץ, וואָס מיינע כחות וועלען נאָר ערלויבען. די מיינונג, וואָס ליטש האָט געהאַט וועגען מיר, האָט ניט וועניג געשמייכעלט מיין איגעלשער גאוה. איך האָב געהערט, אַז מיט אַ פּאָר מאָנאַטען שפּעטער, אויף אַ מיטינג אין סט. לואיס, אָפּגעבענדיג אַ באַריכט וועגען זיין אַרבייט, האָט ער באַמערקט: „איך האָב ניט לאַנג צוריק אַריינגענומען אַ פלאַקס־האָריגען יונג אין דער אָרגאַניזאַציע אין טער־אָט און איך גלויב, אַז ער וועט שטעהן אַמאָל אין דער שפּיץ פון דער ברודערשאַפט".

זיבען־און־צוואַנציג יאָהר זיינען זינט דאַמאָלט פאַראיבער, און וואָס נאָר האָבען זיי פון אַלעמען ניט געמאַכט! ווען איך האָב ניט לאַנג צוריק באַגעגענט ליטש'ן און געדריקט זיין גוטע האַנט, האָב איך באַמערקט, אַז ער איז שוין באַשאָטען מיט שניי, וואָס צוגעהט קיינמאָל ניט... און טראַכטענדיג וועגען איהם איצט:

„די זכרונות וואכען אויף און פליהען מיט'ן שנעלען צוג
אזוי ווייט, און דאך — אזוי ווייט ליעב און נאהנט...

אזוי ארום בין איך אריינגעטראטען אין אן ארבייטער ארגאני־זאציע. א נייע האפנונג האט צופלאמט מיין אמביציע און איבערגע־ביטען דעם גאנצען גאנג פון מיין לעבען. אי בין געווען פול מיט ענטוזיאזם און מיין בלוט איז פשוט געשפרונגען אין מיינע אדערען. טאג און נאכט האב איך געארבייט פאר דער יוניאן. צו זעהן איהרע וואד־פייערען פלאקערען און נאכפאלגען דאס וואקסען פון איהר מיט־גלידערשאפט איז געווען דאס זונשיין און זומער־רעגען פון מיין לעבען; א מיטינג פון לאקאל איז געווען מיין העכסטער גליק און פאר צעהן יאהר צייט האב איך קיין איינמאל ניט געפעהלט אויף א פארזאמלונג פון די טרייע מיטגלידער פון דער ברודערשאפט.

אויף דעם צוזאמענפאהר אין 1878 בין איך אויסגעקליבען גע־ווארען פאר געהילפס־רעדאקטאר פון זשורנאל, וואס די ברודערשאפט האט ארויסגעגעבען, און אין יאהר 1880 בין איך געווארען דער סעק־רעטער און טרעזשורער. מיט מיין גאנצען יוגענד־פייער האב איך זיך אריינגעווארפען אין דעם ים פון קאמף, וואס איז געווען פול מיט האפנונג און מעגליכקייטען. אכטצעהן שטונדען נאכאנאנד פלעג איך זיין ביי מיין שרייב־טיש, ענטפערענדיג אויף בריעף און אנפראגען. די נאכט איז געווען דאס זעלבע פאר מיר, וואס דער טאג און שלאפען האב איך געהאלטען פאר אן אומזיסט גע'פטר'טע צייט. און ווען מיין מוטער, אן וועמעס אנוועזענהייט איך פלעג, צוליעב מיין פארטיעפט־קייט אין דער ארבייט, אינגאנצען פארגעסען, האט אין די שפעטע נאכט־שטונדען אמאל פארלאשען דעם לאמפ, פלעג איך זיך לייגען שלאפען אומצופריעדען, פראטעסטירענדיג. א, צייטען פון אונגעשטיל־טען ווילען און פארצעהרענדער אמביציע! איך האב געפיהלט דעם פולס פון מיין ארבייט, און איך האב געשפרייזט אין טאקט מיט איהר עופאלג.

מיין רייזע־זאק איז שטענדיג געווען פארטיג און איך בין אלע מאל בארייט געווען זיך צו לאזען, וואו די ארבייט זאל נאר רופען.

אַרומשלעפּען זיך איבער'ן באַהן־הויף אין שניי, רעגען און האָגעל האַלבע נעכט, אָדער ביז באַגינען; אַרויסגעוואָרפען ווערען אַלס אַגי־טאַטאָר, אַרונטערגעשמיסען ווערען פון אַ באַהן גראַד ווען כ'האָב זיך געקליבען מאַכען אַ פרייע רייזע, — דאָס אַלץ איז געווען אין פּראָגראַם און האָט נאָך מעהר אויפגעוועקט דעם אַפּעטיט צום זיעג. אַמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט האָט אַ קאָנדוקטור אין עלמיירא, נ. י. מיך זעהר ליעב־ליך אַראָפּגעשטופּט פון אַ צוג ווען כ'האָב אין שניי אָנגעהויבען צו קלעטערען, בין איך אַריינגעפאַלען אין די אָרעמס פון אַ פּאָליסמאַן, וואָס האָט אויסגעהערט מיין ערקלאַהרונג און איז אויפ'ן אָרט מיר געוואָרען אַ פריינד.

איך בין אויסגעווען פון איין עק לאַנד ביז'ן צווייטען, געשלאָפען אויף בענק, געגעסען פון די מיטאָג־קערבלעך ביי די פאַרשוואַרצטע הייצערס, וואָס זיינען נאָך ביז איצט אַזוי נאָהענט צו מיין האַרצען און וועלען עס פאַרבלייבען ביז מיין האַרץ וועט אין גאַנצען קאַלט און שטיל ווערען.

דורך די אַלע יאָהרען האָב איך זיך גענעהרט ביים „פּראָלעטאַ־רישען קוואַל". איך האָב געטרונקען פון זיינע וואַסערען, און יעדער צעל פון מיין קערפּער איז אָנגעזאָפּט געוואָרען מיט'ן גייסט פון אַרבייטער קלאַס. איך האָב געפיהרט אַ לאָקאָמאָטיוו און דורכגעטראָגען אַלע שוועריגקייטען פון באַהן־אַרבייטער. איך בין געווען מיט זיי אין זייערע לאַנגווייליגע און אומעטיגע שעה'ן. איך בין געווען מיט זיי, ווען דער לאָקאָמאָטיוו פלעגט צובראָכען ווערען און איך פלעג העלפען אַהיימברייגען זייערע פאַרבלוטיגטע קערפּערס צו זייערע פרויען און קינדער. ווי אַזוי האָב איך געקאָנט ניט פיהלען די שווערע משא פון אומגערעכטיגקייט, וואָס ליגט אויף זיי? ווי אַזוי האָבען געקאָנט די זוימען פון אויפרעגונג ניט אַריינלאָזען טיעפע וואָרצלען אין מיין האַרץ?

און אַזוי בין איך אַלץ מעהר אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער אַרבייט פון אָרגאַניזירען ניט נאָר די הייצערס, נאָר אויך די רעלסען־אַרבייטער, די ברעמזער (וואָס פּאַסען אויף די רעדער), די אַרבייטער

אין די באהן־ווארשטאטען, די טעלעגראפיסטען, פאקטיש אלע פאכען און טיילען פון דער אייזענבאהן־ארבייטערשאפט. באקאנט אלס אר־גאניזאטאר, בין איך אלע אפטער און אפטער גערופען געווארען צו העלפען בויען און קעמפען. עס זיינען פארהאן וויייניג פאכען, וואס איך האב ניט געהאלפען ארגאניזירען, און נאך ווייניגער, אין וועמעס סטרייקס איך האב זיך אזוי אדער אנדערש ניט באטייליגט.

אין 1894 איז ארגאניזירט געווארען די „אמעריקאן רייל־וויי יוניאן", דער אלגעמיינער פארבאנד פון אלע, אהן אונטערשיעד פון פאך, אייזענבאהן־ארבייטער, און קיינמאל נאך האט קיין מו־טיגערע גרופע מענשען ניט געקעמפט דעם קאמף פון ארבייטער־קלאס.

ביז יענער צייט האב איך זעהר וויייניג געוואוסט פון סאציאליזם. מיר איז געווען פרעמד די גאנצע באוועגונג און דאס ביסעל, וואס איך האב יא געוואוסט האט מיך ניט געמאכט פריינדליכער צום סאציאליזם. איך בין געווען אינגאנצען פארנומען מיט'ן געדאנק פון ארגאניזירען אלע באהן ארבייטער, און מיין חלום איז געווען די אר־גאניזירונג פון גאנצען ארבייטער־קלאס. דאס האט פארנומען מיין גאנצע צייט און ענערגיע. מיין טיעפסטע איבערצייגונג איז געווען, אז ווען די ארבייטער פון יעדען פאך זאלען זיין ארגאניזירט און זאלען ווירקען הארמאניש צוזאמען, וואלטען זיי געקאנט אפשאפען אלע אומגערעכטיגקייטען, וואס ווערען געגען זיי באגאנגען, און רעגולירען די באדינגונגען פון ארבייט. אויב די באלעבאטים קאנען האנדלען פאר־אייניגט — פארוואס ניט די ארבייטער? עס איז געווען גאנץ פשוט: מוט נאך אייערע באלעבאטים.

עס איז איבריג צו זאגען, אז איך האב ערשט געדארפט לערנען די ארט ווי עס ארבייט די קאפיטאליסטישע סיסטעם און ווירקליך, מיר איז גארנישט איינגעפאלען, אז עס איז דא אזא ס י ס ט ע ם. די אפשאפונג פון דער לוין־שקלאפעריי האט גארנישט געהאט צו טאן מיט מיינע פלענער. איך בין ערשט געווען טיעף באזארגט ווי צו פאר־פאלקאמען די לוין־ארבייט און מאכען זי פאר א זאך פון אייביגען גליק און שיינקייט.

פאַרטראַכטענדיג זיך אויף יענער צייט, קומט מיר אוים זעהר מאָדנע, וואָס מיין גאַנצער געדאַנק איז געווען אזוי קאָנצענטרירט אויף איין־איינציגען פּונקט, און איך האָב ניט באַמערקט דאָס, וואָס איצט איז עס פאַר מיר קלאָר ווי די זון. אזוי קלאָר, אז כ׳קאָן גאָר ניט פאַרשטעהן, ווי אזוי אַן ארבייטער, וואָס איז ניט טעמפּ און נאַריש, קען עס ניט באַמערקען.

און אפשר איז עס בעסער, וואָס עס איז אזוי געוועזען. מיר איז באַשערט געווען געטריפט צו ווערען אין הייליגען וואַסער פון סאָציאַליזם אין אַ צייט פון רוישיגען קאָנפליקט צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט. דאַנק איך די הימלען פאַר געבען מיר אַזאַ געלעגענהייט, צו דערזעהן דאָס ליכט אינ׳ם סאַמע שטורם פונ׳ם סאָציאַלען הימעל, — דאָס ליכט וואָס שטראַמט מיט אַלע גרעסערען גלאַנץ אויף דעם בריי־טען שליאַך צו דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

די פאָדערשטע רייהען פון דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" האָ־בען געהאַט געמאַכט גרויסען פאָרטשריט. אַ רייהע קליינע שלאַכטען זיינען געוואונען געוואָרען אָהן די מינדעסטע פאַרלוסטען. איידער זיך צו טרעפען אין קאַמף פּנים אל פּנים, האָבען די באַלעבאַטים גע־געבען אַ רייהע קאָנצעסיאָנען צו די ארבייטער. דער נאָך איז געקומען דער קאַמף פון דער „גרייט נאָרטהערן" ליניע: קורץ, שאַרף און ענט־שיידענד. דער זיעג איז געווען פאָלשטענדיג — דער איינציגער באַ־דייטענדער זיעג, וואָס די באַהן־ארבייטער האָבען ווען־ניט־איז גע־וואונען אין אַמעריקא.

דערנאָך איז געקומען דער לעצטער קלאַפּ — דער פּולמאַן סטרייק — און די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" האָט ווידער געהאַט אַ פול־שטענדיגען זיג. הילפלאָז און פּאַראַליזירט זיינען געוואָרען די פאַר־אייניגטע באַהן־קאָמפּאַניעס. אָבער אַ רייהע קלעפּ, גאַנץ אומער־וואַרטעט, זיינען פון פאַרשידענע זייטען געפאַלען אויף אונז. אַ ווייל זיינען מיינע אויגען בלינד געווען, אָבער באַלד האָב איך דערזעהן דאָס אמת׳ע ליכט. אין גלאַנץ פון יעדען באַיאָנעט, אין רויך פון

יעדער ביקס האט זיך דער ק ל א ס ע ן ־ ק א מ ף ענטפּלעקט צו מיר. דאס איז געווען מיין ערשטע לעקציע אין סאציאליזם, כאטש איך האב נאך דאמאלט ניט געוואוסט, אז דאס איז סאציאליזם.

מען האט געדונגען און ארויסגעלאזען געגען אונז אן ארמיי פון דעטעקטיווס און באנדיטען; אלטע וואגאנען האט מען געברענט און אהן אויפהער האבען געקלונגען די פייער גלאקען.

דעם עולם האט מען געהאלטען אין איין שרעקען, און די שרעקליכסטע קלאנגען זיינען פארשפרייט געווארען, אז א רויטע באנדע האט אין איהרע נעגעל ארייגגעכאפּט דעם האלז פון שיקאגא. אינדזשאנקשאנס זיינען געפלויגען רעכטס און לינקס. מען האט געהאלטען אין איין ארעסטירען. אונזער אפיס, וואס איז געווען דאס הארץ פון סטרייק, איז באפאלען און פארקלאפּט געווארען פון די „געזעצליכע בעאמטע פון דער פעדעראלער רעגירונג. צוזאמען מיט א גרופּע טרייע חברים, האב איך זיך באלד געפונען אין שיקאגא'ער טורמע, באגלייט פון די ווילדע געשרייען פון דער גאנצע פּרעסע וועגען קאנספּיראציע, פאראט און מערדעריי. דורך עפּעס א פּאטאלען צוזאמענפאל האט מען מיר געגעבען די זעלבע צעל, וואס ניט לאנג צוריק האט ביז זיין הינריכטונג פארנומען דער מערדער פון מאיאר האריסאן און וועלכע איז געווען בלויז א פּאר טריט פון'ם ארט, וואו די אנארכיסטען זיינען מיט א פּאר יאהר צוריק געהאנגען געווארען. איך האב דעמאלט געקראגען די צווייטע זעהר פּראקטישע און העכסט איינדרוקספאלע לעקציע אין סאציאליזם.

איינער פון די אדוואקאטען, וועלכען מיר האבען געזוכט צו־צוציהען צו דער פּארטיידיגונג, האט זיך ענטזאגט, ווייל „איהר וועט נע'משפּט ווערען אויפ'ן זעלבען ארט ווי די אנארכיסטען און מעגליך — האט ער צוגעלייגט — מיט זעלבען רעזולטאט". דעם זעלבען טאג, איך געדענק נאך איצט, האט דער וועכטער אונז געוויזען מסתמא אום אונז צו טרייסטען, דעם פּארבלוטיגטען שטריק, וואס איז באנוצט געווארען אין דער לעצטער הינריכטונג. און אזוי ווי ער האט די דאזיגע געזעצליכע מערדעריי בייגעוואוינט, האט ער אונז איבערגעגעבען די קלענסטע איינצעלהייטען.

אָבער דער שטורם האָט זיך שטופּענווייז איינגעשטילט און מיט איהם — די בלוט דורשטיגקייט פון דער פּרעסע און פון דער „עפענטליכער מיינונג“. מיר זיינען ניט פאַר׳משפּט געוואָרען צו דער תליה. און אין די זעקס חדשים, וואָס מיר זיינען געזעסען אין וואודסטאָקער געפענגניס האָט דער סאָציאַליזם אַלץ פעסטער און פעסטער מיך אַריינגענומען אין זיינע הענד. ביכער, בראָשורען, פּאַמפלעטען און בריעף פון סאָציאַליסטען האָב איך ערהאַלטען מיט יעדער פּאָסט. איך האָב זיך אָנגעהויבען צו פאַרטראַכטען אויף דעם סיסטעם, וואו אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס קאָנען מיט איין קלאַפּ צושמעטערט ווערען. די שריפטען פון בעלאַמי און בלעטשפאָרד האָבען שוין פון לאַנג געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק, ווי אויך די „קאָאָפּעראַטיווע רעפּובליק“ פון גרונלאַנד, אָבער די שריפטען פון קאָוטסקי זיינען געווען אַזוי קלאָר און איבערציינגענד. איך האָב גלייך פאַרנומען ניט בלויז זיינע אַרגומענטען, איך האָב דערפיהלט דעם גייסט פון זיינע סאָציאַליסטישע אויסערונגען, און איך דאַנק איהם, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעהאָלפען פון דער פינסטערניש צו ליכט.

ס׳איז געווען גראַד אין יענער צייט, ווען די ערשטע פונקען פון סאָציאַליזם האָבען אָנגעהויבען אויפצוגליהען. וויקטאָר בערגער — און איך האָב איהם ליעב ביז׳ן היינטיגען טאָג — איז ווי אַ שליח פון דער השגחה געקומען נאָך וואודסטאָק און געהאַלטען די ערשטע ליידענשאַפטליכע רעדע וועגען סאָציאַליזם, וואָס איך האָב ווען געהערט, די ערשטע רעדע, וואָס האָט אָנגעהויבען צו באַוועגען מיין הארץ. אַלס אנדענקונג פון זיין וויזיט איז אין מיין ביבליאָטעק פאַרהאַן אַ באַנד פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל“ מיט אַן אויפשריפט פון וויקטאָר בערגער, וואָס איך האַלט עס טייער, ווי אַ זאַך פון אומשאַצבאַרען ווערט.

די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן“ איז געווען געשלאָגען, אָבער ניט באַזיעגט, זיי האָבען איהר בייגעקומען, אָבער ניט פאַרניכטעט. זי לעבט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די נידערלאַגע האָט בלויז העלער געמאַכט דעם וועג, וואָס פיהרט צו עקאָנאָמישער פרייהייט, און פאַרשנעלערט דעם אויפגאַנג פון ברידערליכקייט אויף אונזער וועלט.

אין דעם יולי נומער „מעקליורס מעגעזין" איז דאַ אַן אַרטיקעל פון עקספרעזידענט גראָווער קליוולאַנד וועגען דער רעגירונג אין דעם שיקאַגאָ'ער סטרייק פון 1894". אום דאָס וואָרט „רעגירונג" זאָל דאָ ריכטיג פארשטאַנען ווערען דאַרף געזאָגט ווערען אז דאָ ווערט גערעדט וועגען דער פעדעראַלער רעגירונג פון וועלכער מר. קליוולאַנד איז געווען דער הויפּט אין דער צייט פון שיקאַגאָ'ער סטרייק, און ניט וועגען דער שטאַט רעגירונג פון אילינאָיז אָדער שיקאַגאָ'ער שטאָדט רעגירונג וועמעס רעכט די פעדעראַלע רעגירונג האָט איגנאָרירט און פאַרלעצט אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון מר. קליוולאַנד.

עס איז אודאי בלויז אַ צופאַל, וואָס מר. קליוולאַנד'ס לויב־געזאַנגען וועגען זיין פּאַטריאָטישער אַדמיניסטראַציע, זיינען געקומען פּונקט ערב אַ נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט מעהרסטענס פון זיינע אנהענגערס, וועלכע ארבייטען אז ער זאָל צום פיערטען מאָל נאָמינירט ווערען פאַר פּרעזידענט.

עס איז זיכער, אַז עקס־פּרעזידענט קליוולאַנד ווייסט אַליין גאָר ניט וועגען דעם סטרייק, וואָס ער באַהאַנדעלט און אז די באַווייזע אויף וועמעס גרונד ער האָט אָפּיציעל געהאַנדעלט און אויף וועלכע ער בויט איצט זיין אַרטיקעל זיינען איין־זייטיג, זיינען צוגעשטעלט געוואָרען פון די באַהן־קאָרפּאָראַציעס און פון די, וואָס רעפּרעזענטירען אָדער ווערען קאָנטראָלירט פון די דאָזיגע קאָרפּאָראַציעס. עס איז דער־פאַר קיין וואונדער ניט, וואָס ער פאַלט אריין אין אַ רייהע טעות'ן, אָנפאַנגענדיג מיט די אורזאַכען פון די אומרוהען און ענדיגענדיג מיט דעם גאַנצען אינהאַלט פון זיין בעריכט, ווי עס קען אָהן צווייפעל באַ־וויזען ווערען פון דעם רעפּאָרט וועגען דעם שיקאַגאָ'ער סטרייק, וועלכען

עס האט ארויסגעגעבען די סטרייק-אונטערזוכונגס-קאמיסיע, וואס מר. קליוולאנד האט אליין באשטימט.

דאס איז געווען איינער פון די פיעלע קאמפען, וואס זיינען און וועלען ערשט געקעמפט ווערען אין דער עקאנאמישער מלחמה צווישען קאפיטאל און ארבייט. פיטסבורג, האמסטעד, באפאלא, לאטימער, פאנא, קוירד׳אלען, קריפל גריק און טעלערייד זיינען בלויז איינינע פון די קאמפען אין אונזער לאנד פון דער אלוועלטליכער מלחמה פאר אינדוסטריעלער באפרייאונג.

וואס האט פרעזידענט קליוולאנד געטאן, ווען עס האט אויסגעבראכען דער שיקאגא׳ער סטרייק? האט ער געמאכט א פערזענליכע אונטערזוכונג? — ניין!

האט ער ביידע צדדים גערופען צו א פארהער? — ניין! ער האט עס ניט געטאן.

האט ער אין זיין גאנצען פערצעהן זייטיגען ארטיקעל ציטירט אן ארבייטער, אדער אן ארבייטער פארשטעהער צו פארשטארקען דערמיט זיין ערקלערונג און זיינע אפיציעלע טאטען? — קיין איינעם ניט!

איך באהויפט, אז ער האט יעדען טייל פון אינפארמאציע באקומען פון דער קאפיטאליסטישער זייט, אז אין זיינע האנדלונגען האט ער פארטראטען דעם צד פון דיאייזענבאהן-קאמפאניעס און ער האט זיך גערעכענט נאר מיט זייערע אינטערעסן און אז דעם אנדערן צד האט ער ניט געשאנקען קיין שום אויפמערקזאמקייט. די הונדערטער טויזענטער ארבייטער מיט זייערע פרויען און קינדער וואס זיינען געשטאנען אין קאן, האבען ביי דעם פרעזידענט ניט געהאט מעהר אנזעהן, ווי די שעפסען, וואס ווערען געפיהרט צום שלאכט-הויז. ער איז אלס פרעזידענט געווען ריקזיכטסלאז ווי ער איז איצטער אלס געשיכט-שרייבער געוויסענלאז.

דער פעדעראלער ריכטער האט זיך געפיהלט פארפליכטעט צו פולמאנען, ווייל דורך פולמאנ׳ס איינפלוס האט ער באקומען דעם ריכטער-שטול, און צו די באהן-קאמפאניעס, וועלכע פלעגען איהם

שטענדיג באַזאָרגען מיט פרייער רייזע. און אַלס דאַנק צו זיינע באַ־שיצער און באַזאָרגער האָט דער ריכטער ניט בלויז געזוכט אַנצוהאַלטען די אָרדנונג און אָפּצוהיטען דאָס געזעץ. ער האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען צו צוברעכען דעם סטרייק אין די אינטערעסען פון די באַהן קאָרפּאָראַציעס. און טאָקי דערפאַר האָט עס דזשאָהן פּ. אַלטגעלד, דער גאָווערנאָר פון אילינאָיז, און דזשאָהן פּ. האָפּקינס דער מעיאָר פון שיקאַגאָ, ניט מסכים געווען מיט פּרעזידענט קליוולאַנדס אַדמי־ניסטראַציע און ביידע האָבען איינמוטיג פּראָטעסטירט געגען דעם, וואָס די פעדעראַלע מאַכט האָט געשיקט סאָלדאַטען אין זייער שטאַאַט און שטאָדט. קיין אויפריכטיגער מענש וועט דאָך ניט צושטימען, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל זיך אָפּען און ברוטאַל שטעלען געגען די איינפאַכע בירגער און אין די געלטליכע אינטערעסען פון אַ פּאָר גרויסע געלד־מאַגנאַטען און זייערע קאָרפּאָראַציעס.

דער פאַרשטאָרבענער ריכטער וויליאַם א. וואודס איז געווען איינער פון די הויפּט ריכטער אין דעם שיקאַגאָר אָפּער. ער האָט אַרויסגעגעבען אינדזשאַנקשאָנס, גערופען די סטרייקערס אין געריכט און פאַרשיקט זיי אין געפענגניש אָהן אַ משפּט. אָבער דער פּרעזידענט קליוולאַנד פאַרשווייגט פאָרזיכטיג אַלע פאַרדינסטען פון דעם ריכטער. כאָטש ער ברענגט פיעלע קאָפּיעס פון דאָקומענטען, איז אָבער אין זיין אַרטיקעל ניט פאַרהאַן קיין קאָפּיעס פון די טעלעגראַמען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען צווישען ריכטער וואודס פון זיין היים אין אינדיאַנאַפּאָליס און די אייזענבאַהן־פּאַרוואַלטער פון שיקאַגאָ איידער ער איז אַהערגעקומען איבערצונעמען די ריכטער־שטול.

ריכטער וואודס האָט געפונען פאַר מעגליך צו פאַראורטיילען דעם שרייבער פון די צייטען און זיינע קאָלעגען אָהן אַ משפּט און צו באַ־פרייען וויליאַם וו. דאָדלי פון די טרויעריג באַקאַנטע „בלאַקס אָף פּייוו", טראָץ דעם, וואָס עפּ"י משפּט איז ער געווען פאַראורטיילט.

ריכטער וואודס איז טוידט און איך וויל ניט אַטאַקירען קיין טויטע. ס'איז גענוג, וואָס איך האָב געמוזט דערמאַנען זיין נאָמען און אַז מר. קליוולענד האָט געמוזט זיין נאָמען אויסלאָזען.

אין צייט פון סטרייק איז דער פארשטארבענער דזשארדזש מ. פולמאן גערופען געווארען אין פעדעראלען געריכט עדות צו זאגען. טראץ דער אויפפאדערונג איז זיך פולמאן אין זיין פריוואט צוג אוועקגעפאהרען פון שטאדט, באגעהענדיג דערמיט אן אקט פון באליידיגונג געגען עריכט. צוריקקומענדיג אין באגלייטונג פון זיין אדוואקאט, האט ער געהאט א פריינדליכען געשפרעך מיט'ן ריכטער און מיט דעם איז די זאך ערלעדיגט געווארען. ניט ער האט געדארפט זיך ענטשולדיגען און ניט ער האט געדארפט קומען אין געריכט. דער סטרייקער, אבער, אויף וועלכען עס איז בלויז געפאלען דער קלענסטער פארדאכט פון אומגעהארכזאמקייט צום געריכט, איז מיט האסטיגקייט פאר'משפט און פארזעצט געווארען אין תפיסה. קיין איינעם האט מען ניט געשאנעוועט, און קיין איינער איז ניט איינגעלאדען געווארען צו „א הארץ־צוהארץ געשפרעך" מיט'ן „ליבעסווירדיגען ריכטער.

באטראכטענדיג דעם ארטיקעל פון עקס־פרעזידענט קליוולאנד וויל איך דערווייזען מיינע איינוועגדונגען און אפלייקענונגען, ווי אויך באשטעטיגען מיינע באהויפטונגען. עס איז אבער אוממעגליך דאס צו טאן אויף א צופרידענשטעלענדען וועג אין איין איינציגען ארטיקעל. אזוי אבער ווי נאך דעם, ווי עס איז שוין אריבער צעהן יאהר, איז די זאך געוועזן גענוג וויכטיג, אז מר. קליוולאנד זאל זי צוריק אויפלעבען און אזוי ווי די ארבייטער האבען ניט געהאט קיין מעגליכקייט ביז איצט פארצולייגען זייער צד פאר'ן פאלק — לייג איך פאר אז אלעס זאל אראנזשירט ווערען אן עפענטליכער פארהער פון די ביידע צדדים, אדער אז אין א רייהע ארטיקלען זאל ארויסגעבראכט ווערען דער גאנצער און פולער אמת וועגען דעם גרויסען סכסוך. איך, פון מיין זייט, בין גרייט זיך צו באגעגענען מיט עקס־פרעזידענט קליוולאנד אדער מיט אן אנדערען, וואס ער וועט אויסקלייבען, אין אזא מינדליכער אדער שריפטליכער דיסקוסיע און אויב מיר וועט ניט געלינגען ארונטערצונעהמען דעם שאנד־פלעק פון פארברעכענס וואס מר. קליוולאנד האט ארויפגעווארפען אויף די אייזענבאהן־ארבייטער,

וואס זיינען געווען ארגאניזירט אין דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן“, אויב מיר וועט ניט געלינגען צו ברענגען צופרידענשטעלענדע באוויזע, אז די אלע פארברעכענס זיינען באגאנגען געווארען פון צווייטען צד — פון דעם צד, אין וועמעס אינטערעסען פרעזידענט קליוולאנד האט געשטעלט די גאנצע מאכט פון דער פעדעראלער רעגירונג — וועל איך איינשטימען אפען פאר אלעמען בעטען מחילה ביי די אייזענבאהן קאמפאניעס, צו פארעפענטליכען קאפיעס פון דאקומענטען און אויפגעבען מיין אגיטאציאנס־ארבייט אויף שטענדיג.

עס איז זעהר ליכט פאר מר. קליוולאנד און די איבעריגע וואס זיינען געווען אויף דער זייט פון די אייזענבאהן קאמפאניעס, צו פארעפענטליכען קאפיעס פון דאקומענטען, רעפארטען א. א. וו. פשוט דערפאר, וואס דאס פעדעראלע געריכט פון שיקאגא האט געצוואונגען די טעלעגראפען קאמפאניעס איבערצוגעבען איהר אלע קאפיעס פון די פארהאנדלונגען אויף דער קאנווענשאן און אנדערע פארזאמלונגען פון דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן“, ניט אויסשליסענדיג אפילו די רעפארטען פון די פארמאכטע זיצונגען. דאס פעדעראלע געריכט האט אבער ניט געפאדערט פון די באהן קאמפאניעס, אז זיי זאלען ארויסגעבען די טעלעגראמען, וואס זיי האבען צווישען זיך געשיקט און די וואס זיינען געשיקט געווארען צווישען זייער פארוואלטונג און די פעדעראלע רעגירונגס־בעאמטע און אויך ניט די פארהאנדלונגען פון דער „דזשענעראל מענעדזשערס אסאסיאיישאן“, אום דאס גאנצע פאלק זאל זיי קענען זעהן און כדי זיי זאלען קענען דינען אלס א גרונד פאר קרימינעלער פארפאלגונג.

פון דעסוועגען זיינען דא גענוג באווייזע קלאר צו מאכען יעדען, וואס איז פריי פון פאראורטייל, יעדען, וואס וויל וויסען דעם אמת אז די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען אונטער דער אדמיניסטראציע פון פרעזידענט קליוולאנד איז געשטאנען הינטער די פלייצעס פון די אייזען־באהן קאמפאניעס און אז די „דזשענעראל מענעדזשערס אסאסיאיישאן“ איז געווען די פארמיטלערין אין דעם ניט כשר'ען שידוך. יעדער איינער וואס זוכט ניט באוואוסטזיניג צו

זיין בלינד אין דער אנגעלעגענהייט, ווייס, אז די קאמפאניעס האבען, בויענדיג אויף דער שטיצע פון דער רעגירונג איינגעשווארען חברה־לייט, וואס זיינען אלץ גרייט צו טאן פאר געלט, אלס דעפיוטי מארשאלס צו פאראורזאכען אומארדנונגען און דערמיט צו שאפען אן אויסרייד, אז די מיליטערישע מאכט זאל פארכאפען די הויפט־קווארטיר פון דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן" און ארייננווארפען די פיהרער אין געפענגניש און צוברעכען די זיגרייכע יוניאן, אנטאן שלעכטס, שלאגען, פאר'משפט'ן די פרידליכע און געזעץ־געהארכזאמע יוניאן־מיטגלידער און איבערגעבען די גאנצע סיטואציע אין די הענט פון די באהן־קאמפאניעס.

דאס איז די טייל ארבייט וואס פרעזידענט קליוולאנד האט גע־טאן אין דעם שיקאגאר סטרייק און דערפאר פיהלען עס צו איהם די אייזענבאהן קאמפאניעס באזונדערס און די טראסטען אין אלגעמיין אזא טיעפע דאנקבארקייט און ניט נאר איז ער זיי ליעב, נאר זיי ארבייטען מיט אלע כחות, אז ער זאל פארבלייבען פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאאטען אויף אייביג.

וואס זיינען געווען די ערשטע שריט פון פרעזידענט קליוולאנד אין שיקאגאר סטרייק? — ער האט באשטימט עדווין וואקער אלס ספעציעלען ראט־געבער פון דער רעגירונג.

ווער איז געווען עדווין וואקער?

„א טיכטיגער און פראמינענטער אדוואקאט" זאגט קליוולאנד.

דאס אלץ?

ניין, ניט אלץ. אין דער צייט, וואס פרעזידענט קליוולאנד און זיין שטאט פראקוראר האט באשטימט עדווין וואקער אויף דער רעקאמאנדאציע פון די באהן־קאמפאניעס, אלס ספעציעלען ראט־געבער פון דער רעגירונג און געצאהלט איהם א סומע, וואס קאן אנגערופען ווערען א פארמעגען, איז ער געווען דער ראט־געבער פון דער „שיקאגא, מילוואקי און סט. פאול" אייזענבאהן.

אין Who is who in America — „ווער איז ווער אין אמעריקא"
געפינען מיר פאָלגענדעס:

„וואָקער, עדווין אדוואָקאַט, * * * באַזעצט זיך אין שיקאַגאָ אין 1865. אדוואָקאַט פון איינִיגע אייזענבאַהן־קאָמפּאַניעס זינט 1866. ראַטגעבער פאַר דער „שיקאַגאָ, מילוואָקי און סט. פּאָול" אייזענבאַהן פאַר דעם אילינאָי דיסטריקט זינט 1870. שותף פון דער פירמא וו. פ. רענד און קאָמפּ., קוילען־מינען אייגענטימער און עקספּעדיטאָרס. געוועזן אדוואָקאַט פון די אייזענבאַהן־קאָמפּאַניעס און ספּעציעלער ראַטגעבער פון דער פעדעראַלער רעגירונג אין די פּראָצעסען פון דעם גרויסען אייזענבאַהן סטרייק פון 1894".

די לאַגע איז געווען ווי פאָלגט: עס איז געווען אַ קאָנפליקט צווישען די „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאָן" וואָס האָט רעפּרעזענטירט די אייזענבאַהן־קאָמפּאַניעס און דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן", וואָס האָט רעפּרעזענטירט די באַהן־אָנגעשטעלטע. פאָלשטענדיגע רוהע און אָרדנונג האָט געהערשט, אָבער די באַהן קאָמ־פּאַניעס זיינען געשלאָגען, פאָלשטענדיג באַזיגט. זיי קענען אפילו ניט באַזאָרגען די פּאָסט, פּשוט דערפאַר, וואָס די אָנגעשטעלטע האָבען אוועקגעוואָרפען די ארבייט. מערקט אייך, אז די אָנגעשטעל־טע זיינען גרייט צו פיהרען די פּאָסט און אַלע אַנדערע צוגען, אויסער די פולמאַן וואַגאָנען, ביז די פולמאַן קאָמפּאַניע וועט ניט איינוויליגען צו ארביטרירען מיט איהרע סטרייקענדע ארבייטער. אָבער די באַן־באַאַמטע באַשטימען, אז אויב די ארבייטער ווילען ניט פיהרען קיין פולמאַן וואַגאָנען, זאָל אויך קיין פּאָסט־צוג ניט געהן.

דאָס איז געווען די אורזאַכע, וואָס די פּאָסט איז געשטערט געוואָרען און דאָס איז געווען דער אויסרייד פאַר דער פעדעראַלער רעגירונג אריינצומישען זיך. מיט איין וואָרט, פּרעזידענט קליוולאַנד, איבערגעגעבען צו די באַהן קאָמפּאַניעס, האָט זיך געשטעלט אויף זייער זייט און געהאָלפען זיי אין זייער קאָנפליקט מיט די ארבייטער מיט דער גאַנצער מאַכט פון דער פעדעראַלער רעגירונג.

מען דארף ניט ווייט זוכען קיין באשטעטיגונג אויף די אלע פאקטען. מען קען עס קריגען פון דעם אפיציעלען רעפארט פון דער סטרייק קאמיסיע. בלויז באשריינקטקייט אין פלאץ איז די אורזאכע, פאר וואס איך ברענג ניט דא אלע אונצאהליגע באווייזע, וואס געפינען זיך אין דעם רעפארט.

עס איז אלזא קלאר, אז פרעזידענט קליוולאנד און זיין קא־בינעט, האבען געשטעלט די רעגירונג אין דיענסט פון די באהן־קאמפאניעס.

עדווין וואקער, דער אדוואקאט פון די באהן־קאמפאניעס איז גע־ווארען דער פארשטעהער פון דער רעגירונג און אונטער זיין אויפזיכט זיינען געשטעלט געווארען די באהנען און די רעגירונגס מאכט. א, ס'ארא הייליגע פאראייניגונג! ס'ארא טיעפער מוסר השכל!

לויט וואקערס ראט האט קליוולאנד געהאנדעלט. אויף וואקער'ס אויפפאדערונג זיינען די פעדעראלע סאלדאטען אנגעקומען קיין שי־קאגא. אויף וואקער'ס קאמאנדע האט די גרויסע רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען געהאנדעלט מיט דער אונטעטעניגקייט און געהארכזאמקייט פון א געשטודירטען לאקעי.

לאמיר זיך פארשטעלען, אז פרעזידענט קליוולאנד האט אנגע־שטעלט קלארענס דארא, דעם אדוואקאט פון דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן" אנשטאט עדווין וואקער, דער אדוואקאט פון דער „דזשענעראל מענעדזשערס אסאסיאיישאן", אלס ספעציעלען ראטגעבער פון דער רעגירונג.

און לאמיר זיך פארשטעלען, אז דארא איז באפאלען דעם אפיס פון דער „דזשענעראל מענעדזשערס אסאסיאיישאן", פארכאפט די ביכער, פאפירען, קארעספאנדענץ, אריינרעכענענדיג די ניט געעפענטע בריף פון די אפוועזענדע באאמטע דעם אפיס געשטעלט אונטער'ן אויפזיכט פון פעדעראלע ברוטען, סקאנדאליעז פארלעצענדיג די קאנס־טיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען ווי דאס האט געטאן וואקער מיט'ן אפיס פון דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן"!

און שטעלט זיך פאַר ווייטער, אַז די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאַן", געשטיצט פון דאַראו, ראַטגעבער פון דער פעדעראַלער רעגירונג, האָט איינגעשוואָרען אַן אַרמיי פון „גנבים, מערדער" (זעה דעם אָפיציעלען רעפּאָרט פון מ. ברענען, שעף פון דער שיקאַגאָ'ער פּאָליציי, צום שיקאַגאָ'ער שטאָדט־ראַט) צו דינען דער יוניאָן אַלס יונייטעד סטייטס מאַרשאַלס און אָפּהיטער פון געזעץ און אָרדנונג!

און ענדליך לאָמיר זיך פאָרשטעלען, ווען די אומרוהען וואָלטען זיך טאַקע אָנגעפאַנגען, ווי וואָלט דאַמאָלט געווען, וואָלט אימיצער, וואָס האָט נאָר אַ פונק שכל געגלויבט אַז די אַלע זאַכען זיינען געטאָן געוואָרען צו באַשיצען לעבען און אייגענטום און אָפּצוהיטען געזעץ און אָרדנונג?

און אין אַזאַ ליכט, אייגענטליך, וויל עס פּרעזידענט קליוולאַנד פאָרשטעלען דעם אַנטייל און די ראָלע, וואָס ער און זיין אַדמיניס־טראַציע האָט געהאַט אין דעם פולמאַן סטרייק.

אין זיין גאַנצען אַרטיקעל באַמיהט זיך מר. קליוולאַנד אַרויס־צושטעלען די באַהן־קאָמפּאַניעס אַלס אַ מוסטער פון פרידליכקייט, פּאַטריאָטיזם, געזעץ און אָרדנונג, און די באַהן אָנגעשטעלטע אַלס אַ באַנדע בלוטדורשטיגע פאַרברעכער, וואָס מען האָט געמוזט אונטער־דריקען מיט דער ברוטאַלסטער מאַכט.

וואָס איז דער וואונדער אַז דער עקס־פּרעזידענט איז אַזוי טייער דעם אייזערנעם האַרץ פון באַהן־טראָסט און אַלע אַנדערע טראָסטען, וואָס נוצען אויס די רעגירונג, איהרע באַאַמטע און סאָלדאַטען פאַר זייערע אייגענע גראָב־פּערזענליכע אינטערעסען!

לאָמיר אויף אַ ווײַלע באַטראַכטען די פאָלגענדע פשוט'ע פראַגען:

ווער פאַרברעכט דאָס געזעץ, די רויבערישע באַהן־קאָמפּאַניעס צי די האָראָפּאַשנע באַהן אָנגעשטעלטע?

וועלכע באַהן־קאָמפּאַניעס אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט זיך ווען אויפגעפיהרט אין פולען איינקלאַנג מיט די געזעצען פון לאַנד? — קיין איינע נים.

וועלכע גרופּע פון באהן־אַנגעשטעלטע פאַרלעצט די געזעצען פון לאַנד? — קיין איינע ניט.

די באהן קאָמפּאַניעס באַקעמפען יעדען געזעץ, וואָס זוכט פיעל־וויניג איינצוצאַמען זייער מאַכט און באַשרענקען זייערע רויבערייען.

זיי קויפען אונטער געזעץ־געבער, קאָרופּטירען די געריכטען, פאַרדאַרבען די פּאָליטיק און באַגייען אונצאָהליגע אַנדערע פאַרברעכענס געגען דער רעפּובליק.

די אייזענבאהן אַנגעשטעלטע זיינען ניצליכע, עהרליכע, זעלבסט־אָפּפערענדע און פרידענס־ליבענדע מענשען, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געווען און וועלען קיינמאָל ניט זיין שולדיג אין די פאַרברעכענס וואָס עס באַגעהן זייערע פאַראייניגטע באַלעבאַטים.

און דאָך דינט דער פּרעזידענט קליוולאַנד די פאַראייניגטע באַלעבאַטים און ער ליובט זיי און שטאָלצירט מיט זיין וועלען באַפרייען די פאַרברעכער און מיט זיין וואַרפען אומבאַשריינקטע באַליידיגונגען אויף אומשולדיגע מענשען.

דאָס אַליין איז גענוג צו כאַראַקטיזירען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַסען־כאַראַקטער פון אונזער רעגירונג.

אַ פּאָר פאַקטען וועגען דעם סטרייק גופא. ער האָט אויסגעבראַכען דעם 11טען מאַי 1894 און איז אָנגעגאַנגען פרידליך און געזעצליך ביז די אַרמיי פון „מערדער און גנבים", ווי דער שעף פון דער שיקאַגאָר פּאָליציי האָט זיי גערופען, זיינען איינגעשוואָרען געוואָרען אַלס דעפּיוטים אויפ'ן באַפעהל פון עדווין וואָקער, דעם אַדוואָקאַט פון דער „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאָן" און ספּעציעלען ראַטגעבער פון דער רעגירונג. מיר וועלען ציטירען דעם רעפּאָרט, וואָס די סטרייק קאָמיסיע, וועלכע פּרעזידענט קליוולאַנד האָט באַשטימט, האָט אָפּגעגעבען וועגען דער לאַגע. מיר ווילען דערביי אָנווייזען אויף דעם פאַקט, אַז די אייזענבאהן אַרבייטער האָבען ניט געהאַט קיין איינענעם פאַרשטעהער אין דער סטרייק קאָמיסיע.

„עס איז אַ פעסטגעשטעלטער אמת, אַז די באַאַמטע און דירעק־רעקטאָרען פון דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" האָבען ניט געוואָלט דעם פולמאַן סטרייק און האָבען געראַטען איהם ניט אָנצופאַנגען" (זעה XXXVII) (דאָך האָט מען געהאַלטען אין איין דערצעהלען און מען גלויבט נאָך אין דעם איצט, אַז דעבס האָט באַפוילען דעם סטרייק).

„עס זאָל פאַרצייכענט ווערען, אַז ביז די באַהן־קאָמפּאַניעס האָבען ניט נעגעבען דעם ביישפּיעל, איז ניט געמאַכט געוואָרען קיין פאַרזוך צו גרינדען אַן אַלגעמיינע יוניאָן פון באַהן אָנגעשטעלטע (ז. XXXI).

„דאָס ענטזאָגען זיך פון דער „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאָן" צו אַנערקענען און פאַרהאַנדלען מיט דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" איז חוצפּה'דיג און נאַריש, ווען מען באַטראַכט איהר געזעצמעסיגקייט און די פאַרגאַנגענע טעטיגקייט און די אויגענשיינליכע פלענער פאַר דער צוקונפט פון דער יוניאָן".

„. . . דירה־געלד אין פולמאַן איז 25 — 20 פּראָצענט העכער ווי אין שיקאַגאָ אָדער אַרומיגע שטעדט". (ז. XXXV)

„דער סטרייק האָט אויסגעבראָכען דעם 11טען מאַי, און פון יענעם טאָג אָן ביז אַרום דעם 4טען יולי, ווען די פעדעראַלע סאָלדאַטען זיינען אָנגעקומען נאָך פולמאַן, האָבען 300 סטרייקערס באַוואַכט דעם באָדען און מיט דער אויסדריקליכער אַבזיכט צו פאַרהיטען פון גוואַלטטאַטען און שאָדען. דאָס דאָזיגע אָפּהיטונג פון אייגענטום אין צייט פון סטרייק, איז אין די מעהרסטע פעלע בלויז אַן אויסרייד. צו אָפט איז די אמת'ע אורזאַכע דערפון צו פאַרהיטען אַז פרעמדע זאָלען ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די סטרייקערס. געוועהנליך פלעגט דאָס געטאָן ווערען דורך אַרגומענטען. ווען אַרגומענטען פלעגען אָבער ניט העלפען, פלעגט גענוצט ווערען סטראַשונקעס און גוואַלט. די פולמאַן קאָמפּאַניע באַהויפּטעט, אַז טאַקי אָט דאָס איז געווען די אַבזיכט פון דער וואַך פון די סטרייקערס. **די פולמאַן סטרייקערס זיינען אָבער באַרעכטיגט, אַז מען**

זאָל זיי אין דעם פאַל גלויבען און ניט די קאָמפּאַניעס, דערפאַר טאָקי, וואָס זיי האָבען זיך געהאַלטען אַזוי געדולדיג נאָכ'ן 11טען מאַי. עס איז באַוויזען, אַז קיין שום געוואַלט אָדער פאַרניכטונג פון אייגענטום האָבען די סטרייקערס און זייערע פריינד ניט באַגאַנגען אין פּולמאַן, און אַז ביז'ן דריטען יולי (ווען די סאָלדאַטען זיינען אָנגעקומען) האָט די פּאָליציי און מיליטער גאָר ניט געהאַט צו טאָן צו באַשיצען וואָס ניט איז געגען אומאָרדנונגען". (ז. XXXVIII).

דער דאָזיגער פּאַראַגראַף פון מר. קליוולאַנד'ס קאָמיסיע איז אַ גענוגענדער ענטפער אויף דעם עקס-פּרעזידענטס אַרטיקעל. אַן ענטשיידענער, מעכטיגער און שלאָגענדער ענטפער.

עס זיינען קיין שום אומאָרדנונגען ניט פאָרגעקומען אין פּולמאַן, שיקאַגאָ אָדער ערגעץ-אַנדערש-וואו, ביז עס זיינען איינגעשוואָרען געוואָרען די דעפּיוטיס און דאָס מיליטער איז אָנגעקומען.

גאָווערנאָר אַלטגעלד, אַ פּאַטריאָט און אַ שטאַטסמאַן, האָט עס גוט געוואוסט און דערפאַר האָט ער פּראָטעסטירט געגען די פעדעראַלע סאָלדאַטען.

מעיאָר דזשאָהן פּ. האָפּקינס פון שיקאַגאָ האָט עס געוואוסט און ער האָט ערקלערט, אַז ער נויטיגט זיך ניט אין קיין הילף פון דער זייט אָנצוהאַלטען די אָרדנונג אין שטאָדט.

מיטשעל ברענען, שעף פון דער שיקאַגאָ'ער פּאָליציי, האָט עס געוואוסט און ער האָט פאַרדאַמט, אַלס „גנבים און מערדער", עדווין אַרנאָלד'ס געדונגענע דעפּיוטי מאַרשאַלס, די אויפהעצער און שלעגער פון דער „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאָן".

אָט די דאָזיגע „דזשענטעלמען" האָט דאָס פּרעזידענט קליוולאַנד'ס רעגירונג אריינגענומען אין דיענסט אויף דער אויפאָדערונג פון די באַהן קאָמפּאַניעס אָנצוהאַלטען אָרדנונג און צו באַשיצען לעבען און אייגענטום און דאָס איז, וואָס קליוולאַנד רופט „די קראַפט פון אַ

נאַציאָנאַלער רעגירונג צו באַשיצען זיך ביי דעם ערפילען פון איהרע פונקציעס".

די באַהן־קאָמפּאַניעס האָבען אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען און מיט פרייד אָנגענומען דעם אמת'ן זין פון אַט די „פונקציעס" פון מר. קליוולאַנד'ס רעגירונג.

די איינציגע צרה איז געווען, וואָס ווען מען האָט איינגעשוואָרען די דעפּיוטיס און ווען עס איז נאָך אַלץ אָנגעקומען דאָס מיליטער זיינען נאָך אַלץ קיין צרות ניט געווען. ס'האָבען געפעהלט אומרוהען. און דערפון נעמט זיך דאָס וויכטיגע. דער פאַרקער איז געווען פּאַראַליזירט, אָבער פאָלשטענדיגע רוה האָט געהערשט. דאָס פאָלק האָט פאַרלאַנגט פון די באַהן־קאָמפּאַניעס, אַז זיי זאָלען לאָזען געהן די באַהנען, אָבער זיי האָבען עס ניט געקענט טאָן. קיינער האָט פאַר זיי ניט געוואָלט אַרבייטען. זיי זיינען געווען פאָלשטענדיג בעזיגט און די פאַהן פון אָרגאַניזירטער ארבייט האָט מיט טריאומף געפלאַטערט.

געשלאָגען אויף יעדען פונקט, יעדער פּלאַן — געמאַכט צונישט, איבערטראָפען אין טאַקטיק און סטראַטעגיק, האָבען די באַהן קאָרפּאָראַציעס געשפּילט זייער לעצטע קאָרט — זיי האָבען זיך געווענדעט צום פעדעראַלען גיריכט און צו דער פעדעראַלער רעגירונג. גיך איז געקומען דער ענטפער, ווי אַ בליץ פון הימעל אין שטורעם.

רוה און אָרדנונג איז געווען, געפעהרליך פאַר די באַהן־קאָרפּאָראַציעס. זיי האָבען זיך גענויטיגט אין אומרוהען, פונקט ווי די אָנגעשטעלטע זיינען פאַראינטערעסירט געווען אָנצוהאַלטען פולשטענדיגע רוה. זיי האָבען פאַרשטאַנען, די יוניאַן וועט פאַרשפּילען איהר זיג, ווען ס'וועט געלינגען צו באַשאַפען אומאָרדנונג אין נאָמען פון געזעץ און אָרדנונג. פאַר דעם פינסטערען שפּיעל האָבען זיי צוגעגרייט עטליכע קאָרטען.

ערשטענס, דעפּיוטי מאַרשאַלס. דעם זעלבען טאָג, וואָס זיי זיינען איינגעשוואָרען געוואָרען האָבען זיך אָנגעהויבען די צרות. די שיקאַגאָ'ער צייטונגען פון יענע טעג זאָגען דאַרויף עדות, ווי אויך דער רעפּאָרט פון דער סטרייק־קאָמיסיע. דאָס איז דאָך, אייגענט־

ליד, אויך וואס מען האט די דעפּיוטי מארשאלס געדונגען און זייער כאראקטער איז א געניגענדער באוויז, אז זיי האבען געטויגט צו דער ארבייט.

צווייטענס, שרפות (אבער קיין איין איינציגער פון די פּולמאנס איז ניט געוועזען אנגעצונדען) און אומרוהען (אבער קיין איין איינציגער סטרייקער איז אין דעם ניט געוועזען פארמישט).

דריטענס, די קאפּיטאליסטישע צייטונגען און די „אסאשיאיי־טעד פּרעס" האבען אומעטום צוטראגען די נייעס, אז די איינוואוינער זיינען אין די הענד פון המון און אז די סטרייקערס ברענען און פּלינ־דערען די שטאדט.

פיערטענס, דאס פאלק (באזונדערס די, וואס האבען געוואוינט ווייט און אלץ וואס זיי האבען געוואוסט איז געוועזען פון די צייטונגען) האט מיט משוגענע קולות געשריען: „נידער מיט דער אנארכיע! נידער מיט דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן!" טויט צו די סטרייקער!"

דער סופרים קאורט פון די פאראייניגטע שטאאטען, וואס בא־שטעהט אויסשליסליך פון גוט־איינגעאיבטע און ערפאלגרייכע טראסט־אדוואקאטען, האט באשטעטיגט דעם אורטייל איבער די פיהרער פון סטרייק און פּרעזידענט קליוולאנד זאגט, אז „זיי האבען געזאגט דאס לעצטע ווארט אין דער אנגעלעגענהייט".

האט דער סופרים קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען אויך געזאגט זיין „לעצט ווארט" אין דער פראגע פון לייב־אייגענטום, ווען ער האט ארויסגעגעבען דעם הויפּט ריכטער טעני'ס אורטייל, אז שווארצע „האבען ניט קיין רעכט וואס ווייסע זאלען מחויב זיין אפּצוהיטען"?

די דאזיגע „לעצטע ווערטער" וועלען בלויז פארשנעלערען די אפּ־שאפונג פון לוין־שקלאפעריי, פּונקט ווי דאס „לעצטע ווארט" פון דעם זעלבען סופרים קאורט אין 1857 האט פארשנעלערט די אפשאפונג פון לייב־אייגענטום.

די באַהן־קאָמפּאַניעס וואָלטען ליבערשט פאַרניכטעט זייער איי־גענטום און געזעהן שיקאַגאָ אומקומען, איידער זעהן די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" זיגרייך.

מעיאָר פינגרי פון דעטראָיט איז געקומען נאָך שיקאַגאָ מיט טעלעגראַמען פון די מעיאָרס פון איבער פופציג גרעסטע שטעדט אין לאַנד, אַז די גאַנצע אַנגעלעגענהייט זאָל איבערגעגעבען ווערען צו אַ שידעס־געריכט. אַהן צערעמאָניעס האָט מען איהם דערין ענטזאָגט, און שפּעטער האָט ער ערקלערט, אַז די באַהן־קאָמפּאַניעס זיינען עס געוועזען די פאַרברעכער און אַז זיי זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלץ, וואָס איז שפּעטער פאָרגעקומען.

פיער טעג איידער דער סטרייק האָט אויסגעבראָכען, ריכטיגער, איידער ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען דער באָיקאָט געגען די פולמאַן באַהנען, דעם 22טען יוני, איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער מיטינג פון די באַאַמטע פון די פולמאַן און אַנדערע קאָמפּאַניעס (ז. XXXI פון רעפּאָרט פון דער סטרייק קאָמיסיע). אויף דעם מיטינג איז באַ־שלאָסען געוואָרען צו באַזיגען די סטרייקערס, פאַרניכטען די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן". נוצענדיג זייערע ווערטער, „מיר זאָלען האַנדלען פאַראייניגט ביז מיר דערגרייכען דעם ציעל".

דאָס איז געווען דער איינציגער מיטינג פון דעם סאָרט, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען צווישען די באַאַמטע פון די באַהן־קאָמ־פּאַניעס מיט די באַאַמטע פון דער פולמאַן קאָמפּאַניע. זיי האָבען געמיינשאַפטליך באַשלאָסען, פאַראייניגטערהייט צו באַזיגען די סטריי־קערס און פאַרניכטען די יוניאָן.

און אום צו באַווייזען, ווי די דאָזיגע הערערן רעספּעקטירען די געריכטען, דאָס געזעץ און די מאָראַל, וועט נויטיג זיין דער דאָזיגער אינצידענט:

ערשט ווען די באַאַמטע פון דער יוניאָן זיינען פאַרקלאָגט גע־וואָרען ביי אַ פּאַרטייאישער ספּעציעלער גרענד דזשורי און זיינען גע־משפּט געוואָרען פאַר קאָנספּיראַציע האָט מען גערופען די פּאַרוואַלטער

פון די באהנען עדות זאגען, צו וואס פאר א באשלוס מען איז געקומען אויף דער פריהער דערמאנטער זיצונג פון די באהן און פולמאן קאמ־פאניעס. יעדער איינציגער פון די פארוואלטער האט פאלש געשווארען, אז ער געדענקט ניט וואס עס איז פארגעקומען אויף יענעם מיטינג. זיצענדיג ניט ווייט פון זיי, האב איך געזעהן ווי זייערע געזיכטער זיינען געווען פלאם־רויט בעת דעם קרייץ־פארהער. זיי האבען געוואוסט אז זיי זאגען ליגען; דאס געריכט האט עס געוואוסט און יעדער איינער, וואס איז געוועזען אין געריכט, האט עס געוואוסט, אבער זיי האבען זיך געהאלטען אן זייער אפמאך און האבען אלע, ווי איינער פארגעסען, אז זיי האבען באשלאסען צו שטעהן צוזאמען, אז די באהן קאמפא־ניעס האבען באשלאסען צו שטיצען די פולמאן קאמפאניע צו באזיגען זייערע פארהונגערטע אנגעשטעלטע און די פולמאן קאמפאניע האט זיך פארפליכטעט זיי צו העלפען צוברעכען די „אמעריקאן ריילוויי יוניאן“.

זייער אייגענער פראטאקאל באווייזט, אז זיי האבען אזוי אפ־געמאכט. אביסעל שפעטער האבען זיי באשלאסען צו פערגעסען וועגען דעם און אזוי האבען זיי געשווארען פאר'ן געריכט.

איך האב קאפיעס פון די געריכטס־פראטאקאלען, איינשליסענדיג זייער עדות זאגען, און אויסשניטען פון די שיקאגא'ער צייטונגען, וואס ענטהאלטען אויך זייער עדות זאגען, און איך קאן דערווייזען יעדעס ווארט, וואס איך האב דא ארויסגעזאגט.

אט דאס זיינען דאס די העררען, וואס האבען אזוי פיעל גערעדט וועגען געזעץ און ארדנונג, דאס זיינען זיי עס, די באריהמטע וועכטער פון מאראל און די ביישפילען פון גוטע בירגער.

ווען א. ב. סטיקעני, פרעזידענט פון דער שיקאגא „גרייט וועסטערן“ האט זיי אין די אויגען אריין געזאגט, אז עס איז ניטא קיין איין עהרליבער באאמטער צווישען זיי און אז ער וואלט קיין איינעם פון זיי אויף קיין האר ניט געטרויט, האבען זיי אפילו ניט פרו־בירט זיך צו פארטיידיגען, ווייל זיי האבען געוואוסט, אז זייער אנ־קלעגער איז אן אינווייניגסטער מענש און אין דער לאגע צו דערווייזען זיינע באהויפטונגען.

איך ברענג דאָ אַ שטעל פון באַריכט פון דער סטרייק־קאָמיסיע וועגען די דעפּיוטי מאַרשאַלס וואָס זיינען איינגעשוואָרען צו „באַשיצען לעבען און אייגענטום און אָפּצוהיטען אָרדנונג“.

זייט 356: ברענען, שעף פון דער שיקאַגאָער פּאָליציי זאָגט עדות פאַר דער קאָמיסיע, אַז אין דער שטאָדטישער געפענגניש זיצען אַ צאָהל דעפּיוטים, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין דער צייט, ווען זיי האָבען געדינט די באַהן־קאָמפּאַניעס אַלס יונייטעד סטייטס דעפּיוטי מאַרשאַלס אויף דער קלאַגע פון רויבעריי.

זייט 370: ריי סטענאַרד בייקער, דאַמאָלט רעפּאָרטער פון דעם שיקאַגאָ׳ער „רעקאָרד“, היינט סטעף־מיטאַרבייטער פון „מעקליורס מעגעזין“, זאָגט עדות דאָס פאָלגענדע, אַלס אַן ענטפער אויף דער פראַגע וואָס ער וויים וועגען דעם כאַראַקטער פון די דעפּיוטי מאַרשאַלס: פון מיינע ערפאַהרונגען מיט זיי האָב איך אַרויסגע־טראָגען וויינינ גוטעס. איך גלויב, אַז איך האָב געזעהן מעהר שיכורים צווישען די יונייטעד סטייטס מאַרשאַלס, ווי צווישען די סטרייקערס“.

זייט 166 און 367: מעלקאָמפּ מעקדאָועל, רעפּאָרטער פון „שי־קאַגאָ רעקאָרד“ זאָגט עדות: „ווער עס זעהט די הונדערטער איינ־געשוואָרענע יונייטעד סטייטס דעפּיוטי מאַרשאַלס און ספּעשיל דעפּיוטי שעריפס פיהלט גלייך, אַז זיי זיינען ניט פון דעם קלאַס מענשען פון וועלכען עס דאַרפען געמאַכט ווערען דעפּיוטי מאַרשאַלס און דעפּיוטי שעריפס“. * * * „אין באַצוג צו די מעהרסטע פון זיי, זעהט עס אויס, אַז זיי האָבען געזוכט צו פאַראורזאַכען אומאָרדנונג“. * * * „איינמאָל האָט עס געהאַלטען שוין ביי אַן ערנסטען צוזאַמענשטויס צוליעב דעם, וואָס די דעפּיוטי מאַרשאַלס, שטעהענדיג אויף די באַהן רעלסען, האָבען אָפּגעשפּאָט און באַליידיגט די פאַר־ביייגעהענדע פרויען“. * * * „איך האָב מעהר געזעהן שיכור׳ע דעפּיוטי מאַרשאַלס ווי סטרייקערס“.

דאָס זיינען עס געווען עדווין וואַקער׳ס וועכטער פון אָרדנונג.

זייט 70: זאָגט עדות: „פּיערצעהן טאָג בין איך געווען אויפ׳ן פּלאַץ פון סטרייק״. * * * „דורך דער צייט האָב איך געזעהן אַ פּאָר הונדערט דעפּיוטי מאַרשאַלס. איך גלויב, אַז דאָס איז זעהר אַ נידריגע, אומווירדיגע חברה״.

איצט ווילען מיר ברענגען אַן אויסצוג, וואָס די סטרייק־קאָמיסיע אַליין האָט צוזאָגען וועגען די דעפּיוטי מאַרשאַלס און פּרעזידענט קליוולאַנד מעג זיך מיט באַזונדערען אינטערעס צוהערען צו די רייד פון זיין אייגענער קאָמיסיע: „3,600 יונייטעד סטייטס דעפּיוטי מאַרשאַלס זיינען אויסגעקליבען און באַשטימט געוואָרען אויפ׳ן פאַר־לאַנג פון די „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאַן״ און די באַהן קאָמפּאַניעס. זיי זיינען באַוואפּענט געוואָרען פון די באַהן קאָמפּאַניעס און זיי האָבען געדיענט אַ טאָפּעלטע דיענסט, אי אַלס באַהן־אָנגע־שטעלטע, אי אַלס יונייטעד סטייטס באַאמטע. און אין דער צייט, ווען זיי האָבען געפיהרט די באַהנען, האָבען זיך גענומען און באַנוצט די אומבאַשריינקטע מאַכט פון דער רעגירונג, ווען דאָס האָט זיך נאָר פאַרוואַלט די באַהן־קאָמפּאַניעס, אָדער ווען זיי אַליין האָבען עס געפונען פאַר נויטיג. זיי זיינען ניט געווען אונטער דעם קאָנטראָל פון אַ רע־גירונגס באַאמטען, ווען זיי האָבען געשפּיעלט די ראָלע פון רעגירונגס באַאמטע. עס איז אַ שלעכטער ביישפּיעל דאָס שטעלען אונטער דעם קאָנטראָל פון באַהן־קאָמפּאַניעס רעגירונגס אָנגעשטעלטע און עס קען פיהרען צו ערנסטע רעזולטאַטען״.

מיר האָבען געזעהן פון רעפּאָרט פון פּרעזידענט קליוולאַנד׳ס אייגענער קאָמיסיע אַז די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען אונטער זיין אַדמיניסטראַציע האָט באַזאָרגט די באַהן־קאָמפּאַניעס מיט רעגירונגס באַאמטע אין דער פאָרם פון דעפּיוטי מאַרשאַלס צו פאַרנעמען די פּלעצער פון די סטרייקערס, צו פיהרען די באַהנען און בכלל זיי דינען אין יעדער פאָרם, וואָס קען זיי העלפען צו צוברעכען דעם סטרייק. קורץ, זיין אייגענע קאָמיסיע באַשולדיגט איהם אין דינען די באַהן־קאָמפּאַניעס אַלס אַ סטרייק־ברעכער דורך דעם, וואָס ער האָט געשיקט רעגירונגס־באַאמטע אויף די פּלעצער פון די סטריי־

קענדע באַהן־אַנגעשטעלטע, באַוואָפענט און באַזאָרגט זיי מיט דער מאַכט פון רעגירונגס באַאַמטע.

זייט נאָך זייט פון באַריכט זאָגט עדות פון וואָסערען סאָרט זיינען עס געוועזען די דעפּיוטי מאַרשאַלס, וואָס זיינען אין די טויזענדער איינגעשוואָרען געוואָרען „איינצוהיטען אָרדנונג".

דער רעפּאָרט פון דער קאָמיסיע באַשטעהט פון 681 זייטען. איך האָב אַ מאַסע אַנדערע עדות. אין דעם אַרטיקעל, אָבער, האָב איך זיך אין גאַנצען פאַרלאָזען אויפ'ן אורטייל פון קליוולאַנד'ס אייגענער סטרייק־קאָמיסיע.

הונדערטער זייטען פון באַריכט פאַרנעמען די באַווייזע פון אומ־פּאַרטייאישע עדות, וואָס שטעלען פעסט די שולד פון די באַהן קאָמ־פּאַניעס און וואָס באַווייזען, אַז די סטרייק פיהרער האָבען געראַטען אָפּצוהיטען אָרדנונג, אַז די סטרייקערס אַליין האָבען אָפּגעהיט דאָס געזעץ און האָבען אָנגעווענדעט זייער גאַנצען איינפלוס צו פאַרמיידען אומאָרדנונגען. די אונטערזוכונג באַווייזט, אַז אָרדנונג האָט גע־הערשט ביז די מערדערישע דעפּיוטיס זיינען באַפאַלען די שטאָדט און אָנגעהויבען צו מאַכען טומעל, אום דאָס זאָל זיין אַן אורזאַכע פאַר אינדזשאַנקשאָנס, פאַר דער אריינמישונג פון מיליטער און כדי אָפּצוהיטען די סימפּאַטיעס פון פאָלק אויף דער זייט פון די באַהן־קאָמפּאַניעס.

פּרעזידענט קליוולאַנד באַמערקט אַליין ניט, ווי ער באַשטעטיגט עס. אויף זייט 232 פון זיין אַרטיקעל ציטירט קליוולאַנד אַ בריעף, מיט וועלכען ער שיינט צו זיין אין פולער הסכמה. דער בריף איז צו עדווין וואָקער'ן פון אַטוירני־דזשענעראַל ריטשאַרד אָלני און לעזט זיך ווי פאָלגט: „איך גלויב, אַז ווענדי רעכט פון די פאַראייניגטע שטאַטען וואָלט ענערגיש פאַרטיידיגט געוואָרען אין שיקאַגאָ, אויף דעם פּלאַץ און מיטעלפּונקט פון דער דעמאָנסטראַציע, וואָלט זי איבע־ראַל געמוזט דורכפאַלען און וואָלט זיך ניט פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד".

געווים, עס האנדעלט זיך נאָר אום דעם, און פּרעזידענט קליוולאַנד גיט עס אליין צו. ניט די פאַרהיטונג פון אָרדנונג און ניט די אומ־מעגליכקייט צו טראַנספּאָרטירען די פּאָסט, און ניט אומרוהען אָדער פאַרברעכען געגען געזעץ האָט באוואויגען מר. קליוולאַנד'ס אדמיניס־טראַציע צו מעכטיגער „באהויפּטונג פון מאַכט". דער עיקר איז געווען די „דעמאָנסטראַציע", דער סטרייק געגען די קאָמפּאַניעס, און כדי צו דערשטיקען די באוועגונג און אַרויסצוהעלפען די קאָמ־פּאַניעס, האָט עס מר. קליוולאַנד'ס פעדעראַלע רעגירונג זיך אַריינ־געמישט אין דער לאַגע. און טאַקי, אלס סטרייק־ברעכער און טרייער דיענער פון די קאָמפּאַניעס האָט זיך פּרעזידענט קליוולאַנד ערוואָרבען א שעהנעם נאָמען און אייביגען רוהם.

באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די פאָלגענדע שטעלע אויף זייט 15:

„די סטרייק־קאָמיסיע האָט קיינע באווייזען אַז די באַאַמטע פון דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" זאָלען האָבען וועלכען־ניט־איז חלק, אין די אונאָרדענונגען אָדער זאָלען האָבען ווען־ניט־איז געזאָגט די אַרבייטער, זיי זאָלען זיך געגענשטעלען דעם געזעץ, באַגעהן פאַרברע־כענס און פאַרניכטען אייגענטום. זיי האָבען געוואוסט און ריכטיג פאַרשטאַנען, אַז ווען דער „מאָב" וועט אָנהויבען צו רעגירען וועט די רעגירונגס־מאַכט זיי אונטערדריקען און אויך די אַלע, וואָס זיינען אויפ'ן מינסטען אָרט געווען פאַראַנטוואָרטליך דערפאַר און דאָס וואָלט באַ־דייט א נידערלאַגע".

און דאָך זיינען זיי אַלע איינגעשפּאַרט געוואָרען אין געפענגניש. וועט פּרעזידענט קליוולאַנד זיין אזוי פריינדליך ערקלערען וואָרום און אויך פאַרוואָס האָט מען זיי ענטזאָגט א פּראָצעס?

דורכלעזענדיג די אויבען געבראַכטע פּאַראַגראַפען פון דעם באַ־ריכט פון דער סטרייק־קאָמיסיע, זייט אזוי גוט און ענטפערט זיך אַליין אויף די דאָזיגע פראַגען:

אין וועמעס אינטערעסען איז געווען, אַז עס זאָלען פאָרקומען אומרוהען, שרפות, אומגעזעצליכקייטען און פאַרברעכענס?

אין וועמעס אינטערעסען איז געווען צו האָבען די „גזוזעץ־ליע־בענדע" דעפּיוטים?

פאַרוואָס זיינען פייערם פאָרגעקומען בלויז אויף פּראַכט־צוגען און אַם מעהרסטען, אויף צובראָכענע און אָפּגעניצטע?

פאַרוואָס האָבען נאָך ביז איצט די באַהן־קאָמפּאַניעס ניט איינ־געמאָנט פון דער קוק קאונטי, אילינוי, דעם שאָדען, וואָס זיי האָבען געהאַט דורך דעם וואָס די קאונטי האָט ניט באַשיצט זייער אייגענטום? פאַרוואָס זיינען זיי עפּעס אַזוי געדולדיג און באַשיידען און גיבען ניט אָן אין געריכט?

די אומרוהען די פייערען, די מערדערייען האָבען געמאַכט פון דער מפלה פון די באַהן קאָמפּאַניעס אַ זיעג. דאָס איז געווען דער איינציגער וועג ווי אַזוי זיי האָבען געקאָנט זיעגען. בלויז אַ דאַנק די אומרוהען און געוואָלט האָבען זיי געקענט אַלץ געווינען און די אַרבייטער אַלץ פאַרלירען.

די אומרוהען זיינען אויפגערייצט געוואָרען ניט קוקענדיג אויף די געגען־באַמיהונגען פון די סטרייקערס און דער באַריכט פון דער סטרייק קאָמיסיע באַווייזט, אַז זיי האָבען געטאָן אַלץ אין זייער מעגליכקייט צו פאַרהיטען אָרדנונג.

שטענדיג ווען אַ פאַרברעכען ווערט באַגאַנגען און מען ווייסט ניט ווער עס איז דער פאַרברעכער, ווערט געוועהנליך דער, וואָס האָט געהאַט נוצען פון פאַרברעכען אויסגעזוכט אַלס דער מעגליכער פאַרברעכער. אין אונזער פאַל, אָבער, דאַרפען מיר זיך ניט פאַרלאָזען אויף אַ השערה ווייל די באַווייזען געגען די באַהן קאָמפּאַניעס זיינען אַזוי פאָלשטענדיג און קלאָר אַז עס איז ניטאָ קיין צווייפעל, ווער עס איז דער פאַרברעכער.

אויב אין די באַגאַנגענע פאַרברעכענס אין דעם שיקאַגאָר סטרייק זיינען שולדיג געווען די סטרייקערס, פאַר וואָס זיינען זיי קיינמאָל ניט גע'משפט געוואָרען? אויב ניט, פאַרוואָס זיינען זיי אַריינגעזעצט געוואָרען אין געפענגניש?

דער פאַקט, אַז זיי זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין געפענגניש אָהן באַווייזען און אָהן אַ משפט, און דאָס וואָס דער סופּרים קאורט האָט באַשטעטיגט די דאָזיגע שאָנד־טאַט, זעהט אויס, פאַרשאַפט מר. קליוולאַנד'ן אַ באַזונדערע צופרידענהייט און ער באַנוצט זיך מיט דעם, וואָס ער רופט אָן דאָס „לעצטע וואָרט" פון געריכט אַלס אַ ריינ־וואַשונג פאַר זיך.

דער פאַרשטאָרבענער ליימאַן טראַמבאַל, פאַר פיעלע יאָהרען סענאַטאָר און פאָרזיצענדער פון דער קאָמיטע וועגען געזעץ־אנגעלעגענ־הייטען אין סענאַט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, ריכטער פון סופּרים קאורט פון אילינאָי, פּערפאַסער פון דעם דרייצעהנטען אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען, אַ פּערזענליכער פריינד פון אייברעהעם לינקאָלן און, מעהר פון אַלץ, אַן עהרליכער מענש, האָט אַזוי געשריבען: „דער פּרינציפּ, אויף וועלכען ס'האָט זיך געשטעלט דער סופּרים קאורט אין דעבס'ס פאַל, גיט איבער יעדען בירגער אין דער גנאָדע פון יעדען בייזהאַפטען און פּאַרטייאישען פעדעראַלען ריכטער, וואָס דענקט, אַז די בעסטע זאַך איז יענעם צו שיקען אין געפענגניש".

פּרעזידענט קליוולאַנד פאַרשטעהט, אָהן צווייפעל, די וויכטיגקייט פון די דאָזיגע ווערטער. זאָל דאָס פאָלק, דאָס ארבייטער פאָלק, ווע־מען דער עקס־פּרעזידענט האַלט פאַר אַ „מאָב", וואָס דאַרף אונטער־דריקט ווערען, ווען עס פּראָטעסטירט פרידליך געגען אומרעכט — זאָל עס נאָכדענקען די באַדייטונג פון די דאָזיגע ווערטער.

ווען דער סטרייק איז געווען אין זיין פולען בליהען און די באַהן קאָמפּאַניעס זיינען געווען אויף יעדען פּונקט געשלאָגען האָט דער פעדעראַלער געריכט אויף גיך איינגעשוואָרען אַ ספּעשעל גרענד דזשורי צו פאַרקלאָגען די סטרייקערס. פאַר אַ פאָרזיצענדען איז ספּע־ציעל אויסגעקליבען געוואָרען אַזאַ איינער, וואָס איז געווען באַקאַנט פאַר אַ ווילדען יוניאָן־האַסער און שפּעטער האָט דער חברה־מאַן באַטראָגען זיינע אייגענע קאָלעגען אין אַן אַנגעלעגענהייט, ווען זיי האָבען זיך פאַרלאָזען אויף זיין עהרליכקייט.

ניט צו אונטערזוכען איז די גרענד דזשורי איינגעשוואָרען גע־וואָרען נאָר צו פאַרקלאָגען.

אַ רעפּאָרטער פון דער „טריביון", וואָס האָט זיך ענטזאָגט צו באַשטעטיגען אַ פאַלשען אינטערוויו פאַר דער דזשורי און דורך דעם פאַלש צו שווערען, אום מען זאָל קענען באַשולדיגען דעם שרייבער פון די ציילען אין אַ פאַרברעכען — איז ענטזאָגט געוואָרען.

„אין געפענגניש אריין!" — איז געווען דאָס געשריי פון די באַהן קאָמפּאַניעס און זייערע חברה לייט. אַ דזשורי פאַר'ן פּראָצעס איז אויסגעקליבען געוואָרען. מען האָט ניט צוגעלאָזען קיין איינעם אין די דזשורי, וואָס איז געווען פון דער זעלבער פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס דער אַנגעקלאַגטער. יעדער מעגליכער מיטעל איז אַנגעווענ־דעט געוואָרען צו שיקען די סטרייק פיהרערס אין געפענגניש אריין.

ווען די אַנקלאַגע האָט פאָרגעבראַכט אַלע איהרע באַווייזען, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי איז דורכגעפאַלען. קיין איין פּונקט פון די באַשולדיגונגען האָבען די באַהן קאָמפּאַניעס מיט אַלע זייערע שפּור־הינט ניט געקענט געפינען.

דערנאָך איז געקומען אונזער צד. די אייזענבאַהן פאַרוואַלטער האָבען אַנגענומען פולע מיילער מיט וואַסער, ווען זיי זיינען, איינער נאָך'ן צווייטען גערופען געוואָרען עדות זאָגען. זעקס און אַכציג עדות האָבען געגעבען אין געריכט באַווייזע וועגען די אומרוהען און די שרפות. אַסיסטענט טשיף פּאַלמער און אַנדערע מיטגלידער פון פייער דעפּאַרטמענט האָבען עדות געזאָגט, אַז ווען זיי זיינען געקומען אויס־לעשען די פלאַמען אין די אייזענבאַהן דיפּאָס, האָבען זיי געכאַפּט אַ פּאָר מענער, וואָס האָבען איבערגעשניטען די וואַסער קישקעס און אַז די דאָזיגע מענער האָבען געהאַט אָפיציעלע צייכענס פון דעפּיוטי מאַרשאַלס. עס זיינען אויך געווען פיעלע פּליסלייט אין געריכט, וואָס זיינען געווען גרייט עדות צו זאָגען, אַז זיי האָבען געכאַפּט די זעלבע דעפּיוטיס אויפרייצענדיג צו אומרוהען און גוואַלדטאַטען.

די דזשורי איז אויסגעקליבען געוואָרען מיט'ן צוועק צו פאַר־אורטיילען. ווען מיר האָבען אַנגעהויבען פאַרצוברענגען אונזערע באַ־ווייזע האָבען זיך זייערע אויגען ברייט געעפענט פאַר ערשטוינונג.

די געשוואָרענע האָבען פאַרשטאַנען, אַז זיי זיינען אָנגעזאַפּט געוואָרען מיט פאַראורטיילען און אויף אַ שענדליכען אופן באַשווינדעלט געוואָרען.

די אייזענבאַהן פאַרוואַלטער האָבען עדות געזאָגט, אַז זיי געדיינקען ניט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער זיצונג פון די אייזענבאַהן און פולמאַן קאָמפּאַניעס. ווען זיי זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען צו ברענגען די געדרוקטע באַריכטען פון דעם מיטינג, האָבען זיי מיט אַ געבעט געווענדעט זייערע בליקען צו עדווין וואָקער. די מורא וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען איבער זייערע פּנים'ער וועלען קיינמאָל ניט פאַרגעסען די, וואָס האָבען עס בייגעוואוינט. זערע אייגענע געדרוקטע באַריכטען וואָלטען אויפגעדעקט זייער ליגען און וואָלט פאַר'משפּט זיי פאַר פאַרשווערונגס און פאַלש עדות זאָגען. עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערען און באַלד אויפ'ן אָרט. דאָס געריכט איז געשלאָסען געוואָרען איבער מיטאָג־צייט. ווען דאָס געריכט האָט זיך ווידער געעפענט, האָט ריכטער גראָסקאָפּ מיט אַן ערנסטער שטימע ערקלערט, אַז איין געשוואָרענער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען און דער פּראָצעס קאָן ניט פאָרטגעזעצט ווערען.

פון טאָג צו טאָג האָט מען אַלץ אָפּגעלייגט דעם פּראָצעס. מיר האָבען פאָרגעשלאָגען, אַז דער פּראָצעס זאָל פאָרטגעזעצט ווערען אויף איינעם פון די וועגען, וואָס דאָס געזעץ זעהט פאָראויס אין עהנליכע פאַלען. די אָנקלאַגע האָט איינגעווענדעט געגען דעם. דער געשריי „אין געפענגניש אריין" איז געוואָרען שטילער. „לאָזט זיי פריי" איז איצט געוואָרען דער באַפעהל פון די באַהן־קאָמפּאַניעס. עס האָט ניט געטאָרט געהאַלטען ווערען נאָך אַ זיצונג פון געריכט, ווייל דאַמאָלט וואָלטען די געדרוקטע באַריכטען געמוזט אַרויסגעגעבען ווערען. און ווי דאָס געריכט האָט באַפוילען צו ברענגען די פּראָטאָקאָלען פון דער „אמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" האָט ער געמוזט דעם זעלבען באַפעהל געבען צו די באַהן־בעאַמטע וועגען די פּראָטאָקאָלען פון זייער אַסאָסיאיישאָן. די דאָזיגע פּראָטאָקלען זיינען געבראַכט געוורען אין געריכט אויף דער לעצטער סעסיע פון פּראָצעס, אָבער אויפ'ן באַפעהל פון געריכט האָבען די

אַנגעקלאַגטע ניט געטאָרט אַריינקוקען אין זיי און עדווין וואַקער, דער רעגירונגס פּראָקוראָר, האָט זיי געהיט מיט׳ן געטרייען אויג פון אַ באַגלויבטען דינער.

אונז איז ניט ערלויבט געוואָרען צו באַטראַכטען די פּראָטאָקאָלען פון דער „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאַן", ניט קוקענדיג וואָס אונזערע פּראָטאָקאָלען, טעלעגראַמען און פּריוואַטע בריעף זיינען געבראַכט געוואָרען אין געריכט אַריין אויפ׳ן באַפעהל פון ריכטער און זיינען דורכגעקוקט און באַטראַכט געוואָרען פון עדווין וואַקער און אַנדערע און עס איז געדרוקט געוואָרען אין די געריכטס פּראָטאָקאָלען פאַר אַלגעמיינער באַטראַכטונג.

אָט אין דער קריטישער מינוט, האָט מען דעם פּראָצעס אָפּגע־שטעלט און דער געשוואָרענער איז געוואָרען „קראַנק".

צעהן יאָהר זיינען פון דאַמאָלט אַריבער און דער געשוואָרענער איז נאָך אַלץ „קראַנק" און מיר וואַרטען נאָך אַלץ, אַז דאָס געריכט זאָל זיך ווידער פאַרזאַמלען און פאָרטזעצען דעם פּראָצעס.

יעדער פאָרשלאַג ווייטער אָנצוגעהן מיט׳ן פּראָצעס איז באַ־קעמפט געוואָרען פון עדווין וואַקער׳ן, דעם ספּעציעלען אַדוואָקאַט פון דער רעגירונג און אַלגעמיינעם אַדוואָקאַט פון די באַהן־קאָמ־פּאַניעס.

קלאַרענס דאַראָו האָט איינגעווענדעט געגען מר. וואַקער׳ס ער־שיינען אין געריכט אין דער טאָפּעלטע ראָל, רעפּרעזענטירענדיג אין דער זעלבער צייט אי די רעגירונג און די באַהן־קאָמפּאַניעס. — כלומרש׳טיגע גערעכטיגקייט פון איין זייט און ראַבע דורשטיגקייט פון דער צווייטער זייט — אָבער ריכטער גראָסקאָפּ האָט צוריק געוויזען די איינווענדונג.

ווידער און ווידער איז דער פּראָצעס אָפּגעלייגט געוואָרען. דער אינטערעס צו איהם איז איינגעשטילט געוואָרען און מיט מאָנאַטען שפּעטער, ווען דער פּראָצעס איז שוין אין גאַנצען פאַרגעסען גע־

ווארען, איז ער אין דער שטיל אויסגעמעקט געווארען פון געריכטס־קאלענדער.

ווען די איבערגעבליבענע עלף געשווארענע זיינען באפרייט גע־ווארען, האט עדווין וואקער אויסגעצויגען זיין האנט צו זיי, אבער זיי האבען זיך אויסגעדרעהט און ארומגערינגעלט דעם שרייבער פון די צייל'ען און זיינע מיט־באשולדיגטע, דריקענדיג זיי די הענט און פארזיכערענדיג זיי, אז זיי זיינען געווען איבערצייגט אין זייער אומ־שולד און זיי האבען בלויז באדויערט וואס זיי זיינען געשטערט גע־ווארען ארויסצוגעבען אזא אורטייל.

און אין דער צייט ווען מיר זיינען גע'משפט געווארען פאר קאנס־פיראציע, זיינען מיר שוין געזעסען א טערמין אין געפענגניש פאר „קאנטעמפט אוו קאורט". דער פראגראם, וואס די באהן קאמפאניעס האבען אויסגעשטעלט איז געווען, אז נאך די זעקס חדשים זאלען קו־מען לאנגע יאהרען געפענגניש.

ווען די דזשורי זאל אונז ערקלערען אומשולדיג אין א פארברעכען פאר וועלכען מיר זיינען שוין געזעסען זעקס־מאנאטען, וואלט עס ניט נאר באדייטעט אונזער פאלשטענדיגע ריינוואשונג, נאר דאס וואלט אויך קלאר ארויסגעשטעלט פאר אלעמען, אז דער פעדעראלער געריכט האט אהן א משפט פארשיקט מענשען אין געפענגניש, בלויז אויפ'ן פארלאנג פון די באהן קאמפאניעס.

און אזוי האט זיך דער פראצעס פלוצים איבערגעריסען צוליעב דער כלומרש'דיגער קראנקהייט פון א געשווארענעם און זיי האבען ניט געקענט געפינען קיין אנדערען, וואס זאל פארנעמען זיין פלאץ.

דאס זיינען די פאקטען. איך האב גענוג באוויזען זיי אלע צו באשטעטיגען, אבער, ווי איך האב שוין באמערקט, דער מאנגעל אין פלאץ ערלויבט מיר ניט זיי אלע צו ברענגען דא.

אויב אבער דער פרעזידענט קליוולאנד און די באהן־קאמפאניעס צווייפלען דאריז, בין איך גרייט מיט זיי זיך צו טרעפען פנים אל פנים

אין וועלכען ניט איז אַרט אין אַמעריקאַ און פון דער פּלאַטפאָרמע זיי איבערצייגען.

דער שיקאַגאַ'ער סטרייק איז אין פולע הינזיכטען געוועזען דער גרעסטער אינדוסטריעלער קאַמף פון דער געשיכטע און איך בין שטאָלץ אויף'ן קליינעם חלק, וואָס איך האָב געהאַט אין איהם, פיעל מעהר ווי אויף וועלכער ניט איז אַנדערער טאַט אין מיין לעבען.

מענער, פרויען און קינדער זיינען געוועזען אויפ'ן ראַנד פון הונגער־טויט אין פולמאַן'ס מ אָ ד ע ל ־ ש ט אָ ד ט. זיי האָבען באַשאַפען די פאַבעלהאַפטע רייכטימער פון דער פולמאַן־קאָמפּאַניע, אָבער זיי אַליין זיינען געצוואונגען געוועזען צו ליידען די יסורים פון הונגער און פּיין אין סאַמע מיטען פון זייער אַרבייט און די רייכטימער, וואָס זיי האָבען באַשאַפען.

הונדערט און פופציג טויזענט באַהן־אַנגעשטעלטע, די מיטגלידער פון דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" האָבען סימפּאַטיזירט מיט זיי, געטיילט מיט זיי זייערע אָרעמע פאַרדינסטען און דער נאָך ווען זיי האָבען אויספּרובירט יעדען מעגליכען פרידליכען מיטעל צו ריהרען דאָס שטיינערנע הארץ פון דער פולמאַן קאָמפּאַניע — יעדער פאָרשלאַג איז צוריקגעוויזען געוואָרען, יעדע בעאיינפלוסונג — פאַרשטויסען, און יעדע מעגליכקייט פאַר אַ פאַרשטענדעניש — איז מיט באַליידיגונג פאַרוואָרפען געוואָרען — האָבען זיי באַשלאָסען ניט צו באַפלעקען זייערע הענט און ניט צו באַשמוצען זייער עהרע דורך דעם וואָס זיי וועלען פירען די פולמאַן'ס און העלפען נאָך פאַרגרעסערן די נויט און די ליידען פון זייערע ברידער. זיי האָבען ליעבערשט אוועקגעלייגט די אַרבייט, געאָפּפערט מיט זייערע שטעלעס און אונטערגעוואָרפען זיך צו פאַרפאָלגונגען, פאַרשיקונגען, אָרעמקייט, און שוואַרצער ליסטע און צו אַלע אַנדערע „מתנות", וואָס די קאַפּיטאַליסטען האַלטען גרייט פאַר זייערע סטרייקענדע אַרבייטער.

און ביז מיין לעצטען אָטעם־צוג וועל איך האָבען בלויז ליעבע און עהרע פאַר די דאָזיגע גרויסע העלדען.

מעהר מענשליכקייט, מעהר געפיהל פוןברידערליכקייט און אמת'ן קריסטענטום איז געוועזן אין דיזער טאט, ווי אין די פוסטע פרעטענזיעס און הארצלאזע דרשות פון די תלמידים פון גאלדענעם אפגאט, וואס זיינען ארוים מיט גוואלט געגען דער טאט. די דאזיגע טאט וועט שיינען און פארשפרייטען ליכט און גלויבען לאנג נאך דעם, ווי די דאלאר־פארעהרער וועלען פארדעקט ווערען מיט'ן שטויב פון פארגעסענהייט.

ווען דער סטאליער פון נצרת וואלט אין יענער צייט געוועזן אין שיקאגא, וואלט ער געוועזן אויף דער זייט פון די ארעמע, פון די שוועליידענדע און באליידיגטע און ער וואלט ערקלערט קריג צו זייערע אונטערדריקער, און ער וואלט פארשיקט געווארען אין געפענגניש פאר „קאנטעמפט אוו קאורט" פון פרעזידענט קליוולאנד'ס אדמיניסטראציע.

פרעזידענט קליוולאנד זאגט, אז מיר זיינען אונטערדריקט געווארען וויל מיר האבען פארבראכען דאס שערמאן אנטי־טראסט געזעץ. וועט ער זיין אזוי פריינדליך און אונז אויך ערקלערען, וועלכע אנדערע טראסטען זיינען גע'משפט געווארען און פארשיקט געווארען אין געפענגניש אונטער זיין אדמיניסטראציע?

צעהן יאהר האט ער געווארט מיט זיינע פארלוימדונגען אויף דער עהרע פון דזשאהן פ. אלטגעלד, און אויב דיעזער פאטריאטישער שטאטסמאן וואלט ניט געפאלען דינענדיג דאס פאלק און ער וואלט נאך דא געווען און געקאנט פארטיידיגען זיך, איז זעהר צווייפעלהאפט צי דער עקס־פרעזידענט וואלט געוואגט איהם צו אטאקירען.

צו מיין באדויערן האב איך דא קיין פלאץ ניט צו ברייגנען זיינע פייערדיגע צושריפטען צו פרעזידענט קליוולאנד, אדער כאטש אויסצוגען זיין מייסטערהאפטע רעדע וועגען „א רעגירונג פון אינדזשאנשאנס".

זיין אנערקענונג דארף קיין פארטיידיגונג ניט האבען און וואלט עס נויטיג געווען, וואלט איך בעסער געקאנט אים פארטיידיגען

ווי זיך אַליין. ער האָט קיינמאָל ניט געשאָנעוועט די מאַגנאַטען פון קאַפּיטאַל, ער האָט ניט געמאַכט קיינע קאָמפּראָמיסען מיט זיין געוויסען, ער איז געוועזן ענטשלאָסען אין זיין איבערגעבענהייט צום אמת און אין זיין טרייהייט צו דער גערעכטיגקייט, און מיט אַלע זיינע קרעפטען האָט ער געזוכט צו דינען דעם פאָלק און דאָס פאָלק וועט איהם מיט עהרע און ליעבע געדיינקען אַלס איינעם פון די אמת׳ע מענשען, אַלס איינעם מיט אַ גרויסער נשמה אין אַ צייט פון עגאָאיזם און געמיינהייט.

דער שיקאַגאָ׳ער סטרייק איז נאָך ניט פאַרענדיגט און דאָס „לעצטע וואָרט" ד א ר ף ע ר ש ט ג ע ז א ג ט ו ו ע ר ע ן.

דער צוואַנסיגסטער יאָהרהונדערט דאַרף זיין, לויט די נביאות פון וויקטאָר הוגאָ, דער יאָהרהונדערט פון הומאַניטעט.

ביז איצט איז נאָך קיין יאָהרהונדערט פון הומאַניטעט ניט געווען. פון די עלטסטע צייטען אָן האָט טיראַניי געבליהט און פון פרייהייט איז קיין זכר ניט געווען. דאָס פאָלק איז געווען פאַר־שקלאַפט און די מאַכט איז געווען אין די הענד פון איינציגע. די פאַראַזיטען זיינען געווען די באַלעבאַטים פונ׳ם לעבען אין דער צייט, ווען די ארבייטענדע מאַסען האָבען געלעבט אין דחקות און געשטאָרבען אין פאַרצווייפלונג.

אָבער די צייט, וואָס דאַרף קומען, איז די צייט פון הומאַניטעט און פון דעם עלענד פון דער פאַרגאַנגענהייט וועט אויסוואַקסען די ציוויליזאַציע פון דער צוקונפט.

דער נייַנצעהנטער יאָהרהונדערט איז געווען די צייט פון הומאַנע און ליבעראַלע שטרעמונגען, דער צוואַנציגסטער יאָהרהונדערט וועט זעהן זייער פאַרווירקליכונג סיי אין דעם צוזאַמענברוך פון דעספּאָטאַיזם און סיי אין דער באַשאַפונג פון אַן אַלוועלטליכער דעמאָקראַטיע, געבויט אויף פרייהייט און ברידערליכקייט.

אין יאָהר 1864, ווען וויקטאָר הוגאָ איז געווען פאַרשיקט, האָט ער געשריבען:

„דאָס פאַרוואַנדלען פון המון אין אַ פאָלק — וואָס פאַר אַ גרויסע אויפגאַבע! פאַר דעם ציעל האָבען די מענשען, וואָס רופען זיך סאָציאַליסטען, געאַרבייט די לעצטע פיערציג יאָהר. דער פערפאַסער פון דעם בוך, ווי אומבעדייטענד ער זאָל ניט זיין, איז איינער פון די פּיאָנערען אין דער באַוועגונג. אויב ער פאָדערט אַ פּלאַץ צווישען די דאָזיגע דענקער, איז דאָס דערפאַר, ווייל דאָרט איז דער פּלאַץ פון די פאַרפאָלגטע. אַ געוויסע פיינדשאַפט צום סאָציאַליזם, אמת,

א בלינדע, אבער דערפאר זעהר א פארשפרייטע האט פאר די לעצטע פופצעהן־זעכצעהן יאהר זיך פארשפרייט און פארשפרייט זיך אלץ מעהר צווישען די איינפלוסרייכע קלאסען. זאלען מיר ניט פארגעסען, אז דער אמת׳ער סאציאליזם האט פאר זיין ענד־ציעל די ערהויבונג פון דער מענשליכער ווירדע פון די מאסען און דערפאר אז זיין הויפט אויפגאבע די מאראלע און אינטעלעקטועלע פארפולקאמונג״.

אויב דער צוואנציגסטער יאהרהונדערט ווי מיר זיינען אלע גרייט צו גלויבען, וועט פארווירקליכען די פראפעציייהונג פון דעם פראנצויזישען פאעט און וועט ווערען דער יאהרהונדערט פון הו־מאניטעט — וועט דאס זיין דער ענטפער אויף דער סאציאליסטישער אגיטאציע, וואס האט זיך אנגעהובען אין פארגאנגענעם יאהרהונדערט, וועט דאס זיין די פרוכט פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג.

געהענדיג אויף דעם וועג פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע, האט דאס אייראפעאישע לעבען זיך ענטוויקעלט — און אין די לעצטע יאהרען פונ׳ם נייצעהנטען יאהרהונדערט אלץ קענטיגער און גיכער — אין דער ריכטונג פון דאס, וואס מיר רופען מאדערנער סאציאליזם. פארשטעהט זיך, די ערשטע טריט פון דער ענטוויקלונג זיינען געווען פארנעבעלט, ניט קלאר, די ריכטונג איז נאך ניט געווען זיכער און פעסטגעשטעלט.

אבער דער שאפענדער גייסט פון מענשען האט זיך ארויסגעוויזען אלץ מעהר און מעהר אין דער אינדוסטריעלער וועלט. דער געברויך פון דאמף אלס טרייב־קראפט האט זיך אלץ מעהר פארשפרייט, און נייע מאשינען האבען פארנומען א ברייטערען פלאץ און דערגרייכט איבעראל. אלץ מעהר האט זיך געלאזט פיהלען דער אומפארמיידליכער איינפלוס פון דער נייער אינדוסטריעלער עפאכע אויפ׳ן האנדווערקער, ארבייטער און קליינעם געשעפטסמאן. צוזאמען מיט דער אויס־שפרייטונג פון אט די נייע כחות האט זיך פארשפרייט די באוועגונג אין פארשידענע פארמען און ריכטונגען, הויפזעכליך אוטאפישע. און

ארום דער העלפט פון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט איז זי קריסטאַליזירט און ברייט אויפגעקלערט געוואָרען פון מאַרקס'ען, ענגעלס'ען, לאַסאַל'ען און אַנדערע, וואָס האָבען באַגריפען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פון דער באַוועגונג און באַפליגעלט די באַוועגונג מיט דער לעהרע פון סאָציאַליזם. זיי האָבען געגעבען דער וועלט דעם גרויסען ציעל פון פרייהייט און ברידערליכקייט און געוויזען דער מענשהייט דעם וועג צום ציעל.

די ערשטע שפּורען פון סאָציאַליזם אין די פאַראייניגטע שטאַטען געפינען מיר אין דעם שטראָם פון דער אימיגראַציע, פון דער אַלטער אין דער נייער וועלט אַריין, וואָס האָט געטראָגען אין זיך די באַצילען פון אונצופרידענהייט, גענעהרט פון דעם אויסגעשפּיעלטען פעאָדאַליזם פון דער אייראָפּעאישער ציוויזאַציע.

מיר וועלען דאָ ניט זוכען צו פערצייכענען אין דער גענויער ארדנונג די פיעלע פּאַרזוכען פון אַרום אַ האַלבען יאָהרהונדערט, די ערשטע העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט, צו פאַרשפּרייטען סאָ־ציאַליסטישע, אָדער האַלב־סאָציאַליסטישע דאָקטרינען צווישען אַמע־ריקאַנער פאָלק און ווענדען די כוואַליע פון ארבייטער אונרוהען אין דער סאָציאַליסטישער ריכטונג. די דאָזיגע צייטען זיינען גע־ווען רייך אין סאָציאַלען און אין אינדוסטריעלען אומרוהע, און די אַלע פּראָיעקטען און פּלענער, וואָס זיינען דאַמאָלט פּאָרגעלעגט געוואָרען, ווי אוטאָפּיש און אומפּראַקטיש זיי זיינען ניט געווען, זיינען זיי אָבער אין דערזעלבער צייט געווען די סימפּטאָמען פון סאָציאַלער ערוואַכונג. דאָס זיינען געווען די פאָרגענגער פון דער גרויסער ענדערונג אין דער רעגירונג און אין דער אינדוסטריע, וואָס האָט געזאָלט רעוואָלוציאָניזירען און אויסגלייכען די מענשליכע ראַסע אין דער הויך פון אַלוועלטליכער ציוויליזאַציע.

מיט אַכציג יאָהר צוריק איז דער טרוימער, ענטוזיאַסט און הו־מאַניסט ראָבערט אוען געקומען פון ענגלאַנד נאָך אַמעריקא צו פּאָר־זיכען זיינע אוטאָפּישע פּלאַנצען אין דעם באָדען פון דער נייער

וועלט. די גאנצע רייהע פון זיינע קאמוניסטישע עקספערימענטען, וואס זיינען פאראוים געווען פאר׳משפט צו ענטוישונג און דורכפאל, זיינען אן אינטערעסאנטער שטודיום וועגען די ערשטע טעג פון דער אמעריקאנער באוועגונג. און כאטש אינ׳ם ליכט פון אונזער היינטיגען פארשטעהן פון סאציאלער ערשיינונגען קאנען זיינע אונ־טערנעהמונגען ערשיינען פאר פיעלע אלס פאנטאסטיש און נאריש, דאך האבען זיינע עקספערימענטען אן אונשעצבארען ווערט, און די געשיכטע פון סאציאליזם קאן ניט געשריבען ווערען, ניט דערמאנענדיג זיין נאמען.

באשטימט וויכטיגער איז ביי אים די ערשטער אויטאפיש און מעהר פראקטיש און פאר־שפרעכענד איז געווען די פוריעריסטישע באוועגונג, וואס האט זיך פארשפרייט אין די פערציגער יאהרען און האט געשפיעלט אן אינ־טערעסאנטע און היסטארישע ראלע אין דעם סאציאלען אויפבוי פון אמעריקא.

א גרויסער טייל פון דער אינטעליגענץ, פון יענער צייט איז צוגעצויגען געווארען צו דער באוועגונג א דאנק דער אגיטאציע פון אווען און פוריע.

מיט׳ן פייערדיגסטען ענטוזיאזם האבען זיך זיך גענומען צו פאר־וואנדלען די אמעריקאנער וויסטעניש אין דעם פארשפראכענעם לאנד פון מילך און האניג.

די דאזיגע באוועגונג איז געווען דורכגעדרונגען הויפטזעכליך מיט סענטימענטען און געפיהלען. זי האט אבער געהאט א געזונטען וויסענשאפטליכען אונטערשלאג, ווי דאס באווייזען די שריפטען פון די מענשען, וואס האבען די באוועגונג געשטיצט און באגרינדעט.

ב ר ו ק פ א ר ם, א וואונדערבארע ערינערונג, וואס איז פאר־דונקעלט צוליב ענטוישונג איז געגרינדעט געווארען אין יאהר 1841 נעבען באסטאן. צווישען די פילע באריהמטע נעמען, וואס זיינען געווען פארבונדען מיט ב ר ו ק פ א ר ם, רופען נאך ארוים די

פאָלגענדע אַ זאַנדערבאַרען אינטערעס ביז'ן היינטיגען טאָג: ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן, דזשאָרדזש ריפּלי, האָריס גרילי, דזשיימס ראַסעל לאָועל, דזשאָהן גרינליף וויטיער, וויליאַם קאַלען ברייענט, אַלבערט בריסביין, עלערי טשענינג, דזשיימס פרימאַן קלאַרק, טעאָדאָר פּאַרקער, אַ. בראָנסאָן אַלקאָט, דזשאָן טאָמאַס קאַדמען, הענרי ד. טאָראָ, נאַטהע-ניעל האַטהאָרן, דזשאָרדזש בענקראָפט, טשאַרלז אַ. דאַנאַ און דזשאָרדזש וויליאַם קוירטיס.

די ב ר ו ק פ א ר ם אַסאָסיאַציע, אָרגאַניזירט פון „אינ-טעליגענטען" וואָס האָבען ניט געוואוסט פון די געזעצען פון עקאָ-נאָמישער ענטוויקלונג און נויטווענדיגקייט אין דער מענשליכער גע-זעלשאַפט, האָט אויף אַ וואונדערבאַרען און ווייט-גרייכענדען אופן באַפרוכטיגט די לופט מיט די זוימען פון ברידערליכקייט און גלייכ-הייט.

די אַסאָסיאַציע האָט ערקלערט, אַז איהר ציעל איז: „גיכער גרינדליך און אַלזייטיג צו רעפאָרמירען די געזעלשאַפט, איידער, צו זוכען צו פאַרריכטען וועלכען ניט איז באַשטימטען פעהלער און באַ-זייטיגען וועלכען עס איז אומרעכט"...

אין דער ערשטער ערקלערונג האָבען די מיטגליעדער פון ב ר ו ק פ א ר ם געמאָלדען, אַז די אַרבייט, וואָס זיי האָבען אונטערגענומען איז ניט געווען „בלויז אַ גוטער וואונש, נאָר אַ נויטווענדיגער שריט צום פּראָגרעס, וועלער איז נאָך, — ווי יעדער מענש, וואָס איז ניט בלינד קאָן עס זעהן — ווייט פון זיין ציעל".

און ווייטער האָבען זיי געזאָגט: „מיר גלויבען, אַז די מענש-הייט, ערצויגען אין די לאַנגע דורות פון ליידען און קאַמף, און געפיהרט פון אַזוי פיעל הייליגע, העלדען און חכמים איז ענדליך גרייט אריינ-צוטרעטען אין דער אַלוועלטליכער אָרדנונג, צו וועלכער זי האָט פון אייביג אָן געשטרעבט".

..."מיר ערקלערען, אַז די העכסטע פליכט פון אונזער צייט און אונזער לאַנד, — ניין, פיעל מעהר! — די איינציגע רעטונג פון אונזער

לאנד און אַלע איבריגע לענדער, ליגט אין דער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט לויט די אייביגע יסודות פון דער מענשליכער נאַטור און אַלוועלטליכער האַרמאָניע".

די דאָזיגע פּאַראַגראַפען ציינען אַ קלאָרען בליק פאַר יענער צייט און וואָלטען מיט קליינע ענדערונגען געקענט אריינגענומען ווערען אין אַ מאָדערנער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליסטישער פּלאַטפאָרם.

דער נאָכפאָלגענדער פּאַראַגראַף איז ווערט פאַראייביגט צו ווערען אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. ער ברייננט ארויס אין אַן ערהאַבענער באַטאָנונג די איבערצייגונג פון די ב ר ו ק פ אַ ר ם טוער אין דער ענדגילטיגער פאַרווירקליכונג פון זייער חלום וועגען אַ צייט, וואָס איז עהנליך צו אַ סאָציאַליסטישער געזעל־שאַפט.

זיי זאָגען: „אין וואָס עס זאָלען ניט זיין די רעזולטאַטען אין געוויסען באַזונדערע פאַלען, צווייפלען מיר אָבער ניט, אַז דער ציעל אונזערער וועט ענדליך ערהייכט ווערען, — אַז דאָס מענשליכע לעבען וועט זיך ענטוויקלען ניט אין דיסהאַרמאָניע און עלענד, נאָר אין האַרמאָניע און אין פרייד, און די באַנייטע ערד וועט אויף איהר בוזעם טראָגען אַ ראַסע פון מענשען, וואָס זיינען ווערט צו טראָגען דעם נאָמען מענש".

דאָס איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר 1844. און דער גאַנצער דאָקומענט טראָגט אויף זיך שפּורען פון סאָציאַליסטישע געדאַנקען און טענדענצען.

ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן האָט געשריבען: „וואָהרהאַפטיג, איך האָב גרויס דרך ארץ פאַר די גרויסמוטיגע אידעאַלען פון די סאָציאַליס־טען, פאַר זייערע גרויסאַרטיגע טעאָרעס און פאַר דעם ענטוזיאַזם, מיט וועלכען זיי זיינען דורכגענומען".

אַלבערט בריסביין, פּאַרק גודווין און האָראַס גרילי, דער לעצטער — אַן אומגעוועהנליכער, אין פיעלע הינזיכטען דער שאַרפסטער און

פּראַקטישסטער פון אַלע — זיינען געווען די לייטענדע פיגורען אין יענער צייט.

אַלע האָבען זיי געהאַט מענשליך בלוט אין זייערע אָדערען, אַלע האָבען זיי געהאַט דעמאָקראַטישע אינסטינקטען און אַלע האָבען זיי, מעהר אָדער ווייניגער, פאָראויסגעזעהן דעם שטראָם פון דער צייט, וואָס האָט געפיהרט צו אַ קאָלעקטיווער צוזאַמענלעבונג, אינדוסט־ריעלער פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיגקייט.

און אין דער צייט האָבען מאַרקס און זיינע חברים געריינינגט די חושך'דיגע אַטמאָספערע פון דער אַלטער וועלט. זיי האָבען פאַנאַנ־דערגעגלידערט די הערשענדע אַרט און וויזע פון דער פּראָדוקציאָן און פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין אַלגעמיין און אין זייערע פאָרשונגען האָבען זיי ענטדעקט די פונדאַמענטאַלע געזעצען פון דער סאָציאַלער ענטוויקלונג. זיי האָבען פאַנאַנדערגעוויקעלט די „מאַטעריאַליסטישע וועלט אויפפאַסונג", — דעם וויסענשאַפטליכען באַזיס פון סאָציאַליסטישען געדאַנק און טעטיגקייט.

פון דער צייט אַן האָט די אַרבייטער באַוועגונג באַקומען אַ וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט. די צעוואָרפענע און צווישען זיך שטריי־טענדע פראַקציעס האָבען זיך גענומען פאַראייניגען און האַרמאָניש צוזאַמענלעבען. דער סאָציאַליזם איז געוואָרען אַ קלאָרער און אַנער־קענטער פאַקטאָר אין דעם סאָציאַלען און פאָליטישען שיקזאַל פונ'ם פאָלק.

די אַמעריקאַנער האָבען זיך מיט אייפער אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט און אַריינגעזעצט טיעפע וואָרצלען פון דער סאָציאַ־ליסטישער פילאָזאָפיע אין דער אַמעריקאַנער ערד, אין דער נייער פּיאָנערען ארבייט אין אמערקא האָבען זיי נאָכגעפאָלגט די ביי־שפּיעלען און געאַרבייט אונטער דעם איינפלוס פון די פּיאָנערען אין דער אַלטער וועלט. עס האָבען זיי איינגעשלונגען די סאָציאַליסטען, וואָס זיינען אַריבערגעקומען אהערצו פון איירָאפּא.

אלבערט בריסביין איז געוועזן איינער פון די לייטענדע גייסטער אין דער פיהרונג פון דער אמעריקאנער באוועגונג. ער איז געוועזן אן אויסגעשפראכענער סאציאליסט און אזוי פריה ווי 1840 האט ער זיינע אנשויאונגען ארויסגעבראכט אין א בוך מיט'ן נאמען: „דער סאציאלער שיקזאל פון מענשען, אדער אסציאציע און רעארגאניזירונג פון אינדוסטריע".

אין דעם ווערק האט בריסביין געמאכט א שטארקע פארטיי-דיגונג מיט אימערצייגענדע ארגומענטען פאר קאאפעראטיווע אינ-דוסטריע און „א גלייכע צוטיילונג פון פראפיט צו יעדען אינדי-ווידום".

זייענדיג אין איירא פא אין 1848 האט זיך בריסביין צום ערשטען מאל באגעגענט מיט קארל מארקס'ען פון וועמען ער האט שפעטער געשריבען דאס פאלגענדע: „איך האב באגעגענט קארל מארקס'ען, דעם פיהרער פון דער פאלקס-באוועגונג. די שריפטען פון קארל מארקס וועגען ארבייט און קאפיטאל און די סאציאלע טעאריעס, וואס ער האט דאמאלס ענטוויקעלט, האבען געהאט א גרעסערען איינפלוס אויף דער גרויסער סאציאליסטישער באוועגונג אין אייראפא, ווי די ווערק פון וועלכען-ניט-איז אנדערען מענשען. ער האט דאס געלייגט דעם פונדאמענט פון מאדערנעם קאלעקטיוויזם, וואס האט איצט די בעסטע אויסזיכטען צו ווערען די הערשענדע סאציאליסטישע טעאריע אין אייראפא. ער האט דאמאלס געהאלטען אין ווערען פראמינענט. ער איז דאמאלט געוועזן עטליכע און דרייסיג יאהר, נידעריג, פעסט געבויט, מיט אן איידעל פנים און א גרויסען קאפ שווארצע האר. ער האט געמאכט דעם איינדרוק פון א מאן מיט גרויסער ענערגיע און פון אונטער זיינע פיינע מאנירען האט זיך ארויסגעוויזען דער פייער און די ליידענשאפט פון א גרויסער נשמה..."

„קורץ, רעדענדיג ווי מיר פארשטעהען איצט דעם קאלעקטי-וויזם, פאדערט זיין טעאריע די אפשאפונג פון פריוואט אייגענטום אויף די נאטירליכע רייכטימער פון דער וועלט — אויף דער ערד,

מינען, אויף ערפינדונגען און שאפונגען אן דער אינדוסטריע, וועלכע זיינען די מיטלען פון דער פראָדוקציאָן, און אויך אויף דער מאשינערי. די דאָזיגע רייכטימער, געליפערט פון דער נאַטור און באשאפען פונ׳ם מענשליכען גייסט, דארפען ווערען קאָלעקטיווע אייגענטום, פאַרוואַל־טעט פון שטאַט פאַר׳ן אַלגעמיינעם געברויך פון יעדען איינעם. רעגירונגען דארפען מיט זיך פאַרשטעלען דעם קאָלעקטיווען גייסט פון דער גאַנצער נאַציאָן און אָנפיהרען און פארוואַלטען אַלע אַלגע־מיינע אָפעראַציאָנען און באַציהונגען פון אינדוסטריעלען כאַראַקטער".

בריסביין האָט א סך געררייזט אין אייראָפּאַ און באַגעגענט זיך מיט די באַדייטענדעסטע מענשען פון די וויכטיגסטע לענדער. ער האָט שטודירט די אינדוסטריעלע און עקאָנאָמישע צושטענדען מיט אַן אויסזיכט צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם קאָלעקטיוויזם אין די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען. צוריקקומענדיג אַ בעגייסטערטער, האָט ער זיך מיט ענערגיע אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט פון אַגיטאַציע און ער איז זיכער באַרעכטיגט צו דער עהרע באַטראַכט צו ווערען אַלס איינער וואָס האָט פיעל בייגעטראָגען צו דער פּיאָנערען ארבייט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקא.

מיר ווילען ניט גרינגשעצען קיינעם פון די טוער פון יענער צייט און מיר מאַכען ניט קיינע פאַרגלייכונגען מיט אַנדערע — אָבער די ריזיגע פּרזענליכקייט און גלייכצייטיג ניט געקינסעלטע איינפאַכ־קייט, צוזאַמען מיט דער טיפער השגה און גרונטאָווּנער עהרליכקייט און אויפריכטיגקייט פון האָריים גרילי רופט ארויס ספּעציעלע באַ־וואונדערונג.

גרילי׳ס איינפלוס אין די ערשטע טעג פון דער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג אין אַמערקא, ווען בלויז דאָס דערמאָנען די באַוועגונג פלעגט ארויסרופען האַס און פאַרפאָלגונגען, איז נאָך עד היום ניט אין גאַנצען אנערקענט און אָפּגעשאַצט געוואָרען. „אונזער צווייטער פרענקלין" האָט מען איהם גרופען און ער האָט כשר דעם נאָמען פאַר־דינט.

פארטאן, גרילי'ס ביאגראף, זאגט: „די טעמא פון זיינע רעדעס איז שטענדיג געווען די זעלבע, אזוי אויך די אויפגאבע פון זיין לעבען. דאס איז געווען די „עמאנסיפאציאן פון ארבייט", איהר באַפרייאונג פון אומוויסענהייט, פארברעכען, קנעכטשאפט, ניט זיכערהייט און ארעמקייט. דאס איז געווען זיין אויסגעקליבענע, איינציגע טעמא, אהן אונטערשיעד צי ער האט גערעדט פון דער פלאטפארמע אדער געשריבען פאר דער 'טריביון'.

האריס גרילי איז געווען אין אמת'ן זין אן ארבייטער פיהרער. ער איז געווען דער ערשטער פרעזידענט פון דער זעצער יוניאן נומער 6 פון ניו יארק און ער האט שטענדיג גענומען א פארטגעשריטענע שטעלונג אין אלע וואס האט אנגעריהרט דעם ארבייטער קלאס.

זיינע אנזיכטען אין ארבייטער פראגען זיינען געווען פריי פון יעדען קאנסערוואטיזם. ער איז געווען, פריהער פאר אלע, ראדיקאל און פראגרעסיוו דאס הייסט רעוואלוציאנער. אונזערע היינטיגע ארבייטער פיהרער וואלטען געמעגט מיט כבוד פאר זיך און מיט נוצען פאר זייערע ארגאניזאציעס שטודירען זיין כאראקטער און זיינע שריפטען און געהן אין זיין וועג.

די רעוואלוציעס אין אייראפא אין 1848 האבען געצוואונגען פיעלע ראדיקאלען צו פארלאזען זייערע היימאטס-לענדער, און דער אלגעמיינער שטראם האט פילע פון די דאזיגע אומרוהיגע גייסטער געבראכט צו אונזערע ברעגען און אזוי גיך ווי זיי זיינען אנגעקומען האבען זיי גלייך גענומען שפרייטען די זוימען פון רעוואלוציע און אנפיהרען די פראפאגאנדע, וואס זיי זיינען געווען געצוואונגען אויפצוגעבען אויף יענער זייט ים.

די דייטשע סאציאליסטען, וואס זיינען דאמאלט אריבערגעקומען, זיינען געווען פון דעם סארט מענשען וואס זיינען דא נויטיג געווען. זיי זיינען געווען ערצויגען און דיסציפלינירט. זייער קענען אלץ איבערטראגען און זייער שרעקלאזיגקייט האט דערמאנט אן קריעגסוועטעראנען און זיי האבען ניט געוואוסט פון אזא ווארט, ווי ענטמוטיגונג אדער דורכפאל.

צווישען די דאָזיגע דרייסטע אַגיטאַטאָרען, האָט וויליאַם ווייטלינג פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם אָרט אַלס איינער, וואָס האָט צוגעגרייט דאָס פעלד פאַר אָרגאַניזאַציע און פּאָליטישער אַקציאָן.

פון דער צייט אָן איז די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע געוואָרען אַקטיווער, קלאָרער און פיעל אויסגעהאַלטענער פּרינציפּיעל.

די באַוועגונג האָט זיך גענומען באַפרייען פון'ם לייכטען וואָלקען פון קאָמוניזם, וואָס האָט איהר אַרומגעוואָקעלט פאַר דער גאַנצער צייט, און זי האָט אַלץ מעהר אָנגענומען די פאָרם פון אַן אומאַבּ־העענגיגער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע מיט'ן הויפּט צוועק אַריינצוקריגען די רעגירונגס מאַכט אַלס מיטעל צו באַפרייען דעם אַרבייטער קלאַס פון לוין־שקלאַפעריי.

יוניאָנס טורך און געזאַנגס־פעראיינען זיינען אָרגאַניזירט גע־וואָרען אין די פופציגער יאָהרען. כאָטש ניט אויסגעשפּראָכען, דאָך זיינען אַלע געגאַנגען אין דעם זעלבען וועג און פאַרפאָלגט דעמזעלבען ענד־ציעל.

אין אונזער קורצען איבערבליק האָבען מיר קיין פּלאַץ ניט צו פאַרצייכנען אַלע פאַרזוכען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען צו אָר־גאַניזירען אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטישע אַרבייטער באַוועגונג אין די פאַר־אייניגטע שטאַטען. דאָס איז די אַרבייט פון אַ היסטאָריקער און גליקליכערווייזע איז דער היסטאָריקער שוין דאָ. די ערשטע וויכטיגע אַרבייט וועגען דעם געגענשטאַנד איז מאָריס הילקוויט'ס „געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פאַראייניגטע שטאַטען", — אַ בוך פון אַרום 350 זייטען געשריבען אין אַ פיינעם סטיל און ס'בהאַנדעלט פעהיג און גרינדליך אַלע ענטוויקלונגס שטופען פון דער באַוועגונג, פון אָנהויב ביז צו אונזערע טעג.

פּראָפעסאָר ריטשאַרד ט. עלי אין זיין „אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג", דיסקוטירענדיג דעם אָנפאַנג פון מאָדערנעם סאָציאַליזם זאָגט: „אונזער היינטיגער סאָציאַליזם האָט זיין אָנפאַנג אין די

איירָאפּעאישע רעוואָלוציעס פון 1848, וואָס האָבען זיך אַזוי טרויעריג געענדיגט פאַר די פעלקער, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטען געגען זייערע הערשער. פיעלע דייטשע אַנטלאָפענע זיינען אָנגעקומען צו אונזערע ברעגען. די פון זיי, וואָס זיינען געווען איבערגעגעבענע סאָציאַליסטען און קאָמוניסטען האָבען זיך גלייך גענומען צו פּראָפּאַגאַנדירען זייערע אידעען. וויליאַם וויטלינג, אַ שניידער, געבאָרען אין מאַגדעבורג אין יאָהר 1808 האָט זיך אויסגעצייכענט צווישען זיי און איז געוואָרן איינער פון די ערשטע צו פאַרזייהען די זוימען פון עקאָנאָמישען ראַדיקאַליזם, וואָס האָט שפּעטער אַזוי ענטוויקעלט די סאָציאַלע דעמאָקראַטיע פון אונזערר צייט"...

„די ערשטע גרויסע געזעלשאַפט, וואָס האָט אָנגענומען און פּראָ־פּאַגאַנדירט סאָציאַליזם אין אַמעריקא איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די דייטשען טורן־פעראיינען. דער סאָציאַליסטישער טורן־פעראיין פון ניו־יאָרק האָט אין 1850 אַרויסגעגעבען אַ קאָנסטיטוציע פאַר אַ פאַרבאַנד פון פאַרשיעדענע טורן־פאַראיינען. אַ פאָר־קאָנפערענץ פון איינינע דעלעגאַטען איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק אין שעקספּיר האָל, וואו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען די פּראָגרעסיווע צווישען די דייטשע אימיגראַנטען. עס איז ענדליך באַשלאָסען געוואָרען צו רופען אַ מיטינג פאַר די דעלעגאַטען אויפ'ן 5טען אָקטאָבער פון זעלבען יאָהר אין פילאַדעלפיא אום צושטאַנד צו ברייננען אַ פּערמאַנאַנטע אָרגאַניזאַציע. איינינע טורן־פעראיינען האָבען זיך אָפּגערופען און דע־לעגאַטען פון ניו יאָרק, באָסטאָן און באַלטימאָר זיינען אַנוועזענד געווען אויף דער קאָנפערענץ. צום ערשטען האָט זיך דער פעראיין גערופען: „פאַראייניגטע טורן־פאַראיינען פון נאָרד אַמעריקא". דער נאָמען איז מיט אַ יאָהר שפּעטער פאַרביטען געוואָרען אויף „סאָציאַליסטישער טורן־פערבאַנד".

דורך די זעכציגער און זיבעציגער יאָהרען איז די אַגיטאַציע שטאַרק געוואַקסען. לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס זיינען געגרינדעט געוואָרען אין פאַרשיעדענע טיילן פון לאַנד, אָבער זיי האָבען מעהרסטענס עק־

זיסטירט נאָר אַ קורצע צייט און האָבען געהאַט נאָר אַ פאַרבייגעהענדע באַדייטונג.

דער בירגער־קריעג און די בעפרייאונג פון די נעגערס, וואָס האָט אַריינגעבראַכט מיליאָנען „פרייע" נעגערס אויפ'ן ארבייטס־מארק, האָבען שטארק געהאָלפען ענטוויקלען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, וואָס נויטיגט זיך אין אַ שטענדיגען צופלוס פון נייע ארבייטס־הענט.

די יאָהרען נאָכ'ן בירגער־קריעג זיינען געווען צייטען פון אויסער־געוועהנליכער אינדוסטריעלער און קאָמערציעלער טעטיגקייט. דער זשעני פון ערפינדונג האָט געאַרבייט אָהן אויפהער און אָפּרוה. נייע מאשינעריע ברייטערע אנוועגדונג פון דאַמף, ערפינדונג פון נייע טרייב און באַוועגונגס־קרעפטען, אַלץ איז געשטעלט געוואָרען אין דיענסט פון דער אינדוסטריעלער אויפלעבונג. די פּראָדוקציאָן איז געוואַקסען ריעזיג שנעל. אייזענבאַהנען האָבען דורכגעשניטען דאָס לאַנד אין דער ברייט און לייגג. דער „ווילדער וועסטען" איז געוואָרען אַ געדיכט באַזעצטע טעריטאָריע.

און דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען די סמנים פון ענגשאַפט און ערשעפּונג. די מערק זיינען איבערגעפילט געוואָרען מיט סחורות אויף וועלכע ס'זיינען ניט געווען קיין קויפער. די רע־דער פון דער פּראָדוקציאָנס מאשינעריע האָבען זיך געדרעהט אַלץ לאַנגזאַמער.

די „גוטע צייטען" האָבען זיך אונערוואַרטעט געענדיגט. וואַר־שטאַטען און פאַבריקען האָבען זיך גענומען פארמאַכען, די באַהנען האָבען אַרונטערגעדריקט דעם לוין און אינגאַנצען אָפּגעזאָגט ארבייטער אין די טויזענטער.

דאָס לאַנד איז געווען פול מיט אַרבייטסלאָזע, אין אַלע הייזער, אויף אַלע ווינקלען האָט מען גערעדט מיט אַנגסט און פּיין, דיסקוטירט די „פּאַניק" און די „שלעכטע צייטען".

די אונאָרדנונג איז געוואַקסען און די סטרייקס זיינען געווען אין טויט געפאַהר דורך די פיעלע אַרבייטסלאָזע.

דער אייזענבאהן סטרייק און פיעלע אנדערע סטרייקס פון 1873 זיינען צוזאמענגעפאלען מיט דעם גרויסען פינאנציעלען קריזיס פון דעם זעלביגען יאהר.

עס איז געווען א צייט פון פינאנציעלען באנקראט, אינדוסטריעלער טויטקייט און אלגעמיינער דערשלאגענקייט.

דער האמער פון דעם „אויקציאנער" האט אויסגעקלאפט דעם טרויעריגען מארש נאך דער פערשטארבענער „פראספעריטי". איהרע שיריים האבען געפונען אן אייביגען מקום מנוחה אין די ברייטע ארעמס פון די פראצענטניקעס.

אט אין די צייטען פון „פאניק" און שטילשטאנד איז צוערשט ערשינען דער „טרעמפ" און פון דעמאלט אן ווערט ער א שטענדיגער און אנערקענטער בירגער אין דעם סאציאלען בנין פונ'ם לעבען אין די פאראייניגטע שטאטען.

די טרייד־יוניאניסטישע באוועגונג איז שנעל אויסגעוואקסען אין די יאהרען פון אנדוסטרעלער אופלעבונג וואס פאר דער „פאניק". פיעלע פאכען האבען באשאפען נאציאנאלע ארגאניזאציעס און ווען עס איז געקומען דער קרזיס האבען אויסגעפלאצט איינער נאכ'ן צווייטען ריזיגע סטרייקס.

די אייזענבאהן סטרייקס אין יולי 1877 זיינען געפיהרט געווארען מיט אזא ביטערער שארפקייט, פארשפרייט זיך איבער אזא גרויסען שטח לאנד און האבען פאראורזאכט אזוינע אומארדנונגען, בלוט־פארגיסונג און פארניכטונג פון אייגענטום, און מען האט זיך געשראקען פאר די געפעהרליכסטע רעזולטאטען אויב מען וועט ניט באפרידיגען די קריוודעס פון די סטרייקערס. די אייזענבאהן־סטרייקס זיינען גע־שטיצט געווארען פון די אייזענבאהן ארבייטער ארגאניזאציעס, איבער־הויפט פון דער „בראדערהוד אוו לאקאמאטיוו אינזשינירס" און דער „ברדערהוד אוו לקמטיוו פייערמען" (די ברודערשאפטען פון מאשי־ניסטען און פייערלייט).

דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע סטרייקס, אין וועלכע דער שרייבער פון די צייל̈ען האָט אַן אַקטיווען אַנטייל גענומען. פיעלע אינצידענטען און סצענעס זיינען נאָך פריש אין זיין זכרון און זיי וואָלטען זיכער געווען אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטעל אין דער אַרבייטער געשיכטע.

די דאָזיגע סטרייקס זיינען באַשריבען געוואָרען פון דעם דע־טעקטיוו עלען פּינקערטאָן אין אַ קוריאָזען בוך מיט'ן נאָמען: „סטריי־קערס, קאָמוניסטען טרעמפּס און דעטעקטיווס". דאָס בוך האָט אויף זיין פּאָדערבלאַט דאָס בילד פון פּ. מ. אַרטור פּרעזידענט פון דער „בראָדערהוד אָוו לאָקאָמאָטיוו אינזשינירס", וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר אַ ראַדיקאַלען אַגיטאַטאָר. דער פערפאַסער גיט אויך אין דעם בוך אַלע סעקרעטען פּאַסיר־ווערטער און צייכנונגען פון דער אָרגאַני־זאַציע. ער גיט אויך אַ גענויעם בילד פון דער ברודערשאַפט.

די סטרייקס האָבען זיך גיך פאַרשפּרייט דורך דער אָסט און דורך דער וועסט און זיינען באַגלייט געווען פון אומאָרדנונג און גוואַלד־טאַטען אין די מעהרסטע אייזענבאַהן צענטערס. דער שרעקליכסטער פון אַלע איז פאָרגעקומען אין פּיטסבורג.

עלען פּינקערטאָן, דער פערפאַסער פון דעם דערמאָנטען זאָנ־דערבאַרען בוך דערצעהלענדיג וועגען די פּיטסבורגער געשעהענישען און באַשרייבענדיג, ווי די מיליץ איז באַפאַלען דאָס פאָלק, זאָגט אַזוי:

„פּלוצים האָט זיך באַוויזען אַ שנירעל רויך פון אַ פענסטער פון צווייטען שטאָק, באַגלייט פון אַ קנאַל און אַן אויסגעשריי פון אַ זעלנער, וואָס איז געטראָפען געוואָרען, אָבער ניט געפעהרליך פאַר־וואונדעט געוואָרען.

„די אָפיצירען האָבען געבעטען די מיליץ צו זיין געדולדיג און ניט צוריקצושיסען.

„די באַוועגונג פון דער מיליץ האָט זיך פאַרשנעלערט. די ענער־גיע פון דעם המון האָט זיך פאַרדאָפּעלט. דער רעוואָלווער שאָס פון

פענסטער איז, אפנים, געווען א סיגנאל, ווייל גלייך נאכדעם האט מען מעהרערע מאל אויסגעשאסען פון די פאדערשטע רייהען פון דער מאסע און באלד האט מען אנגעהויבען צו שיסען פון הינטער יעדען לאמטערן-סלופ פון יעדער טיר און פענסטער.

„סאלדאטען זיינען געפאלען, זייערע חברים האבען צוריקגעשאסען און, ווי שטענדיג ביי אזוינע צופאלען, האט דער ניט־ארגאניזירטער און טומלענדער המון געקראגען די ביטערסטע שטראף. איינינגע פאר־וואונדעטע סאלדאטען האבען געראטעט זייער לעבען מיט דער הילף פון גוטע בארמהערציגע מענשען וואס האבען דורכדעם איינגעשטעלט זייערע אייגענע לעבענס. די, ווידער, וואס האבען ניט געהאט אזא גליק זיינען פון דעם המון אומברחמנות'דיג געמארדעט געווארען, ווען זיי זיינען געבליבען הילפלאז צו פארטיידיגען זיך.

„אין איין פלאץ, וואו הריגות זיינען מיט א טאג פריהער אנ־געגאנגען, און וואו א געביידע איז געווען דורכגעלעכערט פון קוילען, האט מען געקאנט זעהן סמנים פון א פרומען פארזוך, וואס די „יאנג מענס קריסטשען אסאסיאיישאן" האבען געמאכט צו פארמיידען בלוטפארגיסונג. דארט איז געהאנגען א פלאקאט מיט די פאלגענדע ווערטער פון ווארנונג: 'זיי גרייט צו באגעגענען דיין גאט'."

עלען פינקערטאנ'ס באשרייבונג, ווי זיין גאנצעס לעבען, איז געווען אין דיענסט פון די קאפיטאליסטישע אינטערעסען.

די סטרייקס זיינען דערשטיקט געווארען און די פיהרער זיינען פארטריבען געווארען און זייערע נעמען באציהרען די שווארצע ליסטען, וואס די בעלעבאטים האבען אין זייערע שראנקען.

דאס איז געווען דער ערשטער סטרייק אין וועלכען די פעדעראלע געריכטען זיינען צום ערשטען מאל גערופען געווארען צו צוברעכען א סטרייק פון באהן-ארבייטער. די סטרייק פיהרער און די סטרייק קאמיטעטען זיינען ארעסטירט געווארען אויפ'ן באפעהל פון פעדעראלע ריכטער און פאר'משפט געווארען צו געפענגניש אויף פארשידענע פאבריצירטע באשולדיגונגען.

דער פאַרשטאַרבענער פּרעזידענט בענדזשאַמין העריסאָן האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס ער האָט טאָפּעלט געדיענט די אינטערעסען פון די אייזענבאַהן קאָרפּאָראַציעס. ער האָט זיי געדיענט אַלס אַדוואָקאַט און אַלס זעלנער. ער האָט פאַרפאָלגט די סטרייקערס אין געריכט און האָט אויך אָרגאַניזירט און אַליין אָנגע־פיהרט אַ קאַמפּאַניע סאָלדאַטען אין דער צייט פון סטרייק, און גע־האַלטען רעדעס פאַרדאַמענדיג די סטרייקערס.

אין צעהן יאָהר ארום איז ער ערהויבען געוואָרען צו דער פּרע־זידענטשאַפט פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

דער דורכפאַל פון דעם סטרייק איז געווען אַ שטאָך אין רוקען פאַר די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. פּיעלע יוניאָנס האָבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען. בלויז דער פערדאַכט אויף אַ באַהן אַרבייטער, אַז ער באַלאַנגט צו אַ יוניאָן, איז געווען גענוג, אַז ער זאָל גלייך אָפּ־געזאָגט ווערען פון דער אַרבייט.

מיט דער צייט איז אָבער דער חרם אַרונטערגענומען געוואָרען, ווייל די קאָרפּאָראַציעס האָבען זיך געפיהלט די באַלעבאַטים פון דער לאַגע, און מיט דעם ווידעראויפלעבען פון דער אינדוסטריעלער און פינאַנציעלער טעטיגקייט, האָט די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט ווידער אויפגעבליהט מיט נאָך מעהר ענערגיע און ענטשלאָסענהייט ווי ביז אהער.

עס איז קוים נויטיג צו באַמערקען אין דער פאַרבינדונג, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אומעטום דערזעלבער און אַז די זעלבע אורזאַכען ברייגנען די זעלבע רעזולטאַטען.

וואו נאָר דער קאַפּיטאַליזם ערשיינט, פאַרפאָלגענדיג זיין אויפגאַבע פון אונטערדריקען, דאָרט קומט דער סאָציאַליזם, געגעהרט פון עלענד, גענעצט פון טרערען און באַלעבט פון אַגיטאַציע. דאָרט וויקעלט ער אויף זיין פאָהן פון קלאַסען־קאַמף און ער פּראָקלאַמירט זיין מיסיאָן — די אַלמענשליכע באַפרייאונג.

דורך די אלע יאהרען פון קאמף און סטרייקס פון צופעליגע זיעגען און אפטע נידערלאגען, איז די סאציאליסטישע אגיטאציע אנגעפיהרט געווארען אזוי ענערגיש, ווי נאר די מיטלען און אומ־שטענדען האבען עס ערלויבט. אונטער די ערגסטע אומשטענדען האבען די גענאסען געטאן אלץ, וואס איז געווען אין זייער מעג־ליכקייט, ניט אפטרעטענדיג אויף א האר און ווארטענדיג ענטשלא־סען און געדולדיג אויף א גינסטיגערע ענדערונג לטובה פון זייער הייליגער זאך.

נאך דער טראגישער ענדע פון דער פאריזער קאמונע אין 1871, זיינען פיעלע פראנצויזישע ראדיקאלען אריבערגעקומען נאך אמעריקא און א נייעם גייסט אריינגעגעבען אין אונזער באוועגונג. רעדענדיג וועגען זיי אין זיין „די ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא“ זאגט פראפעסאר עלי:

„א נייע ענדערונג האט די באוועגונג געקראגען אין 1871 פון די פראנצויזען, וואס זיינען אנטלאפען נאך אמעריקא נאך דעם ווי ס'איז אונטערדריקט געווארען די פאריזער קאמונע. זיי האבען מיט־געבראכט מיט זיך א נייעם אומערשראקענעם גייסט פון רעוואלוציע. אבער א פיעל וויכטיגערע פאסירונג איז געווען דער באשלוס וואס די „אינטערנאציאנאלע ארבייטער ארגאניזאציע“ (דער ערשטער אינ־טערנאציאנאל) האט אנגענומען אין 1872 אין האאג אריבערצופיהרען דעם גענעראל־ראט פון דער אסאציאציע נאך ניו־יארק. דער מאדערנער סאציאליזם האט דערמיט געמאכט זיין גרויסען אויפטריט אין אמעריקא. די ערשטע פראקלאמאציע פון דער הויפט־קווארטיר פון אינטערנאציאנאל איז געווען אן אויפרוף צו די ארבייטער צו באפרייען ארבייט און אויסראטען אלע אינטער־נאציאנאלע קאמפען.

„אין פריהלינג פון 1872 איז דורכגעפיהרט געווארען אן איינ־דרוקספאלע דעמאנסטראציע צו גונסטען פון אן אכט שטונדיגען ארבייטס־טאג. עס ווערט געשאצט אז צוואנציג טויזענד מענשען האבען אנטייל גענומען אין דער דעמאנסטראציע און צווישען אנ־

דערע אָרגאַניזאַציעס האָט אויך מאַרשירט די פאַרשיידענע ניו־יאָרקער אָפּטיילונגען פון׳ם אינטערנאַציאָנאַל, טראָגנדיג אַ פאָהן מיט דער אויפשריפט: „אַרבייטער פון אַלע לענדער פאַראייניגט אייך״. דעם נעקסטען יאָהר איז געווען אַן אינדוסטריעלער און קאָמערציעלער קריזיס, און די ליידען, וואָס דער קריזיס האָט פאַרשאַפט די גרויסע מאַסען אַרבייטער, האָבען פיעל מיט געהאָלפען אין דער סאָציאַליס־טישער פּראָפּאַגאַנדע. ביסמאַרקס אויסנאַהם געזעצען געגען די סאָ־ציאַליסטען אין דייטשלאַנד האָבען געבראַכט פיעלע דייטשע רע־וואָלוציאָנערען נאַך אַמעריקאַ און פאַרשטאַרקט דערמיט די אַמערי־קאַנער סאָציאַליסטישע אַרבייטער באַוועגונג.

"זייט 1873 זיינען פאָרגעקומען איינינע ענדערונגען אין דעם נאָמען און אין דער צוזאַמענשטעלונג פון דער אָרגאַניזאַציע ביי די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען. נאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָהרען זיינען פאָרגעקומען פון צייט צו צייט. די וויכטיגסטע צוזמענפאָהרען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיא (1874), אין פיטסבורג (1876), אין נואַרק (1877), אין אַלעגהאַני סיטי (1886), אין באַלטימאָר און אין פיטסבורג (1883), און אין סינסינעטי (1885. דער נאָמען 'סאָ־ציאַליסטישע אַרבייטער פאַרטיי' (סאָשעליסט לייבאָר פאַרטיי — ס. ל. פּ.) איז אָנגענומען געוואָרען אויפ׳ן נואַרקער צוזאַמענפאָהר אין 1877. אָבער גלייך האָט זיך אָנגעהויבען אַן אינערליכער קאַמף אין דער פאַרטיי. צוויי ריכטונגען האָבען געשטרעבט צו בעאיינפלוסען איהר פּאָליטיק און טאַקטיק. דער קאַמף איז געוואָרען אַלס שאַרפער, און אין יאָהר 1883 האָט דער עקסטרימער פליגעל פון דער פאַרטיי אָפּגעהאַלטען זיין באַזונדער קאָנגרעס אין פיטסבורג און דער מעסיגער פליגעל — אין באַלטימאָר״.

אין 1876 האָט זיך געגרינדעט די אַרבייטער פאַרטיי און אויף איהר צוזאַמענפהר אין 1877 אין נואַרק האָט זי אָנגענומען דעם נאָמען: „סאָציאַליסטישע אַרבייטער פאַרטיי״ (ס. ל. פּ.). די פאַרטיי איז ניט געווען איינינ. איהר ענטוויקלונג איז געווען פול מיט אינערליכע

שטרייטיגקייטען. אלע מיטגליעדער זיינען געווען ראדיקאל, אבער זיי האבען זיך ניט געקאנט אייניגען אויף איין טאקטיק.

וואס עס האט זיך פאראייניגט איז געווען זייער פיינדשאפט צום הערשענדען רעזשים. ווייטער אבער האבען זיך אנגעהויבען צרות. די אנארכיסטען און קאמוניסטען זיינען נאך אלץ געווען אין דער זעלבער באוועגונג מיט די סאציאליסטען, און זייער דיפערענצירונג און אפטיילונג איז ערשט געווען די אויפגאבע פון דער ווייטערדיגער אינדוסטריעלער און סאציאלער ענטוויקלונג.

די סאציאליסטען האבען געהאט די אבזיכט צו גרינדען אן ארבייטער פארטיי פאר אומאפהענגיגער פאליטישער טעטיגקייט. די אנארכיסטען האבען אפגעלייקענט דאס שטים־רעכט און געפרעדיגט די אומשטירצונג פון דער קאפיטאליסטישער הערשאפט דורך יעדען מעגליכען מיטעל, געוואלט אריינגערעכענט.

אויגוסט שפיז, איינער פון די אנארכיסטען, וואס זיינען שפע־טער געהאנגען געווארען אין שיקאגא, איז אין יענער צייט געווען א פראמינענטער מיטגליעד אין דער פארטיי. פאר איהם איז סאציאליזם און אנארכיזם געווען צוויי ווערטער מיט איין באדייטונג. ער האט געזאגט:

„סאציאליזם אדער אנארכיזם מיינט דאס איבערבויען פון דער געזעלשאפט אויף וויסענשאפטליכע יסודות, און דאס אפשאפונג פון דעם אלעם, וואס באשאפט אומרעכט און פארברעכען“.

און דזשארדזש ענגעל, וואס האט געטיילט דעם זעלבען שרעקליכען סוף, וואס שפיז, האט געזאגט:

„לויט מיין מיינונג זיינען סאציאליזם און אנארכיזם אזוי עהנליך צווישען זיך ווי איין טראפען וואסער אויפ'ן צווייטען. זיי אונטערשיי־דען זיך בלויז אין זייער טאקטיק. דעם וועג וואס די סאציאליסטען האבען אנגענומען צו באפרייען די מענשהייט, האבען די אנארכיסטען פאר־ווארפען. איך זאג: גלויבט ניט אין דעם שטים־קאסטען און ניצט אלע אנדערע מיטלען וואס קאנען אייך ברענגען צום ציעל“.

די אונטערשידען אין דער טאַקטיק, אויף וועלכען ענגעל ווייזט אָן, האָבען ניט נאָך פאַרשאַפט גוואַלדיגע שטרייטיגקייטען אין דער פּאַרטיי. זיי האָבען אויך געפיהרט דערצו, אַז די אַנאַרכיסטען האָבען געגרינדעט אייגענע גרופּען, וועמעס פיהרער זיינען שפּעטער גע־משפּט און הינגעריכטעט געוואָרען אין דעם שיקאַגאָ'ער אַנאַרכיסטען־פּראָצעס.

אָבער מיט די אַלע שוועריגקייטען, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג און מיט די שאַרפע צווייסטיגקייטען אין די אייגענע רייהען, איז די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.), וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אינטעליגענטע און פעהיגע מענשען, פול מיט שטרעבען און רעוואָלוציאָנערען גייסט פאַר פרייהייט, דאָך געוואָרען פון איהר אָנפאַנג אַן אַ באַשטימטער פאַקטאָר אין דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג . דער סאָציאַליזם האָט זיך באַוויזען אויף דער אַמעריקאַנער סצענע אין די צייטען פון דעם פאַרצווייגענעם עקאָ־נאָמישען און פינאַנציעלען קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין 1873 און ווי אַ מגפה זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד און מיטגעבראַכט מיט זיך אומגליק און פאַרצווייפלונג. די ארבייטער האָבען פון קריזיס מורא'דיג געליטען, אָבער זייערע יסורים זיינען ניט געווען אינגאַנצען אָהן באַלוינונג.

די עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייטען האָבען באַשטימט דעם לויף פון די געשעהענישען און די ארבייטער, אַ טייל פון זיי, אַלענפאַלס, האָבען געעפענט זייערע אויגען און דערזעהן די אורזאַכע פון זייערע ליידען. דאָס האָט זיי געטריבען צו קעמפען פאַר דער ענדגילטיגער אָפּשאַפונג פון דער עקזיסטירענדער עקאָנאָמישער אומאָרדנונג, וואָס האַלט זיך אויף לוין־שקלאַפעריי, און ניט אָפּגעבען זייער גאַנצע ענערגיע, ווי זיי האָבען דאָס געטאָן ביז אַהער, אויף דער פּרוכטלאָזער ארבייט, ווי דאָס האָט זיך איצטער ארויסגעוויזען, פון ראַנגלען זיך געגען די רעזולטאַטען און פאָלגען פון דעם סיסטעם. אָט די אַר־בייטער, וואָס האָבען דערזעהן די ליכט, אונטער דער פיהרערשאַפט פון די ראַדיקאַלע אימיגראַנטען פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבען זיך

געשטעלט אונטער דער רעוואָלוציאָנערער פאָהן פון דער נייער פּאַרטיי פון ארבייטער קלאַס.

עס איז זעלבסט פערשטענדליך און אומפאַרמיידליך, אז א פּאַרטיי מיט אזא פערשידענאַרטיגען צונויפשטעלונג זאָל האָבען א שטורמישע קאַריערע.

די קאַמפּען פון די ערשטע יאָהרען האָבען אויסגעפּרואווט דעם אומדערשראָקענעם גייסט פון די גענאָסען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין זיי. דאָס שטעלט צוזאַמען א שפּאַנענדען קאַפּיטעל פון דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג, וועלכער וועט מיט דער צייט ריכטיג פאַרשטאַנען און אָפּגעשעצט ווערען.

די אָרומיגע באַשעפטיגטע וועלט האָט גאָר קיין באַגריף ניט געהאַט פון דעם רעוואָלוציאָנערען קערן, וואָס איז דאָ פּאַרזייט געוואָרען, זי האָט קיין פאַרשטענדניש ניט געהאַט פאַר זיין וויכטיגקייט און געקוקט אויף זיינע אָנהענגער ווי אויף נארישע פאַנאַטיקער, וועמעס פּאָטאַזיעס זיינען אונשעדליך און וועמעס פּלענער וועלען צופּלאַצען ווי זייפענבלאָזען.

שטודירענדיג יענע צייט איז לייכט צו זעהן די גרויסע וויכטיגקייט, וואָס איז געלעגען אין יענעם אָנפאַנג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פּאָליטיש צו אָרגאַניזירען דעם ארבייטער קלאַס אלס א קלאַס מיט דעם הויפּט צוועק צו געווינען די פּאָליטישע מאַכט און צו באַפרייען די אַרבייטער פון דער אונמענשליכער לוין־שקלאַפעריי.

דיסקוטירענדיג די אויבען דערמאָנטע פעריאָדע, זאָגט מאָרים הילקוויט אין זיין בוך „די געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פּאַראייניגטע שטאַאטען“, דאָס פאָלגענדע:

„פאַר איבער צוואַנציג יאָהר איז די „סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי“ (ס. ל. פּ.) געוועזן דער הויפּט פאַקטאָר אין דעם אמעריקאַנעם סאָציאַליזם. די בונטע קאַריערע פון דיזער פּאַרטיי איז דער פאַרפלאָנטערטסטער און אינטערעסאַנטסטער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פּאַראייניגטע שטאַאטען.

„אין אָנפאַנג האָט די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי אויס־געזעהן ווי אַ רייהע צווישען זיך ניט פאַרבונדענע געשעהענישען און שוואַד־פאַרטראַכטע פּאָליטישע עקספּערימענטען. זי האָט אָפט גע־ביטען איהר טאַקטיק, פאַרבונדען זיך מיט ענטגעגענגעזעצטע שטרע־מונגען, געוועזן פאַרנומען מיט אינערליכע און אויסערליכע קאמפען, געהאַט אונערקלערבאַרע ערפאָלגען און מיסערפאָלגען און קיין סימן פון פּאָרטשריט אָדער געווינס איז ניט געוועזן צו באַמערקען.

„אָבער די דאָזיגע צומישונג איז געוועזן בלויז אַ שיינבאַרע און אַנאַליזירענדיג די זאַך טיעפער, באַמערקט מען דעם לאָגישען פאָדעם, וואָס בינדט צונויף די אַלע, פון אויבען־אויף ניט לאָגישע פיהרונגען פון דער פּאַרטיי און, ווי פּלאַנלאָז געוויסע ווענדונגען זעהען ניט אויס, האָבען זיי דאָך געהאַט זייערע אינערליכע און גרינדליכע אור־זאַכען.

„די שוועריגקייטען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ׳ן וועג פון דער „סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי״ זיינען געוועזן אויסער געוועהנ־ליך. אַלס איינע פון די ערשטע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין אַמעריקא, האָט זי געהאַט ביי־צוקומען די געוועהנליע שוועריגקייטען, וואָס יעדע ראַדיקאַלע באַ־וועגונג האָט אין דעם אָנפאַנג פון איהר עקזיסטענץ — שוואַכקייט און אומצוטרויען אין די אייניגע רייהען און פיינדשאַפט און אָפּלאַכעריי פון דער דערוויסענדיגער וועלט.״

דאָס זיינען געוועזן שטורמישע צייטען. די טרייד־יוניאָן באַ־וועגונג האָט זיך פאַרשפּרייט ווי קיינמאָל פריהער. די „נייטס אָוו לייבאָר״ (ריטער פון אַרבייט) האָבען דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט פון זייער ענטוויקלונג און אַנדערע אַרבייטער יוניאָנס האָבען זיך גע־מעהרט און גיך פאַרגרעסערט זייער מיטגלידערשאַפט. אומעטום האָט זיך די שטים פון אַגיטאַטאָר געהערט. אין 1885 האָט די „נייטס אָוו לייבאָר״ ערקלערט אַ סטרייק אויף דעם „גולד סאַוטוועסט״ אייזענבאַהן סיסטעם. דעם נעקסטען יאָהר איז אויף דער זעלבער

אייזענבאהן ליניע פארגעקומען א גרעסערער סטרייק, וואס האט זיך גיך פארשפרייט איבער די שטאאטען פון מיזורי, אילינאיז, ארקענזו, קענזעס און טעקסאס און האט געדראהט ארומצונעמען אלע באהנען פון וועסטליכע און זיד־וועסטליכע שטאטען. עס איז געווען איינער פון די באדייטענסטע ארבייטער סטרייקס און די „נייטס אוו לייבאר" האט זיך געוויזען אין איהר פולען גלאנץ פאר'ן גאנצען לאנד. די „נייטס" זיינען באזיעגט געווארען באטש דער קאמף איז עקשנות'דיג געפיהרט געווארען און דאס פאלק איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז דער קאנגרעס איז געצוואונגען געווען צו אונטערזוכען די גאנצע אנגעלעגענהייט און דער באריכט פונ'ם אונטערזוכונגס קאמיטעט האט פארנומען איבער עלף הונדערט זייטען.

דעם ערשטען מאי פון דעם זעלבען יאהר האבען אין פארשידענע טיילען פון לאנד אויסגעבראכען אלגעמיינע סטרייקס פאר אן אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאג. אין די סטרייקס האבען אנטייל גענומען אייניגע הונדערט טויזענד ארגאניזירטע ארבייטער און די מעהרסטע פון די סטרייקס האבען זיך געענדיגט מיט ענטוישונג און דורכפאל.

די אגיטאציע, וואס איז אין דער צייט אנגעגאנגען פאר א קירצערען ארבייטס־טאג, באקאנט אלס די אכט־שטונדיגע באוועגונג, האט דערגרייכט איהר העכסטען פונקט דעם 4טען מאי 1886 אין די היימארקעט אומרוהען אין שיקאגא, און האט זיך אויסגעלאזען אין די שוידערליכע הינריכטונגען פון די אנארכיסטען דעם 11טען נאוועמבער 1887, וואס וועט פארבלייבען אן אייביגער שווארצער פלעק אויף דער קפיטאליסטישער ציוויליזאציע. איהר שאנד און איהר פארדאמונג.

די מערדערליכע אנפאלען אויף פרידליכע מיטינגען, דאס ברוטאלע שלאגען פון ארבייטער פון דער שיקאגא'ער פאליציי אויף דעם בעפעהל פון זייערע פאליטישע הויפטלינגען — די געצייג פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס — האט געטריבען די ארבייטער פיהרער צו פארצווייפלונג און פאראורזאכט די היימארקעט בלוט־באד, דאס

איז געווען אַ טייוולישער פּלאַן צו דערשטיקען די אַגיטאַציע און צו פאַרניכטען די באַוועגונג פאַר אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין פאַרשפּרייטען איבער׳ן גאַנצען לאַנד. מען דאַרף מודה זיין, אַז פאַר אַ צייט, יעדענפאַלס, האָט עס גוט געדיענט די שענדליכע ציעלען פון די כלומרשט׳דיגע פאַרטיידיגער פון „געזעץ און אָרדנונג". אָבער — נאָר פאַר אַ צייט. די שוידערליכע פאַר־ברעכענס פון דער קאַפּיטאַליסטישער גערעכטיגקייט זיינען די גינס־טיגע קוילען וואָס וועלען ענדליך און אומפאַרמיידליך פאַרניכטען דעם יסוד פון דעם פאַרברעכען, די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג. היימאַרקעט וועט ניט פאַרבלייבען אָהן זיין גערעכטער נקמה.

אין 1884 האָט לאָורענץ גראָנלאַנד פאַרעפענטליכט זיין „קאָ־אָפּעראַטיווע רעפּובליק" און ער איז געווען אָהן צווייפעל גערעכט, ווען ער האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט בייגעשטייערט זיין פולען חלק צו דער פאַרשפּרייטונג פון סאָציאַליזם. ביז 1880 — זאָגט גראָנלאַנד — האָט מען סאָציאַליסטען צווישען די געבאָרענע אַמע־ריקאַנער געקענט אויסצעהלען אויף די פינגער פון איין האַנד. ווען מען נעמט אין אַנבעטראַכט דאָס מיהזאַמע ארבייטען, די ביטערע אָרעמקייט און די שוידערליכע נויט פון דעם סאָציאַליסטישען פּיאָנער, זעהט זיין פריהצייטיגער און טראַגישער טויט אויס ווי אַ געבענשטער באַלזאַם פאַר זיין פאַרמאַטערטער נשמה. ער האָט זיין לעבען געגעבען צו ציוויליזירען די וועלט און איז באַלוינט געוואָרען דערפאַר מיט ליידען און פריהצייטיגען טויט.

פיער יאָהר נאָכדעם ווי גרינלאַנד׳ס „קאָאָפּעראַטיווע רעפּובליק" איז ערשינען, האָט עדוואַרד בעלאַמי אין יאָהר 1888 אַרויסגעגעבען זיין „קוקענדיג צוריק" און דאָס בוך האָט געהאַט אַ וואונדערבאַרען איינפלוס. הונדערטער טויזענדער קאָפּיעס זיינען פאַרקויפט געוואָרען. דאָס פאָלק איז טיעף געריהרט געוואָרען פונ׳ם חלום פון דעם פּאָעטישען טרוימער. כאָטש דאָס בוך איז ניט געווען קיין וויסענשאַפטליך סאָ־ציאַליסטיש ווערק, דאָך האָט בעלאַמי׳ס סאָציאַלער ראָמאַן: „קוקענדיג צוריק" און אויך די פאָרזעצונגען דערפון: „די גלייכהייט" געבראַכט אַ

ווערטפולען און צייטמעסיגען בייטראג צו דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. בעלאַמי האָט ניט נאָר אויפגערעגט די געמיטער, ער האָט אויך פיעלע דירעקט אַוועקגעשטעלט אויף דעם וועג צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דאָס, וואס דאָס פאָלק האָט זיך באַלד אָפּגערופען אויף בעלאַמי'ס רוף וועגען סאָציאַלער אויסגלייכונג זאָגט עדות ניט נאָר אויף דער אומצופרידענהייט, נאָר אויך אויף דער גרייט־קייט זיך אָנצוכאַפּען אָן יעדע זאַך, וואָס זאָגט צו צו באַפרייען פון אָרעמקייט, פון אומזיכערקייט און פון די שטענדיגע שרעקען פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג. טויזענדער זיינען דורך די ביכער פון בע־לאַמי באַוואויגען געוואָרען צו שטודירען די סאָציאַלע פראַגע און אַ סך פון זיי זיינען געוואָרען סאָציאַליסטען.

אין פעברואַר 1888 האָט אויסגעבראָכען אַ סטרייק אויף דער בוירלינגטאָן באַהן. אין סטרייק האָבען אָנטייל גענומען אַלע מאַ־שיניסטען און הייצערס ווי אויך אַ טייל פון די ברעמזערס און ווייכען־שטעלער. איבער פּ. מ. אַרטור, דעם דאַמאָלסדיגען פּרעזידענט פון דער „בראָדערהוד אָוו לאָקאָמאָטיוו אינזשינירס“, איז געהאַנגען די געפאַהר פון גענוצלבער פאַרפאָלגונג פאַר דעם באָיקאָט אונטער וועל־כען די אַרבייטער האָבען געשטעלט איינע פון די צווייגען פון דער אייזענבאַהן. דער באָיקאָט איז געווען אַזוי ווירקזאַם, אַז דער פּאַרקער איז אַזוי גוט ווי אָפּגעשטעלט געוואָרען. די ברודערשאַפט האָט צוריק־געצויגען דעם באָיקאָט און דער סטרייק האָט אָנגעהויבען צו פאַר־שווינדען. אָבער דער קאַמף האָט נאָך אָנגעהאַלטען אַרום אַ יאָהר צייט און האָט דער יוניאָן געקאָסט פולע צוויי מיליאָן דאָלאַר. ענדליך זיינען די סטרייקערס ערשעפּט געוואָרען און זיינען געצוואונגען געווען זיך פאָלשטענדיג אונטערצוגעבען.

דאָס איז אַלזאָ צום צווייטען מאָל דערוויזען געוואָרען, אַז ווען עס פאַרמעסטען זיך אין כחות די אייזענבאַהן־קאָרפּאָראַציעס מיט די אייזענבאַהן אַרבייטער יוניאָנס, געהען אַלע מאָל די יוניאָנס געבראָכען. קיין איינע פון די ברודערשאַפטען פון די אייזענבאַהן אַרבייטער

האָט קיינמאָל ניט געוואונען קיין איין באַדייטענדען אייזענבאַהן סטרייק.

דאָס פאַרלירען פון דעם און אַנדערע סטרייקס צוזאַמען מיט דעם פאַקט, אַז די מעהרסטע באַהן־אַרבייטער האָבען ניט געקענט אַריינגעהן אין די דאַמאָלט עקזיסטירענדע יוניאָנס, האָט געפיהרט צו דער גרינדונג פון דער „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן", וואָס האָט אַריינגענומען אַלע אייזענבאַהן אַרבייטער אָהן באַשריינקונג און אָהן אונטערשייד פון פאַך. די נייע יוניאָן איז גיך געוואַקסען. זי האָט אונטערנומען איינינע קלענערע סטרייקס און האָט זיי געוואונען. אין אַפּריל 1894 האָט אויסגעבראָכען דער סטרייק אויף דער גרייט נאָרטהערן ליניע. דער סטרייק האָט אַרומגענומען אַלע אַרבייטער פון דער באַהן און איז פאָלשטענדיג געוואונען געוואָרען און ווינציגער ווי אין דריי וואָכען. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט עס ווידער געהאַלטען ביי אַ סטרייק צוליעב מיספּאַשטענדנישען פון דעם פרידענס־אָפּמאַך נאָך דעם סטרייק. אויך דאָ איז די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" אַרויסגעקומען זיעגרייך. אַרבייטער איבער'ן גאַנצען לאַנד האָבען אין די טויזענדער געשטראָמט אין דער יוניאָן. ענדע יוני פון דעם זעלבען יאָהר האָט אויסגעבראָכען דער פּולמאַן סטרייק.

די פּולמאַן קאָמפּאַניע, געשטיצט פון די פאַראייניגטע באַהן קאָרפּאָראַציעס איז געווען ענטשלאָסען צו פאַרניכטען די יוניאָן. ניט נאָר זיינען זיי דורכגעפאַלען, נאָר די יוניאָן האָט פּאַראַליזירט דעם גאַנצען פאַרקעהר און זיי אַלעמען באַזיעגט. זעהענדיג, אַז די יוניאָן איז זיעגרייך, האָבען זיי געביטען זייער טאַקטיק. זיי האָבען באַוואויגען דעם יונייטעד סטייטס מאַרשאַל פון אילינאָיז איינצושווערען אַן אַרמיי פון דעפּיוטיס, אויגענשיינליך מיט דעם צוועק צו פאַרהיטען אייגענטום, אָבער אין אמת'ן אויפצורייצען צו אומרוהען. אין זיין אָפיציעלען באַריכט האָט דער שעף פון דער שיקאַגאָ'ער פּאָליציי געזאָגט אַז די דאָזיגע דעפּיוטיס באַשטעהען פון גנבים, מערדער—דער שרעקליכסטער עלעמענט, וואָס איז ווען־ניט־איז פריינעלאָזען געוואָרען אין אַ שטאָדט. אַזוי גיך ווי די דאָזיגע דעפּיוטיס האָבען אָנגעהויבען צו אַרבייטען און־

טער'ן צודעק פון דער נאַכט האָבען זיך אומרוהען אָנגעהויבען און דאַס איז געווען געפעהרליך פאַר דער יוניאָן. זיי האָבען עס אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען. אַזוי גיך ווי די דעפּיוטים האָבען אָנגעהויבען צו אַרבייטען, איז די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע און די „אַסאָשיאייטעד פּרעס" — די צענטראַלע נייעס אַגענטור — אַרויסגעגאַנגען מיט ליגענס, אַז די סטרייקס שטעלען אין סכנה דאָס לעבען פון די פּרידליכע בירגער. די ליגענס האָבען געהאַט זייער ווירקונג. אומעטום האָבען זיך געהערט געשרייען: נידער מיט די „אַמעריקאַן רייל־וויי יוניאָן!" נידער מיט דער אַנאַרכיע! דער שטראָם האָט זיך אומגעקעהרט. די טריאומפירענדע יוניאָן און די געשלאָגענע קאָרפּאָראַציעס האָבען זיך געביטען מיט זייערע פּאָזיציעס. די גאַנצע באַפעלקערונג איז געווען געגען דער יוניאָן און יעדע נידערטרעכטיגקייט געגען די אַרבייטער איז ניט נאָר געווען מעגליך, נאָר עס איז געטאָן געוואָרען אין נאָמען פון פּאַטריאָטיזם און טובת הכלל. די „אַמעריקאַן רייל־וויי יוניאָן" האָט ניט געהאַט קיין פּרעסע, זי האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט פאַרצולייגען איהר צד. און טויזענדער פון די באַהן־אַרבייטער, אין וועמעס אינטערעסען די יוניאָן האָט געקעמפּט און איינגעשטעלט אַלץ אין קאָן האָבען זיך אָפּגעקעהרט פון איהר און פאַרדאַמט איהר צוזאַמען מיט איהרע שונאים.

הונדערטער געריכטליכע באַשריינקונגען — אינדזשאָנקשאָנס — זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין די געריכטען צווישען אָהייאָ און דעם פּאַסיפיק. א האַלבער טוץ געזונטע קערלען, אויפ'ן באַפעהל פון דער פעדעראַלער מאַכט, האָבען זיך איינגעבראָכען אין אָפיס פון דער יוניאָן אָהן דער מינדעסטער וואָרנונג, צוגענומען אָפיציעלע דאָקומענטען, ביכער, פּריוואַטע פּאַפּירען און ניט געעפענטע בריעף, פאַרנעגעלט דעם אָפיס און אַוועקגעטראָגען דאָס צוגענומענע אין דער פעדעראַלער רעגירונגס געביידע.

גראָווער קליוולאַנד דער דאַמאָלסדיגער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען, האָט מיט דעם איינציגען צוועק צו העלפען די באַהן־קאָרפּאָראַציעס צו פאַרטיליגען די יוניאָן פון זייערע אָנגעשטעל־

טע געשיקט פעדעראַל סאָלדאַטען אין שטאַט אילינאָי. דעם פּרעזי־דענט האָט ניט אויסגעמאַכט וואָס דאָס איז געווען אומגעזעצליך און וואָס דער גאָווערנאָר פון שטאַט האָט געגען דעם פייערליך און מעהרערע מאָל פּראָטעסטירט. דער מעיאָר פון שיקאַגאָ און די גרעסטע מעהרהייט בירגער פון שטאָדט זיינען געווען געגען דעם פּרעזידענט'ס שריט. ווען אַן אמת'ע געשיכטע וועט געשריבען ווערען וועט דאָס דאָזיגע פאַרברעכען מאַכן דעם נאָמען פון גראָווער קליוולאַנד פאַר דעם אייביגען צייכען פון שאַנדע.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט פאַבריצירט טויזענדער ליגענס און געזוכט אַרויפצוואַרפען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די אַלע פאַרברעכענס פון די שולדיגע קאָרפּאָראַציעס אויף אומשולדיגע אַר־בייטער. די אַרבייטער פיהרער זיינען אַרעסטירט געוואָרען ניט זייענ־דיג אָנגעקלאָגט און זיינען פאַרשיקט געוואָרען אין געפענגניש אָהן אַ משפּט. אַ ספּעציעלע „גרענד דזשורי" איז איינגעשוואָרען געוואָרען מיט דעם אויסדריקליכען אויפטראַג צו פאַרמשפּט'ן, און אַ באַריהמטער קאַפּיטליסטישער יוניאָן־האַסער איז געמאַכט געוואָרען פאַר'ן פאָרזי־צער פון דער דזשורי. הונדערטער אַנדערע געזעץ־פאַרלעצונגען זיינען געמאַכט געוואָרען און גערעכטיגקייט איז שענדליך פאַרגוואַלטיגט גע־וואָרען, און אַלץ, פאַרשטעהט זיך, מיט דעם פרומען אויסרייד און אָנשטעל צו פאַרהיטען געזעץ, אָרדנונג און יושר.

די קאָרופּציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער גערעכטיגקייט האָט זיך קיינמאָל ניט אַרויסגעשטעלט אַזוי העסליך און אַזוי קלאָר ווי דאָס מאָל, אַזוי סקאַנדאַליעז און דעגראַדירט. יעדע אַפּטיילונג פון דער פעדעראַלער רעגירונג איז אָפען געשטעלט געוואָרען אין דיענסט פון די באַהן קאָר־פּאָראַציעס. רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטישע בעאַמטע האָבען קאָנ־קורירט צווישען זיך אין שקלאַפּישער געהאָרכזאַמקייט צו זייערע עקאָנאָמישע באַלעבאַטים.

ווען די רעגרונג און די קאַפּיטאַליסטישע לאַקייען האָבען גע־ענדיגט זייער שליחות אַלס די מיסטרייניגער פון די באַהן־קאָרפּאָ־ראַציעס, האָט גענעראַל מילס, דער מיליטערישער סאַטראַפּ, ווי אַ רויב־

פויגעל וואס איז זאט פון בלוט און פלייש מיט גרויס פאראד און זעלבסט־צופרידענהייט ערקלערט אויף א באנקעט, וואס איז איהם געגעבען געווארען אלס אנערקענונג פון זיין בראווער דיענסט:

„איך האב צובראכען דעם רוקען־ביין פון דעם סטרייק".

די דאזיגע העלדישקייט פון די גראוועך קליוולאנדס, גענעראל מילס'עס און אלע זייערע חברים וועט ניט פארגעסען ווערען און וועט ניט פארבלייבען אהן איהר גערעכטער באלוינונג.

אין 1893 האט י. א. וויילאנד געגרינדעט אין גריסבורג, אינדיאנא, די „קאמינג ניישאן". דאס איז געוועזן די ערשטע פאפולערע צייטונג, וואס איז געגרינדעט געווארען אין די פאראייניגטע שטאאטען אין די אינטערעסען פון סאציאליזם. די צייטונג האט ערווארבען א גרויסע צירקולאציע און די איינקונפט איז געגאנגען פאר דער גרינדונג און ענטוויקלונג פון דער ראסקין קאאפעראטיווער קאלאניע אין טענעסי שפעטער האט וויילאנד אנגעהויבען ארויסצוגעבען דעם „אפיעל טו ריזן" וועמענס פארשפרייטונג עס האט לעצטענס דערגרייכט אין די הונדערטער טויזענדער. עס איז ניט קיין פוסטער לויב, ווען מען זאגט, אז דער „אפיעל טו ריזן" איז געוועזן א גרויסער פאקטאר גרייט צו מאכען די אמעריקאנער ערד פאר די זוימען פון סאציאליזם. די פראפאגאנדא ארבייט, וואס וויילאנד האט מיט זיין גרויסער פעהיגקייט ארגאניזירט און וואס איז מיטגעהאלפען געווארען פון א גרופע טיכטיגע גענאסען, איז געוועזן און איז א גרויסע הילף צו פארשפרייטען אויפקלערונג צווישען די ארבייטער און אין דער אויפבויאונג פון דער סאציאליסטישער באוועגונג.

אונזער פעריאדישע און וועכענטליכע פרעסע, וואס איז אזוי נויטיג פאר יעדער פאליטישער פארטיי, האלט זיך איצט אין איין אנטוויקלען און מיר האבען יעדען גרונד צו גלויבען, אז זי וועט זיך נאך מעהר ענטוויקלען און פארמעהרען.

דער לעצטער צוזאמענפאהר פון דער „אמעריקאן ריילוויי יוניאן" איז אויך געוועזן דער ערשטער צוזאמענפאהר פון דער „סאשעל

דעמאָקראַסי אָוו אַמעריקא", די סאָציאַל דעמאָקראַטי פון אַמעריקא. דער צוזאַמענפאָהר איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין 1897 אין שיקאַגאָ. די דעלעגאַטען האָבען געשטימט צו פאַרוואַנדלען די באַהן־ארבייטער און פון דער פּאָליטישער אַקציע פון דעם ארבייטער־קלאַס.

די „ריילוויי טיימז", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער יוניאָן, האָט אָנגענומען דעם נאָמען „סאָשעל דעמאָקראַט" און שפּעטער — „סאָשעל דעמאָקראַטיק העראָלד" און ווערט איצט ארויסגעגעבען אין מילוואָקי אין די אינטערסען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ס. פּ.).

די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" איז לאָגיש אויסגעוואַקסען אין דער „סאָשעל דעמאָקראַסי". די גרויסע אינדוסטריעלע ערהויבונג, באַקאַנט אַלס דער פּולמאַן סטרייק, און די ברוטאַלע טיראַניי און אכזריות'דיגע אונטערדריקונג פון דעם סטרייק האָבען אומ־פאַרמיידליך געפיהרט צו דער אויסשפּרייטונג פון דעם יוניאָניזם און פון דער פּאָליטישער אַקציאָן פון דעם ארבייטער־קלאַס.

די „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישאָן" — די יד אחת פון די אייזענבאַהן פּאַרוואַלטערס — האָט פאַרפאָלגט די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן" מיט טייוולאָנישער גרויזאַמקייט און איז געווען ענטשלאָסען אויסצולעשען דעם לעצטען פונק פון איהר לעבען, און אַלס רעזולטאַט דערפון, ווען די פּאָר איבערגעבליבענע דעלעגאַטען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אויף זייער נאַציאָנאַלען צוזאַמענפאָר אין דעם אויבענדערמאָנטען יאָהר, איז די „אַמעריקאַן ריילוויי יוניאָן", וואָס איז געליעבט און געהערט געווען פון ארבייט און פאַרהאַסט פון קאַפּיטאַל, פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דער "סאָשעל דעמאָקראַסי".

אויף דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן אין 1898 איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. איין ריכטונג האָט געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף די קאָמוניסטישע קאָלאָניעס און געהאַלטען זיי אַלס דעם הויפּטציעל פון דער באַוועגונג, די צווייטע ריכטונג האָט געלייקענט אין דער גרויסער צוקונפט פון די קאָלאָניעס און זי האָט געשטרעבט צו פּאָליטישער טעטיגקייט אַלס פּאַרטיי פון ארבייטער קלאַס. די צווייטע ריכטונג

איז באַקאַנט געוועז אַלס „סאָשעל דעמאָקראַטיק פּאַרטיי" (סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי). און זי האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר לעבענס־פעהיג און ערפאָלגרייך שוין אין איהרע ערשטע טעג.

די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.), אין וועלכער צווייטיגקייטען זיינען אָנגעגאַנגען פאַר א לענגערער צייט, האָט זיך אין יאָהר 1899 צושפּאָלטען אין באַזונדערע פּאַרטייען. די גענגער פון דער אַדמיניסטראַציע האָבען זיך פאַראייניגט מיט דער „סאָשעל דעמאָקראַסי", און די פאַראייניגטע פּאַרטיי האָט אָנגענומען דעם נאָמען: „די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי" (ס. פּ.)

די נייע פּאַרטיי האָט זיך באַלד געשטעלט אויף דעם קלאָרען און פעסטען באָדען פון דער אויסגעהאַלטענער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, וואָס מארקס, ענגעלס און לאַסאַל האָבען אַזוי פרוכטבאַר געמאַכט מיט די זוימען פון זייער זשעני און גלויבען אין די ציעלען און וועגען פון דעם ארבייטער קלאַס.

מארקס'עס אומשטערבליכער לאָזונג: „ארבייטער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט איך! איהר קענט גאָרנישט פאַרלירען אויסער אייערע קייטען און געווינען קענט איהר א וועלט!" — באַגייסטערט דעם ארבייטער קלאַס אין זיין קלאַסען־קאַמף איבער דער גאַנצער וועלט. די ס. פּ. אין אַמעריקא האָט זיך אָנגעשלאָסען און ענג פאַר־בונדען מיט אַט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַלוועלטליכער ארמיי.

די שטימען וואָס די סאָציאַליסטען באַקומען אין די פאַראייניגטע שטאַאטען האַלטען אין וואַקסען און זיינען גאַנץ צופרידענשטעלענד.

אין די נאַציאָנאַלע וואַהלען פון 1892 האָבען די סאָציאַליסטען באַקומען 21,164 שטימען.

אין 1896 — 36,739.

אין 1900 האָט די „סאָציאַליסטישע פּאַרטיי" (ס. פּ.) באַקומען 87,814 און די „סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי" (ס. ל. פּ.) 39,739, צוזאַמען 127,553 שטימען.

זייט 1900 איז די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדא געוואָרען גרעסער ווי פריהער, ווען זי האָט פּאַקטיש בלויז אַרומגענומען איינינע שטאָאַטען און איהרע מיטלען זיינען געווען אומבאַדייטענד.

אָבער יענע צייטען זיינען שוין אַוועק. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט איצט אָרגאַניזאַציעס אין כמעט אַלע שטאַאַטען און טעריטאָריעס פון לאַנד, זי האָט אַן ענטוזיאַסטישע און ענערגישע מיטגליעדערשאַפט און אַ גרויסע און פּאַרשפּרייטע פּרעסע.

די פּרינציפּען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען די פּרינציפּען פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם און איהר טאַקטיק איז די זעלבע, וואָס איהרע פּרינציפּען — אַבסאָלוט אומקאָמפּראָמיסליך.

און פול מיט האָפנונגען און פּאַרשפּרעכונגען איז דער וועג פון די אַרבייטער פאַר דער קומענדער אָרדנונג.

מיר ווייסען ניט און ווילען ניט וויסען פון די אַלע אינערליכע רייסערייען, וואָס קענען אָדער וועלען פּאָרקומען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אַלץ וואָס מיר ווייסען איז, אַז די פּרינציפּען פון סאָציאַליזם זיינען נויטיג פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבייטער־קלאַס און פאַר דעם אמת׳ן גליק פון אַלע קלאַסען און אַז ער מוז מקוים ווערען, מיר זעהען, אַז דער סאָציאַליזם, גענעהרט פון עלענד און באַלעבט פון די שטרעבונגען פון אַרבייטער קלאַס קריגט פון טאָג צו טאָג אַלץ אַ גרעסערען פעלד פאַר זיין טעטיגקייט, אַז זיין מאַכט און איינפלוס וואַקסט און ווען די לעצטע שעה פון קאַפּיטאַליזם און לוין־שקלאַפעריי וועט שלאָגען, וועט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג,—די באַוועגונג וואָס איז גרויס גענוג אַרומצונעמען די גאַנצע מענשליכע ראַסע, — קרוינען מיט זיעג די קעמפער וואָס האָבען הונדערטער יאָהרען געראַמט דעם וועג און געבויט דעם טעמפּעל פון דער צוקונפט — דעם טעמפּעל און טראָן פון אַ באַפרייטער מענשהייט אין אַ פרייער וועלט.

די היינטיגע אַרבייטער באַוועגונג איז אַ פּראָדוקט פון דער פאַרגאַנגענהייט; זי האָט אָבער אין זיך אייגנאַרטיגקייט פון אונזער צייט. זי איז אינטערנאַציאָנאַל, זי איז אַ וועלט־באַפרייענדע מאַכט, וועלכע צינדט אָן הערצער מיט׳ן גלויבען אין איהר באַפרייאונגס־מיסיאָן.

דער יוניאָניזם אינ׳ם מאָדערנעם זין, איז ערשט הונדערט יאָהר אַלט; אין די פאַראייניגטע שטאַטען, ווי אין אַנדערע לענדער, איז די טרייד־יוניאָן באַוועגונג אויסגעוואַקסען צוזאַמען מיט דער אינדוסטריעלער געזעלשאַפט. אינ׳ם קאָלאָניאַלען פעריאָד פון אונזער געשיכטע, ווען ערד אַרבייט איז געווען די וויכטיגסטע באַשעפטיגונג, יעדע אַרבייט — האַנט אַרבייט, געצייג — זעהר איינפאַכע, וואַרשטאַטען קליינע, און דער אַרבייטער — זיין אייגענער בעל הבית, האָט ניט געקענט זיין און איז פאַקטיש ניט געוועזען קיין שום טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג צווישען די אַרבייטער.

אָבער די גוטע, אַלטע צייטען זענען פערשוואונדען. די מאַשין איז געקומען, און האָט געמאַכט אַן איבערקעהרעניש אין דער פּראָדוקציע. אויפ׳ן אָרט פונ׳ם דאָרפישען אָדער קליינשטעדטעלדיגען וואַרשטאַט׳על האָט זיך שטאַלץ און פעסט אַנידערגעשטעלט די גרויסע פאַבריק. די אַרבייטער לויפען אין די פאַבריקען, אַלע זוכען אַרבייט, אַלע קאָנקורירען מיט אַלע, און בעלנים אויף זייער אַרבייטס־קראַפט זענען גאַר ווענינ פאַראַן, אָדער גאָר ניטאָ. וואָס טוט מען? איצט הויבען זיי אָן צו פערשטעהן, אַז אַלס אַרבייטער, מענשען אָהן אייגענטהום, זענען זיי ביי די קאַפּיטאַליסטען אין די הענד, און מוזען זיך פעראייניגען געגען זיי. זיי דערפיהלען די נויטיגקייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, און די באַוועגונג וואַקסט אַלץ שטאַרקער, טריט ביי טריט מיט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, און ווערט אַ מאַכט אינ׳ם קאַמפף פון אַרבייט און קאַפּיטאַל.

פּראָפעסאָר ר. ט. אילאַי באַשרייבט יענע צייט מיט פאָלגענדע ווערטער: „אינ׳ם קאָלאָניאַלען פעריאָד פון אַמעריקאַנער געשיכטע

איז ניטא קיין סימן פון היינטיגען טרייד־יוניאָניזם. עס איז ניט שווער צו פאַשטעהן, אַז אין יענער צייט איז אַן אָרגאַניזאַציע פון ארבייט געוועזען אָדער איננאַנצען איבעריג, אָדער כמעט איבעריג, דאָס ביסעל, וואָס מען האָט פּראָדוצירט איז בעשטאַנען דער עיקר פון געברויכ־פּראָדוקטען: קליידער האָט מען געשפּינט און געוועבט און גענעהט אין דער אייגענער בעל־הבית־שקייט; די איינציגע בעל מלאכות זיינען געוועזען דער שמיד, דער שוסטער, דער שלאָסער. זיי האָבען געאַרבייט אין אייגענע וואַרשטאַטען אַליין, אָדער נאָך מיט אַ געזעלען, און דער געזעל האָט געהאָפּט אין אַ פּאָר יאָהר ווערען אַליין אַ בעל־הבית.

אזוי האָט אויסגעזעהן דאָס אַמעריקאַנער עקאָנאָמישע לעבען סוף אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. אָנהויב נייַנצעהנטען ענדערט זיך אַלעס. די אינדוסטריע פערשפּרייט זיך, די מאַשין רייסט זיך אַריין אַלץ אין נייע פּראָדוקציאָנס־צווייגען. די אַרבייטער אָרגאַניזירען זיך בּיסלעכווייז, און פּרובען עפּעס טהאָן, כדי צו העכערען דעם קליינעם לוין און פאַרבעסערען זייערע אַרבייטס־באַדינגונגען. אינטערעסאַנט איז די געשיכטע פון׳ם ערשטען סטרייק; פּראָפעסאָר אילאי דער־צעהלט: „דעם אָנזעהן פון אַ היינטיגען סטרייק האָט געהאַט די פאָלגענדע פאַסירונג אינ׳ם יאָהר 1802. די ניו יאָרקער מאַטראָזען זיינען ניט געוועזען צופרידען מיט זייערע צעהן דאָלאַר אַ מאָנאַט און האָבען געפאָדערט פיער דאָלאַר מעהר; זיי האָבען זיך ענטזאָגט צו אַרבייטען, זיינען, ווי מען דערצעהלט, אַרומגעגאַנגען איבער׳ן שטאָדט מיט מוזיק, האָבען געצוואונגען די מאַטראָזען, וואָס האָבען געאַרבייט אויף די אַלטע באַדינגונגען, אַוועקגעהן פון די שיפען און צושטעהן צו זיי. אין יענער צייט אָבער זיינען נאָך אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער געווען אין קראַפט די שטרענגע געזעצען וועגען פאַראיינען און געהיימע חברות, וועלכע האָבן יעדען געמיינשאַפטליכען טריט פון די אַרבייטער באַשטראָפט אַלס פאַרברעכען. פאַרטריבען זיי, אַרעס־טירט דעם פיהרער, און אַ סוף געמאַכט צו דעם דאָזיגען עלטסטען אַרבייטער סטרייק אין די פאַראייניגטע שטאַטען“.

הערענדיג די געשיכטע, קען זיך אויסדוכטען, אַז דאָס האָט געטראָפען נעכטען, און ניט מיט אַריבער הונדערט יאָהר צוריק. די אַלע פּאַראיינס־געזעצען זיינען שוין לאַנג בטל, אָבער דער אַרבייטער פיהרער האָט איצט ניט ווייניגער צרות. ווי אַמאָל העלפט ניט די פּאָליציי, מישט זיך אַריין דער ריכטער, איינס־צוויי ווערט דעם אַר־בייטער'ס ווידערשטאַנד געבראָכען, און אַ סוף פון'ם קאַמף.

די טרייד יוניאָן איז אין אָנהויב געווען אַ שוואַכע, קליינע, לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע. זי האָט זיך געהאַלטען אָבער אין איין ענט־וויקלען, און איז דערגאַנגען צו דער איצטיגער מדרגה פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט. אַמאָל האָט זי פאַראייניגט אַרום זיך אַ קליינע גרופּע האַנט־אַרבייטער, וואָס ווערען עקספּלואַטירט פון אַ קליינעם קאַפּיטאַליסט. היינט שטעהען אין די טרייד־יוניאָניסטישע רייהען גרויסע אַרמייען פון אָרגאַניזירטע, פעדערירטע אַרבייטער פון גרויסע אינדוסטריען, וואָס ווערען קאָנטראָלירט פון מעכטיגע טראָסטען און קאָרפּאָראַציעס. די נויט האָט געצוואונגען די אַרבייטער צו אָר־גאַניזירען זיך, און וואָס שנעלער עס געהט די אינדוסטריעלע ענט־וויקלונג און די עקאָנאָמישע אָפּהענגיגקייט פון די אַרבייטער וואַקסט, אַלץ שטאַרקערע אויסזיכטען אויף ערפאָלג האָט די אָרגאַניזאַציע פון די טרייד־יוניאָנס.

מיט הונדערט יאָהר צוריק פלעגט אַ לעהר איינגעל אָפּאַרבייטען ביים בעל־מלאכה זיינע פּאָר יאָהר און האָט געקאָנט ווערען מיט דער צייט אַ מייסטער, ווי אַלע. דאָס געצייג איז געווען זיין אייגענס; דאָס ביסעל רויה מאַטעריאַל, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבען, האָט ער זיך לייכט געקאָנט פאַרשאַפען. רוהיג האָט ער זיך געטהאָן זיין אַרבייט און געלעבט פון איהר. אָבער אומאָפּהענגיג. אמת איז, אַז אַרבייטענדיג מיט הוילע הענט אָדער איינפאַכע געצייג, האָט דער בעל־מלאכה געמוזט זיך שטאַרק אָנשטרענגען, אַרבייטען אַ צוועלף־פופצעהן שעה אַ טאָג, כּדי צו פאַרדינען דאָס נויטיגע פאַר זיך און זיין פאַמיליע. זיין אַרבייט איז געווען ווייניג פּראָדוקטיוו, זיין גאַנצע צייט האָט ער אָפּגעגעבען דער באַפרידיגונג פון זיינע מאַטעריעלע באַדערפעניסען; קיין פרייע מינוט האָט ער ניט געהאַט. ער האָט

ניט געוואוסט פון רוה, געזעליגקייט, גייסטיגע ארבייט. ער האט אבער יא געהאט פאליטישע פרייהייט, איז געווען עקאנאמיש כמעט אומאפהענגיג, באנוצט זיך כמעט מיט'ן גאנצען פראדוקט פון זיין ארבייט און געלעבט א שטילען, איינפאכען, רוהיגען לעבען ביז'ן סוף פון זיינע טעג.

די פאראייניגטע שטאטען איז נאך דעמאלט געווען א לאנד פון צוקונפט. אומענדליכע שטרעקען פעטע, נאך ניט פארכאפטע ערד, האבען צוגעצויגען דעם איינוואנדערער. עס איז געווען גענוג רוים און זון, ערד און געלעגענהייטען פאר יעדען איינעם. אמת, דאס לאנד האט נאך ניט געוואוסט פון מיליאנערען — אבער אויך ניט פון טרעמפס. די צוויי טיפען זיינען פראדוקטען פון דעם זעלבען קאפיטאליסטישען סיסטעם, ביידע לעבען זיי אויפ'ן חשבון פונ'ם ארבייטער־קלאס. געקומען אין איין צייט, צוזאמען מיט'ן גאנצען קאפיטאליסטישען סיסטעם.

די איינפיהרונג פון מאשינען אין דער אינדוסטריע האט ארויסגערופען גרויסע ענדערונגען אינ'ם בוי פון דער גאנצער געזעלשאפט. אינגאנצען האט זיך איבערגעאנדערשט די לאגע פונ'ם ארבייטער; פונ'ם אומאפהענגיגען בעל־מלאכה אדער קליינעם אונטערנעמער, איז ער געווארען אן אפהענגיגער לוין־שקלאף. די מאשין איז ווי עפעס אריינגעשפרונגען אינ'ם אינדוסטריעלען לעבען, און האט פארטריבען דעם ארבייטער מיט זיינע פעהיגקייטען, קונצען און קונסט, און דאס איינפאכע ארבייטס־געצייג מיט זיין אידיווידועלען פרצוף. אלץ גרעסער ווערט די אפהענגינקייט פונ'ם ארבייטער־קלאס, אבער אויך אלץ נעהענטער זיין באפרייאונג. די פריהערדיגע איזאלירטע, אפגעריסענע איינער פונ'ם אנדערען בעל־מלאכות, וואס האבען געלעבט יעדער אין זיין ווינקעל, זיינען צוזאמענגעגאסען געווארען אין ארגאניזמען פון פאראייניגטער ארבייט, וואס גרייטען צו די גרויסע סאציאלע רעוואלוציע.

די טרייד־יוניאן באוועגונג ווערט עפעס באשטימטעס. פריהער זיינען די אומארגאניזירטע ארבייטער געווען קאנקורענטען אויפ'ן ארבייטס־מארק און שקלאפען אין דער פאבריק; הפקר זיינען געווען

זייערע שכירות, זייער אַרבייטס־טאָג. איצט וועהט אַ נייער גייסט אין די אַרבייטער־רייהען. „כאַראַקטעריסטיש איז — דערצעהלט פּראָ־פעסאָר אילאַי — אַ רעדע, וואָס איז געהאַלטען געוואָרען דעצעמבער 1833 פונ׳ם פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע טרייד־יוניאָנס פון שטאָדט ניו יאָרק, מור, דאָס איז געווען, ווי דער נאָמען אַליין באַווייזט, אַ פאַראייניגונג פון יוניאָנס פון פאַרשידענע פאַכען און פּראָפעסיעס אין ניו יאָרק און אַרומיגער געגענד; די ערשטע אין איהר אַרט, אויף וויפיעל איך ווייס. מור׳ס רעדע איז פיעל מאָדערנער אין טאָן, ווי די מייסטע ערקלערונגען פון די אַרבייטער פיהרער פון יענער צייט. אין יענער רעדע ווערט געזאָגט, אַז דער צוועק פון די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס איז צו פאַרהיטען די נאַטירליכע און פּאָליטישע רעכט פון די אַרבייטער, שיצען זיך געגען די אָנפאַלען פון דער אַריסטאָקראַ־טיע, אויפהויבען דעם מאָראַלען און גייסטיגען צושטאַנד פון די אַרביי־טער, אויסבעסערען די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, פאַרקלענערען די אונטערשיידונגס־ליניען צווישען אַרבייטער און אונטערנעמער, באַ־פעסטיגען די עהרע און ווירדע פון אונזערע פּראָפעסיעס אויף אַ זי־כערען און פערמאַנענטען באַזיס, און פאַרגרינגערען די ליידען פון די אַרבייטסלאָזע“. אין דער דאָזיגער רעדע ווערען שוין קלאָר פאָרמולירט די אויפגאַבען פון טרייד־יוניאָניזם. שוין אין די דרייסיגער יאָהרען האָבען די אַרבייטער געמוזט זיך פאַראייניגען צוליעב דער פאַרטיידיגונג פון זייערע אינטערעסען. דערווייל פאַרטיידיגען זיך די אַרבייטער, ווילען פאַרבעסערען זייער עקאָנאָמישע לאַגע; פונ׳ם פּאָליטישען קאַמף טראַכטען זיי נאָך ניט; זיי פאַרשטעהען נאָך ניט, אַז ס׳איז נויטיג אָפּצושאַפען דאָס גאַנצע לוין־סיסטעם, אַז דאָס איז דער איינ־ציגער וועג צו אמת׳ער באַפרייאונג. דאָס לוין־סיסטעם ענטוויקעלט זיך אָבער און וועט זיי לערנען, וואָס זיי האָבען צו טאָן; פונ׳ם עקאָנאָמישען קאַמף וועלען זיי סוף כל סוף איבערגעהן צום פּאָליטישען.

דער קאַפּיטאַל צענטראַליזירט זיך, די אינדוסטריע ווערט אָר־גאַניזירט אין אַ גרעסערען מאַסשטאַב — און דער יוניאָניזם שטעהט ניט אָפּ. אַלץ מעהר פאַכען טרעטען אַריין אין די רייהען, און הויבען אויף הויך די פאָהן פון עקאָנאָמישער סאָלידאַריטעט. די מלחמה איז

אין פולען גאנג, סטרייקען, לאקאאוטען הערען ניט אויף. אמאל גע־ווינען די ארבייטער, עפטער אבער פארלירען זיי די שלאכט, ווערען אז דעם מוט, אנטלויפען פון דער טרייד־יוניאן, אבער זיי וועלען קומען צוריק, ווידער פרובען גליק ביז'ן לעצטען, גרויסען נצחון.

## טרייד-יוניאניזם.

די טרייד־יוניאניסטישע באוועגונג איז געווארען א גרויסע מאכט אין די פאראייניגטע שטאטען. נאך דער בירגער מלחמה האבען אינ־דוסטריע און האנדעל גענומען בליהען. און טרייד־יוניאנס זיינען ענט־שטאנען אין אלע עקען לאנד. עס האבען זיך געמעהרט די לאקאלע ארגאניזאציעס פון איין פאך, פאראייניגט זיך אין נאציאנאלע קער־פערשאפטען, און פעדערירט זיך אין נאציאנאלע און אינטערנאציא־נאלע גרופירונגען. סוף נייןצעהנטען יאהרהונדערט באמערקט זיך אז אונגעהייער גרויסע און שנעלע קאנצענטראציע פון קאפיטאל און א נאך ניט־געוועזענע אינדוסטריעלע אקטיוויטעט. האנט אין האנט מיט דער דאזיגער ענטוויקלונג געהט דער וואוקס פון דער טרייד־יוניאניסטישער באוועגונג. אין די ערשטע יאהרען פון דעם נייעם יאהרהונדערט פארשפרייט זיך די באוועגונג נאך מיט א גרעסערער מאכט; דער שטראם פון טרייד־יוניאניזם פארפלייצט דאס גאנצע לאנד, ווערט טיפער און טיפער, און לאכט זיך אויס פון אלע שטע־רונגען, וואס דער קאפיטאליסטישער קלאס לייגט איהם אין וועג. קיין קראפט קען ניט איינהאלטען זיין גאנג, אדער פארשטאפען זיינע קוועלען.

די געשיכטע פון די לעצטע דרייסיג יאהר טרייד־יוניאניסטישער באוועגונג איז זעהר א שפאנענדע. ארגאניזאציעס ענטשטעהען און פארגעהען, שלאכטען ווערען געוואונען און — פארלוירען. אלע מעג־ליכע מיטלען, וואס דער שארפזין פון א הערשענדען קלאס קען נאר אויסטראכטען, ווערען אנגעווענדעט, כדי צו טויטען די באוועגונג — דאס אלץ העלפט ניט. די באוועגונג געהט זיך איהר וועג. די אר־גאניזאציאנס־פארמען ווערען אלץ פאלקאמענער, די אויפפאסונג פון די אויפגאבען — אלץ א טיפערע. די אומענדליכע סטרייקען, באי־

קאַטעז, לאָקאַוטעז, וואָס זיינען אָפט פאַרבונדען מיט געוואַלדטאַטען, דערצעהלען אַ טרויעריגע געשיכטע פון אַ קלאַסענקאַמף, וואָס צורו־דערט די געזעלשאַפט, און וועט פאַרשווינדען אינאיינעם מיט דער היינטיגער געזעלשאַפטס־אָרדנונג.

דער אמת איז, אַז קיין אַרבייטער־סטרייק איז נאָך ניט פאַר־לאָרען געגאַנגען, און די באַוועגונג קען ניט פאַרטיליגט ווערען. די טעג פון מפּלות וועלען ברענגען זייער פרוכט, און די וואונדען זיינען ניט קיין טויט־וואונדען, נאָר שטילע עדות פון׳ם קומענדען נצחון.

וואָס האָט די יוניאָן געגעבען דעם אַרבייטער?

פון׳ם ערשטען טאָג אָן האָט זי געפּריידיגט די נויטיגקייט פון סאָלידאַריטעט, געוועקט האָפנונגען אין׳ם האַרצען פון׳ם ענטוישטען און דערשלאָגענעם אַרבייטער, אויסגעגליכען זיין איינגעבויגענעם רו־קען און אָפּגעווענדעט זיין קוק פון די קליינליכע אינטערעסען פון דער מינוט צו די גרויסע הערליכע אויפגאַבען פון׳ם קלאַס.

די יוניאָן האָט אָנגעפיהרט דעם אַרבייטער׳ס קאַמף אויף טוי־זענטער שלאַכטפעלדער. איינמאָל געשלאָגען, האָט זי ווידער און ווי־דער פאַראייניגט די קרעפטען, ניט געלאָזט דעם שונא רוהען, געפאַלען און — אָנגעפאַלען, שטרעבענדיג צום זיג.

די יוניאָן האָט פריהער פון אַלץ געלערנט דעם אַרבייטער דאָס וויכטיגסטע וואָס ער דאַרף וויסען, נעמליך, אַז זיינע אינטערעסען זיינען פאַרבונדען מיט די אינטערעסען פון זיין קלאַס און קיין וויכטיגע ענדערונג אין דעם איינצעלנעמס לאַגע איז ניט מעגליך, כל זמן דער גאַנצער קלאַס איז נאָך פאַרשקלאַפט.

די יוניאָן איז געוועזען אַן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע, אָבער אויך אַ מאָראַלישע קראַפט. זי האָט געפאָדערט פון׳ם אַרבייטער ער זאָל דיינקען זעלבסטשטענדיג, גלויבען אין זיך, זיין שטאָלץ, ברייינגען אָפּפער אינ׳ם קאַמף פאַר זיין פּערזענליכקייט און זיינע אינטערעסען, זיין סאָלידאַריש מיט די חברים, און קעמפּפען פאַר זייערע אינטע־רעסען, ווי פאַר זיינע אייגענע.

פאַרשטעהט זיך, די יוניאָן האָט ניט דערגרייכט דאָס אַלץ, וואָס זי האָט געדאַרפט דערגרייכען, אָבער פיעל האָט זי געטאָן, און טוט.

די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג האָט ניט ערפילט אַלע אונזערע האָפנונגען, אָבער דערפאַר טאָר מען זי ניט מבטל זיין. דאָס ערגסטע אין וואָס מיר קענען זי באַשולדיגען איז דאָס, וואָס זי איז אָפּגעשטאַנען פון דער צייט, האָט ניט אין זיך דעם פּראָגרעסיווען גייסט, אָהן וועלכען זי קען זיך ניט דערהויבען צו אַ העכערער מדרגה און ברייגנען דעם מאַקסימום נוצען. די אורזאַכען פון דער ערשיינונג וועלען מיר פּרואוּוען צו פאַרשטעהן.

ווען די אַרבייטער האָבען אָרגאַניזירט יוניאָנס, האָבען די קאַפּיטאַליסטען געטאָן אַלעס, וואָס זיי האָבען געקענט צו דערשטיקען די רעבעליאָן. זיי האָבען אָבער ניט געקענט אויסלעשען דעם פייער; פון'ם גליהענדען אַש רייסען זיך אַרויס פונקען אַלץ שטאַרקער. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס איז אָנגעשראָקען. קליגערע, וואָס האָבען געהאַט אַ טיפערען קוק, האָבען פאַרשטאַנען, אַז אויסראָטען די יוניאָן־באַוועגונג איז אוממעגליך. זיי האָבען געביטען די טאַקטיק, ניט גע־בייזערט זיך מעהר, נאָר פאַרקעהרט, פיין, ליבליך געשמייכעלט, און געבענשט די גרעסטע ברכה פון'ם יאָהרהונדערט, די טרייד־יוניאָניס־טישע באַוועגונג. ניט קענענדיג אָפּשטעלען די באַוועגונג, האָבען זיי באַשלאָסען אַריינצונעמען זי אין זייערע הענט און פיהרען זי אין גוטע, פרומע, אומשולדיגע וועגען. דאָס איז געווען מאַרק האַננאַ'ס פּאָליטיק.

מאַרק האַננאַ האָט געהאַט דאָס פאַרטרויען פון'ם קאַפּיטאַליסטי־שען קלאַס, איז אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ פיהרער. זיין קלוגע דיפּ־לאָמאַטיע, זיין שאַרפער קוק אויף די אַרבייטער באַוועגונג איז געפעלען די מאַגנאַטען פון קאַפּיטאַל.

מאַרק האַננאַ האָט אָרגאַניזירט די באַרימטע „סיוויק פעדערייש'אָן“, איז געוואָרען דער פּרעזידענט איהרער, און באַשטימט פאַר זיינע „לייטענאַנטען“ די פיהרער פון די גרעסטע טרייד־יוניאָנען. ער האָט זיך באַגעגענט מיט זיינע „לייטענאַנטען“ ווי מיט גלייכע, זיך פאָ־טאָגראַפירט אויף איין בילד, געזאָגט חכמות, געשפּאַסט און גוט־ברודעריש געדריקט זיי די הענט. מיט אַמאָל איז ער געוואָרען דער אָפּגאָט פון וואָל סטריט. צו זיין שטימע הערען זיך אַלע צו. ער איז

דער פּראָפּעט פון זיין קלאַס, דער פייער־זאַל פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

מאַרק האַננאַ האָט ניט דערלעבט די פאַרווירקליכונג פון זיין חלום, פונ'ם גוטהאַרציגען, גוטמוטיגען קאַפּיטאַליזם. עס האָט זיך אויך ניט דערפיהלט דער וואונש פון זיינע טרייד־יוניאָניסטישע נאָכשלעפּערס און קאַפּיטאַליסטישע פריינד: ער איז ניט געוואָרען פּרע־דענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, דערפאַר האָט ער נאָך מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן די וואָלקענס פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אויפ'ן פּאָליטישען הימעל, און געוואָלט אָפּווענדען די געפאַהר, אָדער כאָטש אָפּלייגען דעם קריזיס. האַננאַ'ן האָט ניט געשמעקט אַ מאָ־דערנע, רעוואָלוציאָנערע טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג. די טרייד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס דאַרפען זיין ריין טרייד־יוניאָניסטישע, אָפּהיטען אַלע אַמאָליגע ענגע טראַדיציעס, ניט בייטען, חלילה, די טאַק־טיק אָדער פאָרמען פון קאַמף, אָרגאַניזאַציע, אנטלויפען פון פּאָליטיק ווי פון פייער, און זיין פאָרזיכטיג, ניט אָננעמען זיך מיט סאָציאַליזם, די פּעסט פון דער צייט, וואָס איהר אָטעם איז צופאַלונג, און יעדער ריהר — טויט.

דאָס איז אויך די פּאָליטיק פון האַננאַ'ס ווייניגער באַגאַבטע תלמידים, וואָס זעצען פאָרט זיין אַרבייט. ניט אַנדערש קוקט אויפ'ן יוניאָניזם דער צייטונגס־מאַן, דער גלח און דער פּאָליטיקאַן. און דאָס שענדליכסטע איז, וואָס דאָס איז אויך די פּאָליטיק פון די טרייד־יוניאָן פיהרער, וואָס זיינען גלייכצייטיג די „לייטענאַנטען" פון קאַפּיטאַל, און די פיהרער פון די אַרבייטער און ווילען פאַר אייניגען דאָס אוממעגליכע, די ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען פון די פיינדליכע קלאַסען. מיר ווילען ניט זאָגען, אַז די דאָזיגע אַרבייט־פיהרער זיינען קאָרופּטע און פאַרקויפטע מענשען. אָפט הערען מיר אַזעלכע באַ־שולדיגונגען, אָבער לויט אונזער ערפאַהרונג זיינען עס מייסטענס אומ־געגרעכטע און גרונדלאָזע באַשולדיגונגען. מיר טאָרען ניט מאַכען אַזעל־כע שווערע באַשולדיגונגען געגען אַ פיהרער, סיידען מיר זיינען איבער־צייגט, און האָבען זיכערע באַווייזען, אַז ער איז שולדיג. דאָס אָבער מעגען מיר זיכער זאָגען, אַז די דאָזיגע אַרבייטער־פיהרער האָבען מורא

צו קריגען זיך מיט די קאפּיטאַליסטען, אַנהויבען זיך מיט זיי. טוט ניט דער ארבייטער־פיהרער דעם ווילען פון די קאפּיטאַליסטען, איז ער ניט געגוג בויגיג, ווערט זיין פּאפּולאַריטעט אין די קאפּיטאַליסטישע קרייזען אפּגעשוואכט, און ער ווערט גאַר שנעל אַ פיהרער — אָהן אַן ארגאַניזאַציע און אמט.

פּעטער מ. ארטור, פון דער ברודערשאַפט פון לאָקאָמאָטיוו מאַשיניסטען איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער פּארטרעטער פון דעם דאַזיגען טיפּ ארבייטער־פיהרער. אַפּט האָט ער געהאַט גענען זיך די שטאַרקסטע אָפּאָזיציע פון די ארבייטער, אָבער ער איז געווען אַ חשוב'ער מענש ביי די אייזענבאַהן־קאָרפּאָראַציעס. און עס איז פּאַקטיש געווען אוממעגליך פּטור צו ווערען פון איהם. וואָלט ער געווען אַ ראַדיקאַל, געשטאַנען אין גאַנצען אויף דער זייט פון די מאַשיניסטען, וואָלט שוין פון איהם לאַנג קיין זכר ניט געבליבען אין זיין יוניאָן.

אַ שעדליכע ווירקונג אויפ'ן ארבייטער־פיהרער האָט אויך די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע; זי רעדט איהם איבער מיט איהרע האָניגזיסע רייד, טעראַריזירט איהם מיט איהרע אָנפאַלען, מאַכט איהם אומזיכער, קנעכטיש און דערשראָקען.

די היינטיגע טרייד־יוניאַניסטישע באַוועגונג האָט ניט ווייניג שונאים, אינוועניגסטע און אויסוועניגסטע. אַנדערע פאַלען אָן אויפ'ן טרייד־יוניאָניזם אָפּען, אַנדערע — באַהאַלטענערהייט. אַלע האָבען אָבער איין ציל: אַ תל צו מאַכען פון דער גאַנצער באַוועגונג, אָדער אָפּשוואַכען איהר מעגליכע קאַמפּס־קראַפט. זיי שטעלען זי פאַר אין אַ פאַלשען ליכט, און דיסקרעדיטירען די אמת'ע פריינד פון יוניאָניזם, וואס האָבען ניט קיין מורא פאַר די קאַפּיטאַליסטען און האַלטען אין איין אָנווייזען די איינציגע, אמת'ע ריכטונג, וואָס פיהרט צום זיעג פונ'ם ארבייטער־קלאַס.

די אָפענע שונאים פונ'ם יוניאָניזם האָבען די לעצטע פאַר יאָהר איינגעפיהרט נייע, אומגעוועהנליכע קאַמפּס־מיטלען. פּריוואַט־ארמייען, פינקערטאַנער, פּריוואַט־פּאָליציסטען זיינען אראָפּ פון מאַרק. צו וואס דאַרף מען געוואַלדטאַטען? טוען דאָך די געריכטען דאָס זעלבע, אָהן טומעל, סיסטעמאַטיש, זיכער. דאָס נייע מיטעל איז: אינדזשאַנק־

שאז, שטענדיג טרעפט עס אין ציל, קיינער קען ניט אנטרונען ווערען פון דעם. די קאפיטאליסטען קאנטראלירען פאלשטענדיג די אינדזשאנקשאן־ארטילעריע; דער ריכטער דארף נאר אנלאדען די אינדזשאנקשאן־קאנאנען, און די ארבייטער צולויפען זיך.

ביסלעכוויז רייסט זיך די אינדזשאנקשאן אריין אלץ שטארקער אינ'ם עקאנאמישען קאמף, וואס ווערט אנגעפיהרט פון די טרייד־יוניאנס. זי באגרעניצט די רעכט פון דער ארגאניזאציע, שוואכט אפ איהר קראפט, גראבט אונטער איהר עקזיסטענץ. דאס טוט דאס געריכט אינ'ם נאמען פון אינסטיטוציעס, וואס אנשטאט צו באשיצען, האט עס זיי פארראטען אומפארשעמט אין די אינטערעסען פון די מאגנאטען פון קאפיטאל.

מען האט ארויסגעגעבען אינדזשאנקשאנס וואס האבען פארבאטען גאנצע ארגאניזאציעס און זייערע מיטגלידער צו סטרייקען, באיקאטירען אימיצען, העלפען מאטעריעל חברים־סטרייקער, שטיצען אייגענע מיטגלידער. זיי האבען פארזאגט ארבייטער ניט צו וואגען ארויסצוטרייבען שפיאנען פון דער ארגאניזאציע, ארומגעהן איבער'ן טראטואר, אפהאלטען מיטינגען, פארזאמלען זיך אין עפענטליכע פלעצער,ריידען מיט ארבייטער, וואס האבען פארנומען אדער ווילען פאר נעמען זייער ארט. זיי האבען געשראקען מיט גרויסע שטראפען פאר טאן וואס ניט איז צו באגרענעצען דאס זעלבסט פארשטענדליכע רעכט פונ'ם קאפיטאליסט צו ארגאניזירען זיין פאבריק ווי ער וויל און פיהרען זיך ווי עס לוינט זיך איהם בעסער.

די געריכטען האבען ארויסגעריסען פונ'ם ארבייטער'ס האנט יעדען געווער אין עקאנאמישען קאמף און איבערגעגעבען איהם, אן אומבאשיצטען, צו עקספלואטאטארען אין די הענט. די געריכטען זיינער דערגאנגען אזוי ווייט אין זייער אונטערדריקונגס־פאליטיק, אז די ארבייטער האבען זיך געמוזט דערמאנען אן דער פאליטישער קראפט וואס איז געווען שטארק ניט נאר צו ענטוואפענען דעם שונא, נאר צו פארטרייבען איהם אינגאנצען פונ'ם שלאכטפעלד. זיי הויבען אן צו פארשטעהן דעם קלאסען־כאראקטער פון אונזער קאפיטאליסטישער רעגירונג, זיי איבערצייגען זיך, אז די ארבייטער באוועגונג מוז זיין

אויך א פאליטישע באוועגונג, אז דער ארבייטער קלאס מוז זיך ארגא־ניזירען פאליטיש, אינ'ם קאמף מיט דער קאפיטאליסטישער רעגירונג און געזעלשאפטס־ארדנונג.

לאנגזאם לערנען די יוניאניסטען, אבער סוף כל סוף מוזען זיי קליגער ווערען פון די קלעפ, וואס זיי כאפען פון אלעמען, און זיי האבען נאך ניט אלע קלעפ געקראגען.

זיי האבען געזעהן: א דעמאקראטישער פרעזידענט פון די פאר־איינינגטע שטאאטען ברעכט די קאנסטיטוציע און שיקט אריבער פע־דעראלע סאלדאטען אין אן אויטאנאמען שטאט צו אונטערדריקען די ארגאניזאציע פון פרידליכע ארבייטער, ניט קוקענדיג אויפ'ן פראָ־טעסט פונ'ם גאווערנאר פונ'ם שטאט און איהר באפעלקערונג.

זיי האבען געזעהן: א רעפובליקאנער פרעזידענט שטעהט אן א זייט און וויל ניט ארייננמישען זיך, אין דער צייט ווען די מילי־טערישע מאכט פונ'ם קאפיטאליסטישען־קלאס כאפט פאר'ן האלז א פרייען שטאט, רואינירט זיין אדמיניסטראציע און איז זיך שענדליך נוקם אן אונבאוואפענטע ארבייטער.

זיי האבען געזעהן: א געמישטער רעפובליקאניש־דעמאקראטי־שער קאנגרעס נעמט אן אמיליטער־פארשלאג, וואס מאכט פון יעדען פרייען בירגער א סאלדאט, און פונ'ם פרעזידענט — א מיליטערישען דיקטאטאר.

זיי האבען געזהן: א קאנגרעס האלט אין איין צוזאגען גליקען ארבייטער־ארגאניזאציעס, און האלט ניט ווארט. מאכט דעם אנשטעל פון ארבייטער־פריינדליכקייט, זייענדיג פארבונדען מיט א פארשפרע־כען ניט צו דערלאזען קיין שום געזעץ, וואס קען זיין ניצליך די אר־בייטער. דער שיקזאל פונ'ם אנטי־אינדזשאנקשאן־געזעץ און אכט שטונדיגען ארבייטס־טאג איז א גוטע אילוסטראציע פונ'ם פאורואט צו די ארבייטער אינטערעסען און פאלשקייט פון דער העכסטער גע־זעצגעבענדער קערפערשאפט פון לאנד.

זיי האבען געזעהן דעמאקראטישע און רעפובליקאנישע גאווער־נארס ארויסרופענדיג מיליץ געגען ארבייטער אויפ'ן פארלאנג פון קאפיטאליסטען.

זיי האָבען געזעהן גאווערנאָרס, אַרעסטירענדיג אומגעזעצליך פרידליכע אַרבייטער, פאַרשפאַרענדיג זיי אין עקעלהאַפטע געפענגעני־שען מיט'ן איינציגען צוועק צו צוברעכען זייערע יוניאָנס.

זיי האָבען געזעהן דאָס העכסטע געריכט אין די הענט פון קאַ־פּיטאַליסטען, טויב צו די פאָדערונגען פון די אַרבייטער. ריכטער, געוועזענע קאָרפּאָראַציע־אַדוואָקאַטען, וואָס פאַרדאַנקען זייער אַמט דער רעקאָמענדאַציע פון זייערע באַלעבאַטים, פייערליך דרש'נענדיג וועגען דער אומבאַפלעקטער ריינקייט פון אונזערע געריכטס אינסטי־טוציעס.

זיי האָבען געזעהן די העכסטע געריכטען פון איינצעלנע שטאַטען ערקלערענדיג אומקאָנסטיטוציאָנעל די לעצטע רעשט פון געזעץ, וואָס באַשיצען די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און זייערע מיטגלידער.

דאָס און פיעל אַנדערעס האָבען די יוניאָניסטען געזעהן, און נאָך וועלען זיי מוזען קוקען לאַנג און אויפמערקזאַם, איידער עס וועלען זיך עפענען זייערע אויגען. אונז טהוט וועה דאָס האַרץ, וואָס צרות און פאַרפאָלגונגען נאָר קאָנען זיי פיהרען צום ציל, אָבער דאָס איז דער איינציגער וועג, וואָס מאַכט זיי זעהענדיג, דענקענדיג, און אַ פאַקט איז, אַז יעדעס אומרעכט, וואָס ווערט געטאָן די איינגע'עקס'נטע יוניאָניסטען, דערנעהנטערט דעם טאָג פון זייער פאָלשטענדיגער באַ־פרייאונג.

דער איינגער פאַך־יוניאָניזם פון דער פאַרגאַנגענהייט איז שוין מעהר ניט צוגעפּאַסט צו היינטיגע באַדינגונגען. ווער ס'לייקענט דאָס איז אַ בלינדער, וואָס זעהט ניט וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם. האַלטען יעדען פאַך אין זיינע ד' אמות, אָפּטיילען איהם פון אַנדערע אין דער צייט, וואָס די גרענעץ־ליניען צווישען פאַכען פאַרשווינדען, און זיי ווערען אַלע פאַרמישט און פאַרבונדען אינ'ם פּראָצעס פון דער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג, איז ניט ווייניגער נאַריש און אַבסורד, ווי פּרואוון פונאַנדערטיילען די וועלען פונ'ם אייביג־שוימענדען ים.

אין אַ היינטיגער פאַבריק אַרבייטען צוזאַמען מענשען פון הונ־דערטער פאַכען; דער, וואָס צואוואַרפט זיי אין הונדערטער פאַר־שידענע זעלבסטשטענדיגע יוניאָנס, אָרגאַניזירט ניט די אַרבייטער,

ער דעזארגאניזירט זיי. ער צוטיילט זיי, שוואכט אפּ זייערע קרעפטען, רופט ארויס אומענדליכע צואמענשטויסען. די היינטיגע, איינציג־צוגעפּאסטע ארגאניזאציאנס־פארם איז די אינדוסטריעלע; דער פאך האט זיך זיין אויטאנאמיע, זיינע רעכט, אבער העכער און בילכער זיינען די אינטערעסען פון׳ם גאנצען; קאנפליקטען זיינען מעגליך, אבער זיי קענען אויסגעמידען ווערען. די אלטע פאך־ארגאניזאציע אבער איז נאר אן אנדערער נאמען פאר אינערליכע מלחמות, אייביגע טענות און — צופאלונג.

די ארגאניזאציע פון די ארבייטער האט א גרויסע באדייטונג ווען זי ענטוויקעלט, ווען זי פארהאלט ניט די אויפקלערונג, די אמת׳ע אויסבילדונג פון׳ם ארבייטער.

אומוויסענהייט פאראייניגט ניט. די טרייד־יוניאניסטען דארפען וויסען, די פולע באדייטונג, די אלגעמיינע ציעלען פון דער ארבייטער באוועגונג. זיי דארפען פארשטעהן דעם פראגראם פון דער באוועגונג. די ארבייטער באוועגונג איז עפּעס מעהר, אומענדליך גרעסער פון די קליינע לוין־העכערונגען; זי איז מעהר ווי די סטרייקס, וועלכע פיהרען צו די לוין־העכערונגען. טוענדיג אלעס מעגליכעס צו פארבעסערען אוממיטעלבאר זייער לאגע, דארפען זיי שטרעבען צו העכערס, צו דער פאלשטענדיגער אפּשאפונג פון דער היינטיגער ארדנונג.

קארל מארקס זאגט: „די אלגעמיינע טענדענץ פון דער קאפּי־טאליסטישער פּראדוקציאן איז ניט צו העכערען, נאר צו פארקלענערען דעם ארבייטערס לוין, און טרייבען אראפּ ביז׳ן מינימום דעם ווערט פון דער ארבייט. דארף דען דער ארבייטער, ווייל די אלגעמיינע טענ־דענץ איז אזא, אפּזאגען זיך פון יעדען ווידערשטאנד געגען דעם אנפאל פון קאפּיטאל, און אויפהערען צו באנוצען זיך מיט די מעגליכקייטען פון א צייטווייליגער פארבעסערונג פון זיין לאגע? זאלען דאס די אר־בייטער טאן, וועלען זיי אראפּגעשטויסען ווערען צו דער מדרגה פון מיזעראבעלע, אומגליקליכע, נעבעכדיגע ברואים. אפּטרעטענדיג פאר׳ן קאפּיטאל אין טאג־טעגליכען קאמף, וואלטען די ארבייטער זיכער אומפעהיג געווארען צו א ברייטערער באוועגונג“.

מאַרקס האָט שאַרף געזעהן די באַשרענקונגען פון דער טרייד־יוניאָניסטישעס אַרבייט און ער האָט אָנגעצייכענט שוין לאַנג צוריק די ריכטונג וועלכע די באַוועגונג דאַרף אָננעמען. אין דער זעלבער צייט, זאָגט ער, דאַרף דער אַרבייטער קלאַס ניט איבערטרייבען די ענדגילטיגע רעזולטאַטען פון'ם טעגליכען קאַמף. די אַרבייטער דאַרפען ניט פאַרגעסען, אַז מיט דער הילף פון דער יוניאָן באַקעמפען זיי נאָר רעזולטאַטען, ווירקונגען, און ניט די טיפע אורזאַכען, אַז זיי פאַרהאַלטען די באַרג־אַראָפּ טענדענץ. זיי קענען אָבער ניט ענדערען די ריכטונג פון דער טענדענץ, אויב זיי ווענדען אָן האַלבע מיטלען און היילען ניט די קראַנקהייט. זיי דאַרפען זיך דאַריבער ניט באַשריינקען נאָר אויף די דאָזיגע אומפאַרמיידליכע קליינע שלאַכטען, וועלכע ענטשטעהען פון די שטענדיגע אָנפאַלען פון קאַפּיטאַל און ענדערונגען פון פאַרהעלטניסען אויף דעם מאַרק פון אַרבייט און סחורה. זיי דאַרפען פאַרשטעהן, אַז טראָץ די אַלע צרות, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט'ן קאַפּיטאַליזם, באַשאַפט ער דאָך אין דער זעלבער צייט מאַטעריעלע באַדינגונגען און סאָציאַלע פאָרמען, וואָס גילטען פאַר דער סאָציאַלער באַנייאונג פון דער געזעלשאַפט. אָנשטאָט דעם קאָנסערוואַטיווען לאָזונג: אַ עהרליכען טאָג־לוין פאַר אַ עהרליכען טאָג אַרבייט, דאַרפען זיי אויפשרייבען אויף זייער פאָהן דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט: נידער מיט דער לוין־אַרבייט סיסטעם!

„די טרייד־יוניאָנס זיינען גוטע ווידערשטאַנדס־צענטרען אין'ם קאַמף מיט'ן קאַפּיטאַל. שלעכט באַנוצענדיג זיך מיט זייער קראַפט, מאַכען זיי פעהלער, און כאַפּען אָפט מפּלות. אָבער דער גרעסטער, שטענדיגער פעהלער זייערער איז דאָס, וואָס זיי באַגרענעצען זיך מיט'ן טעגליכען גאַרילאַ־קאַמף, אָנשטאָט אויסצונוצען זייערע אָרגאַניזירטע קרעפטען פאַר דער באַפרייאונג פון'ם אַרבייטער קלאַס, פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער היינטיגער געזעלשאַפט".

ריידענדיג אין אַפּריל מאָנאַט 1872 פאַר די „ריטער פון הייליגען קריספּין", האָט ווענדעל פיליפּס, דער באַרימטער אָראַטאָר און ליידענשאַפטליכער פיינד פון יעדער שקלאַפעריי, געזאָגט: „איך באַגרים

די ארבייטער באוועגונג, ווייל אין איהר שעפּ איך מיין איינציגע האפנונג אויף דער צוקונפט פון דעמאָקראַטיע".

וואַנדעל פיליפּס איז געווען גערעכט. ער האָט פאָראויסגעזעהן די צוקונפט. ער האָט געפיהלט, אַז נאָר די ארבייטער באוועגונג קען דעמאָקראַטיזירען אויף אַן אמת די געזעלשאַפט און באפרייען די מענשהייט.

אין דער דערמאָנטער רעדע האָט ער געזאָגט נאָך פאָלגענדע ווער־טער, וואָס יעדער טרייד יוניאָניסט דאַרף שטענדיג געדיינקען: „ווען אייער באוועגונג ניט האָבען די מאַכט, די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע, איז די דעמאָקראַטישע פרייהייט פון אונזערע פאַראייניגטע שטאַטען טויט".

איהר הערט חברים טרייד־יוניאָניסטען, מיר מוזען האָבען אויך די פּאָליטישע מאַכט. די אַלע געשרייען „נאָר ניט קיין פּאָליטיק אין דער יוניאָן", „שלעפּט ניט אריין פּאָליטיק צו אונז", „מאַכט ניט פון דער יוניאָן אַן עק פון דער פּאָליטישער פּאַרטיי", שטאַמען אָדער פון אומוויסענהייט, אָדער אומעהרליכקייט, אָדערביידע צוזאַמען. די ווערטער ווערען איבערגע'חזר'ט פון יעדען קליינעם און גרויסען פּאָ־ליטיקאַן אין לאַנד. דער צוועק איז צו נאַרען און פאַרפיהרען די ארבייטער. די דאַזיגע קנעכט פונ'ם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אַרט אַב־סאָלוט ניט, צו וועט די פּאָליטישע טעטיגקייט שאַדען די יוניאָן אין איהר ארבייט. זיי האָבען אימער מורא, אַז דער ארבייטער קלאַס זאָל זיך ניט באַטייליגען אין פּאָליטישען לעבען אַלס זעלבסטשטענדיגער קלאַס און ניט אויפבויען זיין אייגענע פּאַרטיי. דעריבער טאַקע שפּאָ־רען זיי ניט קיין צייט און אָנשטריינגונג און זעהען אויפצורייצען די יוניאָניסטען געגען דער פּאָליטישער פּאַרטיי פונ'ם ארבייטער קלאַס און וואָרנען זיי געגען דער גרויסער, סאָציאַליסטישער געפאַהר.

וויכטיגער פון אַלץ איז דער יוניאָניסט זאָל טראַכטען זעלבסט־שטענדיג, דאַמאַלס קענען אויף איהם ניט האָבען קיין ווירקונג די פּאָליטישע אונטערשטופּער און משרתים פון קאַפּיטאַל, ניט אין דער ארבייטער־באוועגונג און ניט אויסער איהר.

די יוניאָן איז ניט, און דאַרף ניט זיין, קיין פּאָליטישע מאַשין; זי דאַרף ניט אויסגענוצט ווערען פאַר פּאָליטישע צוועקען. ריידענדיג וועגען דער פּאָליטישער טעטיגקייט פונ׳ם אַרבייטער־קלאַס, ווילען מיר ניט נאָר ניט פאַרוואַנדלען די יוניאָן איז אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, נאָר מיר זיינען שטאַרקע געגנער פון אַזאַ טאַקטיק.

די יוניאָן איז אַן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע, און אַלס אַזעלכע, אַ נויטיגער טייל, אָבער נאָר אַ טייל פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. זי האָט איהר אייגענעם ווירקונגס־קרייז, איהר אייגענע טאַקטיק, און איז באַלעבאַס פאַר זיך, אין איהר עקאָנאָמישער אַרבייט.

אָבער די אַרבייטער באַוועגונג האָט אויך אַ פּאָליטישע זייט, און דער יוניאַניסט מוז באַגרייפען דעם פולען ווערט פון דער פּאָליטישער זייט פון באַוועגונג, ער דאַרף אויך די פּאָליטישע זייט זעהן יוניאַניזירען, ניט ווייניגער פון דער עקאָנאָמישער. דער, וואָס שטימט פאַר אַן אַרבייטער־פיינדליכע פּאַרטיי, איז אַ סטרייק־ברעכער אינ׳ם פּאָליטישען זין. איהר קענט ניט שטעהן אַ גאַנצען יאָהר פאַר אייערע יוניאָן פאָדערונגען, און אינ׳ם וואַהל־טאָג נידערשטימען זיי.

דער טרייד־יוניאַניזם איז אַן אויסדרוק פון דער עקאָנאָמישער מאַכט פונ׳ם אַרבייטער קלאַס, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאַרטרעט זיין פּאָליטישע מאַכט. דער פאַרשטענדיגער טרייד־יוניאַניסט באַנוצט זיך אי מיט דער עקאָנאָמישער, אי מיט דער פּאָליטישער מאַכט אינ׳ם קאַמף מיט׳ן קאַפּיטאַל. איהם איז קלאָר, אַז דער קאַמף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל איז אַ קלאַסען־קאַמף, אַז די אַרבייטער זיינען די גרויסע מאַיאָריטעט און קענען אויספיהרען אַלץ. די צרה איז, וואָס אַ טייל איז אין די יוניאָנס, אַ טייל אויסער זיי, אַ טייל — אין דער פּאָליטישער פּאַרטיי, אַ טייל — אין אַן אַנדערער. די צוטיילונג מאַכט זיי שוואַך. דאַרף מען זיך פאַראייניגען אויפ׳ן יסוד פון אַלגעמיינע קלאַסען־פאָדערונגען און טריי זיין זיי יעדען טאָג פון יאָהר, דעם וואַהל־טאָג אריינגערעכענט. ווער עס פאַרלאָזט די פּאָליטישע פּאַרטיי פון זיין קלאַס, איז אַ פאַררעטער פונ׳ם קלאַס און אַ שונא זיך און זיינע אייגענע.

ביידע צדדים זיינען ארגאניזירט אין דעם קלאסען־קאמף, אבער די קאפיטאליסטען זיינען בעסער און שטארקער ארגאניזירט ווי די ארבייטער. ערשטענס, זיינען די קאפיטאליסטען וועניג אין צאהל, און די ארבייטער צעהלען זיך אין די מיליאנען. צווייטענס, האבען די קאפיטאליסטען אויף זייער זייט די פעהיגסטע און בעסטע קעפ; זיי קענען גוט באצאהלען. די ארבייטער זיינען ארעם און ענדליך זיינען די קאפיטאליסטען די אייגענטימער פון אלע פראדוקציאנס־מיטלען, שטעלען, פאדינסטען; די ארבייטער מוזען אנקומען צו זיי. דאס אלץ גיט ניט נאר א גרויסען פארטייל די קאפיטאליסטען, נאר פאר־זיכערט זיי דעם נצחון אין דער געגענווארט.

די ארבייטער זיינען ארעם און אונוויסענד, זיי זיינען אבער די גרויסע מאיאריטעט; זיי זיינען א מאכט, נאר זיי ווייסען דערפון ניט. דאס וויכטיגסטע איז: געבען זיי דאס באוויאוסטזיין פון זייער קראפט.

דער ארבייטער־קלאס, און נאר ער, טוט די פראדוקטיווע ארבייט, באשאפט דעם מעהר־ווערט, פראדוצירט אלע רייכטימער. די אר־בייטער—ד. ה. די וואס ארבייטען מיט זייערע הענט, אדער מיט זייער מארך, אדער מיט ביידע, — זיי זיינען דער איינציגער עלעמענט פון דער געזעלשאפט, וואס אהן איהם קען זי זיך אבסאלוט ניט באגעהן. דער עלעמענט וועט איבערלעבען אלע אנדערע, ער וועט בלייבען דער זיגער.

ביידע קלאסען שטעהען אנטקעגען איינער דעם אנדערען. אבער די ארבייטער־ארגאניזאציע איז נאך ניט קיין פאלקאמענע, ריכטיגער— דער ארבייטער־קלאס הויבט זיך ערשט אן צו ארגאניזירען. אויפ'ן עקא־נאמישען פעלד האבען די קאפיטאליסטען זייערע פאבריקאנטען־אסאס־יאציעס, בירגעראליאנסען און ענדליך די סיוויק פעדעריישאן. אויפ'ן פאליטישען פעלד זיינען זיי פארטראטען פון די רעפובליקאנער און דעמאקראטישע פארטייען. די רעפובליקאנער פארטיי פארטיידיגט די אינטערעסען פון גרויס־קאפיטאל, די דעמאקראטישע — פון קליין־קאפיטאל, אבער ביידע זיינען קאפיטאליסטיש אין גייסט און ריכטונג,

ביידע זיינען פיינדליך צו ארבייטער. אנטקעגען די דאָזיגע עקאָנאָ־מישע און פּאָליטישע פאַקטאָרען שטעלען די ארבייטער ארויס זייערע יוניאָנס, אַלס זייער עקאָנאָמישע, זייער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אַלס זייער פּאָליטישע פאַרטרעטונג.

די סאָציאַליסטישע ארבייט איז פּאָליטיש פאַר'ן ארבייטער דאָס, וואָס די יוניאָן איז — אינדוסטריעל; די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז די פּאַרטיי פון זיין קלאַס, די יוניאָן איז די פארטרעטערין פון זיין פאַך. די יוניאָן באַשרייינקט זיך מיט די ארבייטער פון איין פאַך אָדער אינדוסטריע; די סאָציאַלסטישע פּאַרטיי נעמט ארום ארבייטער פון אַלע פאַכען. נאָך אַ וויכטיגער אונטערשייד: די יוניאָן וויל פאַר־בעסערען די לעבענס־באַדינגונגען אין דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטי־שער אָרדנונג, און די פּאַרטיי שטרעבט צו עראָבערען די פּאָליטישע מאַכט פון דער נאַציאָן, אָפּשאַפען קאַפּיטאַלים און איבערגעבען די ארבייטער די הערשאַפט. ניט נאָר דאַרפען ניט די פּאַרטיי און די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג קומען אין צוזאַמענשטויס, נאָר פאַר־קעהרט, זיי דאַרפען העלפען איינער דעם אַנדערען. נאָך אַמאָל מוז געזאָגט ווערען, אַז די יוניאָן דאַרף ניט ווערען אַ פּאָליטישע אָרגאַני־זאַציע, און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַ טרייד־יוניאָן. יעדע פון זיי האָט זיך איהרע פונקציעס; יעדע — איהר אייגענע ראָל. די יוניאָן האָט צו טאָן מיט פאַך פּראָבלעמען, די פּאַרטיי — מיט פּאָליטיק. די יוניאָן גרייט צו די ארבייטער צו זייער צוקונפטיגער ראָללע, מאַכט זיי פעהיג צו רעגולירען אויף אַ דעמאָקראַטישען וועג דעם פּראָדוק־ציאָנס־פּראָצעס; די פּאַרטיי רעקרוטירט און לערנט די פּאָליטישע ארמיי, וואָס וועט עראָבערען די פּאָליטישע פעסטונגען פון קאַפּיטאַל, פאַרכאַפּען די רעגירונגס־מאַכט, איבערגעבען זיי דעם ארבייטער־קלאַס, דעם פאָלק.

וועגען די באַציהונגען פון יוניאָן צו פּאַרטיי שרייבט דזשאָרדזש ה. הערראָן שאַרף און קלאָר פאָלגענדעס: „פון איין זייט דאַרף מען געדיינקען, אַז די יוניאָן איז אויפ'ן שלאַכטפעלד, אינ'ם קלאַסענ־קאַמף. די יוניאָן דערלאָזט ניט די ראָד פון קאַפּיטאַליזם צו צוטרעטען ארבייטער־לעבענס; זי רייסט אָפּ פון קאַפּיטאַל אַ טהייל פון מעהר־

ווערט ווען זי קעמפט געגען א הונגער־לוין; זי האט דערוועקט דאס סאלידאריטעטס־געפיהל אינם ארבייטער און שטרעבט צו באפרייען זיי פון דער נארישער, מיזעראבעלער קאנקורענץ, וואס האט זיי גע־מאכט פאר שקלאפען פון קאפיטאל; די יוניאן גרייט צו, און גלייכט אויס דעם וועג צו דער קאאפעראטיווער וועלט. דאס איז אלץ ריכטיג, אבער ניט ווייניגער ריכטיג איז, דאס דער יוניאניזם קען ניט לייזען דאס ארבייטער־פראבלעם, און קען ניט זיין דער ענד־ציעל פונ'ם ארבייטער קאמף. דער יוניאניזם איז א גוטער פארטיידיגונגס־מיטעל אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג, ווערט ארויסגערופען פון איהר, אבער מיר ווילען די גאנצע ארדנונג ניט.

„די ארגאניזירטע ארבייטער האבען אן אינסטינקט, וואס איז העכער פון זייער פארשטאנד, און פון דער לאגיק פון די אלע אינ־טעליגענטען, דרשנים און בטלנים, אן אינסטינקט, וואס זאגט זיי, אז אלע ארבייטער זיינען איין קלאס, און האבען איין שיקזאל, אז זייער קאמף אין פארשידענע לענדער איז נאר פארשידענארטיג אין פארב, אבער דער זעלבער אין זיין היסטארישען זין, אז ס'איז ניטא קיין רעטונג פאר'ן איינצעלנעם ארבייטער אויסער דער באפרייאונג פון אלע ארבייטער פון קאפיטאליזם.

„ווען די ארבייטער ניט פארשטעהן, אז זיי מוזען קעמפען פאר זייערע אוממיטעלבארע אינטערעסען און דערביי זיין אין דער סאציאליסטישער באוועגונג און צוגרייטען אלץ פאר דער קומענדיגער געזעלשאפט, איז אומזיסט זייער קאמף, ער פיהרט צו גארניט און קען ניט שאדען דעם קאפיטאליסטען־קלאס.

„עס איז ניט וויכטיג, אז די יוניאניסטען זאלען טעארעטיש אנערקענען די סאציאליסטישע פרינציפען. אזעלכע רעוואלוציאנען האבען א קליינעם ווערט. דער סאציאליסט דארף זיך אויך ניט חנפ'ע־נען צו די ארגאניזירטע ארבייטער, און ניט מישען זיך אין דער טעכ־נישער זייט פונ'ם יוניאניסטישען קאמף און ארגאניזאציע. בעסער לאזען די יוניאניסטען טאן זייער ארבייט אונטערשטיצענדיג דעם עקאנאמישען קאמף מיט אלע קרעפטען, און פארשטארקענדיג אין דער זעלבער צייט די קראפט פון דער פאליטישער באוועגונג זי זאל ארויס־

רופען די אַכטונג און צוטרוי פון די אַרבייטער. מיר דאַרפען שטרייננג אונטערשיידען די צוויי פאָרמען פון אַרבייטער־קאַמף. די סאָציאַ־ליסטישע באַוועגנג, וואָס שטרעבט צו דער פאָלשטענדיגער באַפרייאונג פונ'ם אַרבייטער־קלאַס איז זיך אַ זאַך פאַר זיך; די טרייד יוניאָניס־טישע באַוועגונג, אַלס קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס געהט ניט אַרויס פון די גרענעצען פון דער היינטיגער אָרדנונג, איז זיך ווידער אַן אַנדער זאַך. ניט מישען זיך אין די אינוועניגסטע אַנגעלעגענהייטען פון די טרייד־יוניאַנס, ניט מאַכען זיי פאַר פּאָליטישע קלובען. נאָר זעהן דאַרפען מיר, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זאָל זיין שטאַרק, האַרמאַניש, אימפּאָנירענד, ווי עס פּאַסט פאַר דער פּאַרטיי פון דער באַפרייאונג פונ'ם אַרבייטער־קלאַס".

## סאָציאַליזם.

אַנדערע לאַכען אָפּ פון סאָציאַליזם. נאַך אַן „'איזם", וואָס האָט אנגעמאַכט אַ טומעל, אַבער — ניט מעהר. צו זיינען זיי אויפריכטיג, ווייסען מיר ניט. אויב יאָ, האָבען מיר רחמנות אויף זיי. אַן אַרבייטער טאָר אַבער ניט ערלויבען זיך ניט צו וויסען, וואָס איז סאָציאַליזם. איך בין טיף איבערצייגט, אַז יעדער איינציגער אַרבייטער מוז ווערען אַ סאָציאַליסט, זאָל מען איהם נאָר געבען צו פאַרשטעהן אין קלאָרע ווערטער דעם תוך פון סאָציאַליזם. און זיינען נאַך די מאַסען אַר־בייטער ניט מיט אונז, איז עס פּשוט דערפאַר, וואָס זיי ווייסען ניט, וואָס מיר ווילען. זיי האָבען געהערט ריידען וועגען סאָציאַליזם אוז אַנאַרכיע, און געוואָלדטאַטען און אַנדערע שרעקליכע זאַכען, או ניט געבענדיג זיך קיין מיה אויסצוגעפינען דעם אמת, באַשליסען זיי בעסער ניט צו מישען זיך. און געהן זייער וועג. טאָג־טעגליך ווערט דערצעהלט, וואָס פאַר אַ שעדליכע זאַך סאָציאַליזם איז. האָט דען ניט דער פּאָ־ליטיקאַן זיין עהרענוואָרט געגעבען, אַז די סאָציאַליסטען זיינען גע־פעהרליכע יונגען, און דער גלח האָט דאַרויף אמן געזאָגט. איז דען דאָס ניט אַ באַווייז, אַז דער סאָציאַליזם איז פאַלש?

ניין, און ווידער אַמאָל ניין. דאָס באַווייזט נאָר איין זאַך, נעמליך, אַז דעם קאַפּיטאַליסט שמעקט סאָציאַליזם גאָר ניט, און אַז

דער צייטונגס־מאן, פאליטיקאן און גלח זיינען ניט מעהר ווי לאקייען פון דעם קאפיטאליסטישען־קלאס, אין איינצעלנע פאלען מעג יעדער איינער פון זיי זיין א גאנץ אויפריכטיגער מאן. מיר ריידען וועגען דעם כלל.

קלאר איז אונזער ענד־ציעל, און אונזער טאקטיק — אהן קאמ־פראמיסען. אפען ערקלערען מיר, אז מיר זיינען געגען דער היינטיגער ארדנונג און ווילען פארוואנדלען די כלומר'שטע רעפובליק אין אן אמת'ע רעפובליק. די סאציאלע רעוואלוציע וועט איבערגעבען דעם גאנצען פאלק די פראדוקציאנס־מיטלען, פארזיכערען יעדען דאס רעכט אויף ארבייט, און דעם גאנצען פראדוקט פון זיין ארביים. די סאצי־אליסטישע ארדנונג וועט זיין א העכערע פארם פון געזעלשאפט, ווי די היינטיגע. דער סאציאליזם זאגט אונז אן, אז א נייע ציוויליזאציע קומט אן.

אין א קאפיטאליסטישער געזעלשאפט איז די באפעלקערונג צו־טיילט אין צוויי וויכטיגסטע קלאסען: קאפיטאליסטען און ארבייטער. די קאפיטאליסטען זיינען די מינאריטעט; די ארבייטער — א מאיא־ריטעט. אבער די קאפיטאליסטען האבען אלע פראדוקציאנס־מיטלען פון לאנד: זייערע זיינען די פאבריקען און געשעפטען, טראמווייען און באהנען, טעלעפאנען און עלעקטרישע סטאנציעס, אלע נאטירליכע און קינסטליכע פראדוקציאנס־דיסטריבוציאנס־און אויסטויש מיטלען. זיי זיינען באלעבאטים פון זאכען און — מענשען. זיי גיבען ארבייט, שטעלען, פארדינסטען, פון זיי זיינען אפהענגיג מיליאנען אלטע און יונגע, איהר און אייער שכן, אייערע גוטע ברידער און פיינד. צו זיי די אייגענטימער, פון אלע פראדוקציאנס־מיטלען, קומען אן אלע, וואס ווילען פראדוצירען און — לעבען.

אמאל איז דאס געווען אנדערש. מיט אייגענע הענט האט דער ארבייטער אין זיין אייגענעם ווארשטאט מיט אייגענעם, ניט קאמ־פליצירטען געצייג געארבייט. אבער דאס איז געווען מיט הונדערט יאהר צוריק; איצט איז פונ'ם האנט־געצייג געווארען א קאלאסאלע מאשין. צו פרעמדע מאשינען זיינען צוגעשטעלט טויזענטער ארביי־

טער, וואָס האָבען הענט, און גאָר קיין אייגענטום, און אַלעס וואָס זיי פּראָדוצירען אויסער׳ן לוין, איז דעם באַלעבאָס׳ס, ניט זייערס.

די אַרבייטער האָבען אייגענטום זיינען שקלאַפען פון די קאַפּי־טאַליסטען־אייגענטימער.

זיי קענען אַרבייטען, לעבען נאָר מיט׳ן ערלויבניש פון דעם קאַ־פּיטאַליסט, ניט אַנדערש. זיי דינען דעם קאַפּיטאַליסט, און ער בוקט זיך פאַר׳ן — פּראָפיט. זיין אַ קאַפּיטאַליסט הייסט יאָגען זיך נאָך — פּראָפיט. דאָס איז דער אָנהויב און סוף פון דער קאַפּיטאַליסטישער חכמה. דער פּראָפיט איז געטליך. העכער פון׳ם אַרבייטער׳ס לעבען, און פרייהייט. פּראָפיט — הייגט, פּראָפיט — מאָרגען. צאָר פּראָפיט הערשט אומ׳רחמנות׳דיג! קען דער קאַפּיטאַליסט עקספּלואַטירען דעם אַרבייטער, ערלויבט ער איהם באַנוצען זיינע מאַשינען; קען ער ניט, הייסט ער איהם בלייבען אין דער היים, פאַרקלאַפּט די טויערען פון פאַבריק, און זיצט און וואַרט. ער קען זיך פאַרגינען צו וואַרטען. בכלל טוט דער קאַפּיטאַליסט ניט קיין ניצליכע אָדער געזעלשאַפטליך־נויטיגע אַרבייט. ער לאַנגווייליגט זיך, אָדער הוליעט, צוקוקענדיג ווי זיינע חברים־פּאַראַזיטען פרעסען אויף איינער דעם אַנדערען אינ׳ם קאָנקורענץ־קאַמף.

די אַרבייטער ברייננגען אריין דעם קאַפּיטאַליסט די רייכטימער און ער איז גנעדיג און גרויסמוטיג גענוג צו ערלויבען זיי צו נעמען זיך ניט מעהר, און ניט ווייניגער פון׳ם לוין, וואָס קען זיי דערהאַלטען ביים לעבען.

איהר קענט ניט אַרבייטען מיט אַ מאַשין, סיידען מען שמירט איהרע רעדער, מען באַנייט איהרע טיילען פון צייט צו צייט. דער אַרבייטער קען ניט טאָן זיין אַרבייט און אויסהאָדעווען קינדער, צו־קונפטיגע אַרבייטער, סיידען ער האָט אַ הויז, עסענוואַרג, קליידונג. דאָס איז דער אויל צו שמירען די רעדער פון דער מענשליכער מאַשין, וואָס רופט זיך אַרבייטער. ס׳זאָל מעגליך זיין צו רעפּראָדוצירען דעם מענשליכען מין. דער לוין פון אַרבייטער, זיינע שכירות איז פונקט דאָס, אין וואָס דער אַרבייטער נויטיגט זיך, אום די מאַשין פון מענשליכער פּראָדוקציאָן זאָל זיין אַרבייטס־פעהיג. ער איז דער לויז־שקלאַף.

מייסטערהאפט באשרייבט דעם ארבייטערס לאגע קארל מארקס איז זיין שניידענד־שארפער שפראך:

„דער פרייער ארבייטער פארקויפט זיך ניט מיט אמאל, נאר ביסלעכווייז. פון טאג צו טאג פארקויפט ער צעהן־צוועלף־פופצעהן שעה לעבען צו דעם מענשען, וואס באצאהלט מעהר, דעם אייגענטימער פון רויה־מאטעריאל און לעבענס־מיטלען. דער ארבייטער איז לויט'ן געזעץ ניט פארשקלאפט צו דער ערד, אדער צום קאפיטאליסט, אבער צעהן־צוועלף־פופצעהן שעה פון זיין טאג לעבען זיינען ניט זיינע, נאר דעם ארבייט־געבער'ס. דער ארבייטער איז א פרייער מענש: ער מעג פארלאזען דעם באלאבאס, ווען נאר זיין הארץ גלוסט; די זעלבע רעכט האט אבער אויך דער באלאבאס; ער שיקט איהם אוועק, ווען ער קען פון איהם ניט מאכען קיין פראפיט, ווי ער וויל. אבער דער ארבייטער, וואס לעבט נאר פון זיין ארבייטס־קראפט קען ניט פארלאזען דעם גאנצען קלאס ארבייטס־געבער, סיידען איהם איז נמאס געווארען דאס לעבען. ער איז ניט קיין אייגענטום פון דעם אדער יענעם קאפיטאליסט, ער איז פארשקלאפט צום גאנצען קאפיטאליסטישען־קלאס. נאך מעהר, ער אליין דארף געהן זוכען זיך אן ארבייטס־געבער, דארף אויסקלייבען דעם בעלן אפצוקויפען זיין ארבייטס־קראפט".

מארקס ערקלערט ווי דעם ארבייטער'ס לוין ווערט באשטימט:

„דער לוין איז דער פרייז פון א באשטימטער סחורה, פון ארבייטס־קראפט. שכירות ווערען באשטימט לויט'ן זעלבען געזעץ, וואס אלע סחורות. אבער דער פרייז פון יעדער סחורה ווערט באשטימט אינ'ם קאנקורענץ־קאמף צווישען קונה און פארקויפער און היינג. אפ פונ'ם פארהעלטניש צווישען אנגעבאטענער און געפאדערטער סחורה.

„אויך דעם ארבייטערס שכירות זיינען אונטערווארפען דעם דאזיגען געזעץ, וואס באשטימט פרייזען; די שכירות פאלען און ווערען העכער לויט'ן פארהעלטניש צווישען דעם אנבאט פון ארבייטס־הענט און דער פאדערונג אויף הענט; אבער טראץ אלע ענדערונגען, איז דער פרייז פון ארבייט אפהענגיג פון איהרע פראדוקציאנס־קאסטען, דאס הייסט פון דער ארבייט, וועלכע איז נויטיג צו פראדוצירען די דאזיגע סחורה, ארבייטס־קראפט. ד ע ר פ ר י י ז פ ו נ ' ם

מענשענ׳ס ארבייט איז אָפּהענגיג פונ׳ם פּרייז פון די נויטיגע לעבענס מיטלען".

דאָס איז קאַפּיטאַליזם. ווער עס רעדט וועגען פרייהייט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, ווייסט ניט, וואָס ער רעדט, אָדער שפּאַסט. די אַרבייטער האָבען ניט קיין ברירה, זיי מוזען אַרבייטען, כדי ניט צו שטאַרבען פון הונגער. זיי פאַרפלייצען דעם אַרבייטס־מאַרק, באַזונדערס אין שלעכטע צייטען, לויפען אַרום פיבעריש, זוכענדיג דעם אַרבייטס־געבער. גליקליך זיינען זיי ווען זיי געפינען איהם. ער דיקטירט די אַרבייטס־באַדינגונגען. זיין וואָרט איז געזעץ. זיי זיינען ניט פריי. זיי מוזען שווייגען, און טאָן, וואָס מען הייסט זיי. זיי דאַרפען קעמפען פאַר פרייהייט, טאָרען ניט אָפּטרעטען; אונטערגעבען זיך איז אַ פערברעכען.

די נאַכט פון דער עקספּלואַטאַטאָרישער אָרדנונג האָט פאַרשפּרייט איר שוואַרץ געוואַנט איבער דער וועלט, און כמעט אַלע טאַפּען אין דער פינסטערניש. ליכטיג מוז ווערען, שוין זעהן מיר די זון, זי שפּרייט איהר שוואַרץ געוואַנט איבער דער וועלט, און כמעט אַלע טאַפּען הענער ליכט. נאָר ניט מורא האָבען, קוקען, האָפען. גערעכט איז שאַרלאַט פערקענס־סטעטסאָן, צורופענדיג אונז:

„מיר מאַכען צו די אויגען, גלויבען סאיז נאָך נאַכט, מיר זאָלען נאָר פאַרשטעהן, דאָס ליכט אַרום אונז זעהן".

די צוקונפט איז אונזערע. דער אַרבייטער־קלאַס ווערט זעהענדיג, קומט צום באַוואוסטזיין פון זיין מאַכט, און אינ׳ם אויפּפלאַקערען פון זיין געדאַנק ברענט דאָס גרויסע, מעכטיגע און דאָך צופאַלענע געביידע פון קאַפּיטאַליזם. עס וועט נאָך דויערען אַ צייט, אַ לאַנגע צייט. אָבער פאַלען וועט עס.

שוין איצט האָט דער שרעק פאַר׳ן קלאַסען באַוואוסטזיין פונ׳ם אַרבייטער צוטרייסעלט די יסודות פון דער רעגירונג און פון דער גאַנצער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע.

דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האָט אָפּגעלעבט זיין צייט, ערפילט זיין מיסיאָן און מוז פאַרשווינדען, ווי די פריהערע אָפּגעלעבטע

געזעלשאפטס־פארמען, אפטרעטען דעם ארט א בעסערע, פאלקאמענער ארדנונג.

די צענטראליזאציע פון קאפיטאל, די קאנצענטראציע פון דער אינדוסטריע, די קאאפעראציע פון ארבייטער אינ׳ם פראדוקציאנס־פראצעס זיינען דער אנהויב פון סוף.

קאנקורענץ איז שוין איצט ניט מעהר דער לעבענס־נערוו פון מסחר. פון קאנקורענץ ווילען ניט מעהר הערען די גרויסע קאפיטאליסטען. זיי זיינען זאט מיט קאנקורענץ, קענען זיך באגעהן אהן איהר. דזשאן ד. ראקפעלער, און זיין פרומער זוהן, און זיינע חברים, די גרויסע העכט, פארשטעהען, אז די צייט פון קאנקורענץ איז פארביי. ע. פון קאנקורענץ צווישען ארבייטער האלטען זיי נאך אלץ שטארק—דאס מאכט די ארבייטס־קראפט ביליג. אבער די קאנקורענץ צווישען באזונדערע צווייגען פונ׳ם קאפיטאליסטישען קלאס, וואס איז געוועזען נויטיג און גוט אין דער פארגאנגענהייט, איז געווארען א שטערונג פאר דער ענטוויקלונג פונ׳ם קאפיטאליזם. שוין דערנעהנטערט זיך די צייט, ווען זי וועט ווערען אן אוממעגליכקייט.

דאס פארפאלקאמען פון דער מאשינעריי און דער וואוקס פון דער פראדוקציאן צווינגען קאפיטאל צו קאנצענטרירען זיך, און דאס ווידער קאנצענטרירט די ארבייטער, און פאראייניגט זיי אין קאלעקטיווער ארבייט.

די קאפיטאליסטען נעמען צוזאמען זייערע פראדוקציאנס־מיטלען, די ארבייטער — זייערע ארגאניזאציאנס־קרעפטען.

דאס סיסטעם, וואס איז געוועזען צוגעפאסט צו די באדערפענישען פון דער געזעלשאפט, טויג איצט ניט, פון א ברכה איז עס געווארען א קללה, קאפיטאליזם שטעהט דער ציוויליזאציע אין וועג און מוז אפגערוימט ווערען.

מיר דערקענען דעם בוים אן זיין פרוכט, און די געזעלשאפטליכע ארדנונג — אן איהרע רעזולטאטען. די פולע פרוכט פון קאפיטאליזם אנטפלעקט זיין אינערע פוילקייט, די ארדנונג האט ניט קיין רעכט אויף לעבען. מהנות וואגאבונדען, גנבים, בעטלער, זעלבסטמערדער, געפאלענע פרויען, אידיאטען — די אפער פון ארעמקייט, קראנקהייט,

משוגעת זיינען לעבעדיגע עדות פון דער פאַרדאַרבענהייט פון דער ארדנונג, און אַלעס, וואָס די געדונגענע פאַרטיידיגער פון קאַפּיטאַל וועלען אונז דערצעהלען ווערט פאַרהילכט פון די אומענדליכע וועהגעשרייען פון די אומגליקליכע און דער גלאָקען־קלאַנג פון דער קומענדיגער גערעכטער אָרדנונג.

די קאַפּיטאַליסטען לעבען אין וואוילטאָג, אין לאַנגוויילע, אין קאָר־רופּציאָן, און שטאַרבענדיג לאָזען זיי איבער די רייכטימער זייערע יורשים, וואָס וועלען טאָן דאָס, וואָס די פּאַטערס האָבען געטאָן.

די ארבייטער מיהען זיך טאָג און נאַכט, אין היץ און אין קעלט און שוויים פון געזיכט. זיפצענדיג און בלוטענדיג, לעבען זיי אָפּ זייער קורצען, שווערען לעבען, וואוינען אין שמוציגע הייזלאך, אין דער ארימער פאַרשטאָדט, אין שכנות מיט פאַרצווייפלונג, הונגער און פאַרברעכען. פון'ם ציטער פון זייערע נערוועז און דער אַנשטרענגונג פון זייערע מוסקולען ווערט לעבעדיג דאָס באַשעפעניש פון שטיין און שטאָל, די גרויזאַמע פאַבריק. און ווערט זי שטיל — געהען זיי ארום אָהן ברויט, אָהן אַ היים. און קומט די אַלטקייט, און נעמט צו ביים ארבייטער די קראַפט, שוואך זיינען געוואָרען די מוסקולען, אומגעלומפּערט — די הענט, לאַנגזאַם — דער טריט, דער קערפּער ציטערט, דאָס אויג זעהט שלעכט, ווערט ער פאַרשטויסען פון זיין ברויט־געבער און צושטויסען פון לעבענס־ראָד, אַפּער פון'ם קאַפּיטאַל, קינדער פון טויט.

די אוראַלטע ציוויליזאַציע, די מיטעלאַלטערליכע, האָבען גע־בליהט, געהערשט אַמאָל — און זיינען פאַרגאַנגען. אונזערע קאַפּי־טאַליסטישע ציוויליזאַציע מוז געהן, ווי אַלע טויטע. די כסדר'דיגע ענטוויקלונג וואַשט זי אָפּ פון דער אויבערפלאַך פון לעבען. די צייט פון אינדיווידועלע ארבייט, פרייער קאָנקורענץ, איינפאַכע געצייג, לאַנגע שעה'ן און אָרעמע רעזולטאַטען איז שוין מעהר ניטאָ, און וועט זיך ניט צוריקקעהרען. די ציוויליזאַציע, וואָס האָט זיך אויפגעבויט אויף דעם דאָזיגען אָפּגעלעבטען עקאָנאָמישען פונדאַמענט, צופאַלט. דער עקאָנאָמישער באַזיס פון דער געזעלשאַפט האַלט אין איין ענדערען

זיך. די ארבייטער ווערען א קלאַס, זיינען אין קאַמף און גרייטען זיך צום לעצטען נצחון.

טריאומפירען די ארבייטער, מוזען די פאָרמען פון פּראָדוקציע און צוטיילונג רעוואָלוציאָנירט ווערען.

אַנשטאַט פּריוואַט אייגענטום און פּראָדוקציע, צוליעב פּראָפיט —סאָציאַלער אייגענטום און פּראַדוקציע פאַר'ן געברויך. אַנשטאַט קאָנ־קורענץ — האַרמאָנישע, קאָלעקטיווע ארבייט.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַן ארבייטער באַוועגונג, זי איז געבוירען געוואָרען אין'ם ארבייטער'ס האַרץ, און ווענדעט זיך צום ארבייטערס האַרץ. זי איז די שטימע פונ'ם ערוואַכטען קלאַס, וואָס רופט צום קאַמף און זיג.

טוט מען א קוק, ווי שטאַרק דער שונא איז באַפעסטיגט, און ווי אומוויסענדע, פאַרשקלאַפט און פאַראָרעמט די ארבייטער זיינען, נעמט אַז א מורא פאַר דער גרויסקייט פון אונזער אויפגאַבע. אָבער וואָס טיפער מיר פאַרשטעהען דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען, אַלץ וועניגער שרעקט אונז אונזער ארבייט. פאַרקעהרט — די גרויסקייט פון די קאָנפליקטען, די אומענדליכע פּערספּעקטיוועז פון צוקונפט, באַגייסטערען די מוטיגע און שטאַרקע, פילסט אַז ביזט ניט אַליין, חברים — מיט דיר אויפ'ן שלאַכטפעלד, זעהסט זיי און — ווערסט שטאַרקער. מיט נייעם ענטוזיאַזם ציטערט דיין לייב אויף פאַר דער מאַיעסטעט פון מענש און ציעל.

דער סאָציאַליסט, וואָס איז אין דער באַוועגונג, לאַכט זיך אויס פון הונגער און פאַרפאָלגונג, פון שפּאָט און בלבולים. אַלעס וועט ער איבערטראָגען און טריי בלייבען דער גרויסער זאַך. איהר האָט ער געאָפּפערט זיך אַן זיינע קרעפטען, ער אַנטלויפט ניט, ער בלייבט.

וואָרום: וואָס איז דעם ארבייטער'ס מצב אין דער קאַפּיטאַ־ליסטישער געזעלשאַפט?

איז ער א בירגער, און אין וועלכען זין?

האָט ער אַ באַגרינדעטען רעכט צו באַהויפּטען, אַז ער איז אַ פרייער מענש?

אַ פרייער מענש! קען ער האָבען ארבייט, ווען דער קאַפּיטאַליסט לאָזט איהם ניט צו צו די מאַשינען?

ער בעט ארבייט, קומט אריין הכנעה'דיג אין אָפיס, מיט אַ קלאַ־פּעדיגער האַרץ. דער סופּעראינטענדענט איז גוט געשטימט, אַגב דאַרף ער ארבייטער, מ'נעמט איהם צו. ווער קען זיך גלייכען צו איהם? אָבער וואָס זאָל ער טאָן, ווען דער סופּעראינטענדענט, אַ צו'כעס'טער אָדער רוהיגער, פּטר'ט איהם אָפּ מיט די פּאָר ווערטער: „ניטאָ קיין ארבייט"?

ער איז אין דער פאַבריק, קומען מוז ער צו דער מינוט. די גלאָק און שומרים זיינען שטרייננ. ער קען ניט באַשטימען די באַדינגונגען פון זיין ארבייט, ער מוז אָפּהיטען דעם באַלאַבאָס'ס אינסטרוקציעס, צי זיי געפעלען איהם, צי ניט. מען פרעגט ניט זיין דעה, ער איז אַ פאַרשקלאַפטער, ער האָט ניט קיין פּערזענליכקייט.

געשלאָסען איז די פאַבריק — מ'איז אויף דער גאַס, און לעבען וויל ער, די קינדער, דאָס ווייב מאָנען. ער האָט ניט קיין ארבייט, קיינע האָפנונג אויף ארבייט. איז ער פריי?

איז אַ ארבייטער — אַ בירגער?

אַ מענש?

ניין, ניין! ער איז אַ לוין־שקלאַף!

אַ גרויסע מאַיאָריטעט ארבייטער האָבען ניט קיין אַנדער אויס־וועג, ווי די פאַבריק, זיי קענען זיך ניט דערהויבען איבער'ן נידעריגען מעמד פון זייער קלאַס. איינציגע — יע, אָבער דער גאַנצער קלאַס איז אונטערדריקט.

און דאַד האָבען מענשען חוצפּה צו וואָרענען און שרעקען די לוין־שקלאַפען, אַז אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג וועלען זיי אַרומ־געהן פּוסט און פּאַס, אָהן לוסט צו ארבייט און אָהן—אינדיווידואַליטעט.

וויל מען אונז איינריידען, אַז אַ שקלאַף, וואָס האָט נאָר דאָס נויטיגסטע צום לעבען און ווערט באַרויבט פון מעהר ווערט, האָט אַ שטאַרקען לוסט צו ארבייט, און איז אַ שאַרף אויסגעדריקטע אינדי־

ווידואליטעט, אבער ווי נאר ער ברעכט די קייטען, באפרייט זיך, ווערט זיין אייגענער באלאבאס, באקומט דעם פולען פראדוקט פון זיין אר־בייט, פארלירט ער פלוצלונג יעדען חשק צו ארבייט, און זיין אינדיווי־דואליטעט, וואס האט זיך אזוי גוט געפיהלט אין קייטען און אין גע־פענגעניש, פארוועלקט אין דער אטמאספערע פון פרייהייט און גלייכ־הייט.

די קאפיטאליסטען און זייערע משרתים, וואס ווילען אונז מיט אזעלכע אומגעלומפערטע נארישקייטען פארדרעהען דעם קאפ, האבען ניט קיין זעהר הויכע מיינונג וועגען דעם ארבייטער׳ס אינטעליגענץ.

אין דער היינטיגער ארדנונג קען קיין רעפארם ניט ברייננען דעם ארבייטער א גרויסען אדער דויערענדען נוצען. דאס גאנצע סיסטעם איז פויל. דאס פריוואט אייגענטום מוז אפגעשאפט ווערען און די ארבייטער מוזען ווערען די באלעבאטים פון די פראדוקציאנס־מיטלען, אבער פריהער דארפען די ארבייטער ארגאניזירען זיך אלס קלאס און נעמען א סיסטעמאטישען אנטייל אינ׳ם פאליטישען לעבען פון לאנד.

וואס פאר א אינטעליגענטער ארבייטער קען זיין געגען דער סאציאליסטישער באוועגונג? וואס פאר א מאטיווען קען ער האבען, וואס פאר א ענטשולדיגונגען?

קיינע, אבסאלוט קיינע! האט אן ארבייטער רעכט צו שטעהן אן א זייט פון דער סאציאליסטישער באוועגונג, איז דאס דער באדויע־רענסווערטער מענש, וואס איז אומוויסענד און האט ניט קיין באגריף פון סאציאליזם. דאס איז אן אומגליק. ער מיינט אבער, אז ער וויים יע, וואס סאציאליזם איז. ער גלויבט מענשען, וואס האבען אן אינ־טערעס צו פארדרעהען דעם אמת. ער איז א רעפובליקאנער, א דעמאָ־קראט — פרעגט איהם בחרם — פארוואס? זיין נאטירליכע פארטיי איז די סאציאליסטישע. פריהער אדער שפעטער וועט ער קומען צו איר.

לאמיר באטראכטען אויף א מינוט די בעסטיאלע ערנידערונגען פון דער פרוי אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. זי איז דעם מאנ׳ס אייגענטום. ער קען טאן מיט איהר וואס ער וויל. זי האט

ניט קיין פּאָליטישע רעכט, און קיין באַדייטונג אין עפּענטליכען לעבען. זי מוז קאָנקורירען מיט דעם מאַן אין פאַבריק און געשעפט און מיט איהר נידריגען מעמד אין דער געזעלשאַפט באַנוצט זיך דער קאַפּיטאַליסט, צאָהלענדיג איהר נאָך קלענערע שכירות, ווי דעם מאַן־שקלאַף, וואָס אַרבייט צוזאַמען מיט איהר.

אַן עקאָנאָמיש אָפּהענגיגער מענש, מוז זי אָפּפערען די איינגעבוירענע אומשולד, די פיינקייט און עדעלקייט פון איהר נאַטור, און הייראַטען אַ מאַן, וועלכען זי האָט ניט ליעב. די שיידונגס־געריכטען און דאָס הויז פון שאַנדע דערצעהלען גענוי די געשיכטע פון דער קאָרומפּירענדער ווירקונג פון׳ם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם אויף דער פרוי.

אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט די פרוי זיין דעם מאַנ׳ס גלייכען. אַלע וועגען וועלען זיין אָפען פאַר איהר. זי וועט זיין אויף איהר אָרט, טריי זיך, און פונ׳ם זומפּ פון קנעכטשאַפט וועט זי זיך דערהויבען צו דער ווירדע פון אמת׳ער ווייבליכקייט.

אין דער אַטמאָספערע פון עקאָנאָמישער פרייהייט, האָבענדיג די מעגליכקייט זיך אַליין צו פאַרזאָרגען, וועט די פרוי ניט מעהר זיין אַן אָפּפער פון מעגליכער גרויזאַמקייט און אומגערעכטיגקייט. זי וועט ניט ערלויבען צו דעגראַדירען זיך, זי וועט ווערען פריי.

ניט ווייניגער פון דער פרוי איז פאַרשקלאַפט דאָס קינד. דער פאָטער איז אַן אָרעמער אַרבייטער, קען ניט געבען קיין העכערע בילדונג דעם זוהן. ווערט ער אַביסעל עלטער, מוז ער געהן אין פאַבריק. זעהט מען די מוטער מיט אַ קינד ביי דער האַנט אַרומגעהענדיג איבער׳ן שטאָדט, זוכענדיג אַ בעלן אויף זיינע נאָך ניט ענטוויקעלטע אַרבייטס־קראַפט, ווערט צובראָכען דאָס האַרץ. און נאָך אַלעמען, דער וואָס האָט עס ניט איבערגעלעבט, ווייס ניט, וואָס דאָס איז.

מיט ליעבע קוקט די מוטער אויפ׳ן זוהן. ער איז דערשראָקען, עפּעס בעט ער זיך ביי איהר בעת זי לויבט איהם אויס, זיין שטאַרקייט, אַרבייטס־פעהיגקייט. דער אונטערנעמער באַטראַכט איהם פון קאָפּ ביז די פיס, און הייסט איהם קומען אין אַ וואָך אַרום — איבעריגענס צווייפעלט ער, צי דאָס אינגעל וועט טויגען פאַר איהם.

וואס ווערט פונ׳ם אינגעל? ער איז שוין א דערוואקסענער. די מוטער האט שוין מעהר קיין צרות ניט פון איהם — זי שלאפט דעם אייביגען שלאף, און ער — דער אינגעל, איז מיט גליק א פאבריק־האנט געווארען. א האנט, איהר הערט! ער באקומט א דאלאר — אנדערהאלבען דאלאר א טאג, דאס איז זיין אידעאל!

ער איז אן אייביגער געפאנגענער פון סיסטעם — קיינער וועט ניט פארקירצען דעם טערמין פון זיין קאטארגע, קיינער וועט איהם ניט באגנאדיגען. ווייב, קינדער, היים זיינען ניט פאר איהם. וואס ווייס ער פון גליק און פרייד? ער איז א האנט, א פאבריק־האנט!

האט ער א נשמה אויך? נשמה דארף דער קאפיטאליסט ניט. קען מען פון נשמות אויספרעסען פראפיט? דעם ארבייטער׳ס האנט דער מענש־האנט איז א ברכה פאר׳ן קאפיטאליסט.

ווער דאגה׳ט פאר דיין הארץ, קאפ, נשמה, דו, פאבריק־האנט!

טויזענט הענט — און איין קאפ; דעם ארבייטער׳ס הענט, דעם קאפיטאליסט׳ס קאפ. זיי — דער טויטער מאכאניזם; ער — ווילען און גייסט! זיי — די שקלאפען, ער — קעניג און העלד!

טויזענט שטומע באשעפענישען אין מענשען געשטאלט — אלע זיין אייגענטום!

א ברוטאלע ארדנונג — זי מוז פארניכטעט ווערען. די מענשליכע ראסע איז געבוירען צו עפעס העכערעס. איהר איז ניט באשערט צו דעגענערירען.

די טויזענט הענט האבען זיך א ריהר געטאן, קלארער געווארען די קעפ, די הערצער קלאפען אין טאקט מיט׳ן העלען קאפ און קרעפטיגער האנט, און טויזענט נשמות, כאטש צובראכענע און צוטראטענע, ברענען מיט ליעבע צו די ברידער און האס צו דער ארדנונג, און וועלען ניט רוהען ביז אויסגעלייזט וועט ווערען די מענשהייט.

מיר פאדערען א רעכט אויף לעבען, גלייכע רעכט. לייקענט עס ווער, איז ער א טיראן, און דער גלייכגילטיגער איז א שקלאף, און ווער עס פאדערט ניט קיין רעכט איז טויט.

מיר פאָדערען אַלעמען זאָלען געהערען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, קאָלעקטיוו, געזעלשאַפטליך זאָל זיין די אַרבייט, אָרגאַניזירט די פּראָדוקציאָן, אָפּגעשאַפט — עקספּלואַטאַציע. אַ וואָרע מאַכט דער אמת׳ער רעפּובליק, דער גרויסער צייט, דער ערליכער קולטור פון מאָרגען !

נידער מיט׳ן קלאַסען־קאַמף, נידער מיט אומוויסענהייט און פאַרברעכען, אָרעמקייט און שאַנד, גרויזאַמקייט און זינד — זאָל לעבען די פרייהייט, די צוקונפטס־אָרדנונג, דער פריהמאָרגען פון ברידערליכקייט, דער געבורט פונ׳ם פרייען און שטאָלצען מענש !

מר. ווס. פאסטער,
1113 וו. וואשינגטאן בולוואַרד,
שיקאגא, איל.

טייערער גענאסע פאסטער:

אייער בריף פון דעם 15טען פון דעם מאנאט האב איך ערהאלטען און האב איהם אויפמערקזאם געלייענט און נאכגעטראכט וועגען איהם. איך מוז אייך זאגען, אז איך קאן ניט פארשטעהן פארוואס איהר זאלט באטראכטען מיין עפענטליכע ערקלערונג וועגען דער ערשט אפגע־האלטענער קאנווענשאן אין קליוולאנד אלס אן „ערשטוינענדען דא־קומענט“, אדער פאר וואס איהר קומט צום שלוס דאס ער וועט זיין א גרויסע איבערראשונג פאר טויזענדער ארבייטער. איך וויים, נאטיר־ליך, אז איהר האט זעהר א שלעכטע מיינונג וועגען דער סאציאליס־טישער פארטיי, — „פונקט אזא מיינונג ווי איך האב וועגען דער קאמוניסטישער פארטיי“, — און איך קען זעהר גוט פאַשטעהן פארוואס אייך וואלט זיך בעסער געוואלט, אז די סאציאליסטישע פארטיי זאל האבען געענדיגט איהר קאריערע אין קליוולאנד און אראפ פון דער סצענע, אדער פארבליבען אפגעשניטען און מאכען אזא לע־כערליכען איינדרוק ווי די קאמוניסטישע פארטיי וועט עס מאכען אין היינטיגען קאמפיין.

עס קומט אוים אביסעל מערקווירדיג, אז מיין אונטערשטיצונג פון לאפאלעט'ן אונטער די אומשטענדען זאל פאר אייך זיין „ערשטוי־נענד“ און „איבערראשענד“, נאכדעם ווי די סט. פאולער קאנווענשאן האט געהאט בדעה צו טאן דאס זעלבע — די קאנווענשאן וועלכע איז געווען פאלשטענדיג דאמינירט פון די קאמוניסטען, איינשליסענדיג מאהאני'ן און רוטענבערג'ן. די סט. פאולער קאנווענשאן האט דאך נאר געווארט אויף א געלעגענהייט צו אינדארסירען לאפאלעט'ס קאנ־דידאטור, און טאקע דערפאר איז דאנקען מעקדאנאלד נאמינירט גע־ווארען אלס „קאנדישיאנאל“ קאנדידאט; און ווען לאפאלעט וואלט

ניט געווען ארויסגעקומען אין דער עפענטליכקייט און פארדאמען די קאמוניסטען, מיט זייערע שעהנע דרכים און גענג, און זיך אויס־דריקליך אפגעזאגען פון זייער אונטערשטיצונג, וואלט איהר דאך איהם זיכער אינדארסירט.

לויט ווי די צייטונגען גיבען איבער, האט מאהאני זייט דאן ער־קלעהרט, דאס ער איז פארראטען געווארען פון די קאמוניסטען, און אז דער רעזולטאט פון זייער פארראט וועט זיין א שפאלטונג אין די רייהען, אויב ניט די צופאלונג, פון דער פארמער־לייבאר פארטיי אין מינעסאטא.

עס קאן זיין, אז איהר זייט גערעכט אין אייער קריטיק איבער מיין שטעלונג און איך בין אפשר אומגערעכט, ווי איך בין דאס ניט איינמאל פריהער געווען. ניט האבענדיג קיין וואטיקאן אין מאסקווע, וואס זאל מיר ווייזען דעם וועג, מוז איך נאכגעהן מיין אייגענעם שכל. און דאס האב איך טאקי געטאן אין דעם איצטיגען פאל, ווי איך האב עס אימער געטאן אין דער פארגאנגענהייט. און איך האב קיינמאל אין דער פארגאנגענהייט, און אויך איצט, ניט מורא פאר די רעזולטאטען פון מיינע האנדלונגען.

די מיטגלידער פון דער סאציאליסטישער פארטיי, ווי ווייט איך וויים, זיינען פאלשטענדיג צופרידען מיט דער שטעלונג וואס איך האב עס אימער געטאן אין דער פארגאנגענהייט. און איך האב קאנווענשאן, און איך זעה ניט קיין שום אורזאכע פארוואס איך זאל געבען אן ערקלעהרונג אדער זיך פארענטפערען פאר די קאמוניסטען, אדער פארוואס זייער מיינונג וועגען מיינע האנדלונגען זאל מיך ארען אויף דאס מינדעסטע.

מיט דער העפליכקייט צו אייך פערזענליך, בלייב איך,

ברידערליך אייער,

יודזשין וו. דעבס.

# די געפּייניגטע אַפּאָסטאָלען פון אַרבייט

מיט וויפיעל גרויסע אויפטוען איז באַלויכטען דער נייַנצעהנטער יאָהרהונדערט און ווי וואונדערבאַר און אומגלויביג האָבען פּראָגרעסירט אַלע מענשליכע אונטערנעמונגען! דורך דעם כישוף פון דער מאַשין, וואָס דער שאַפענדער גייסט פונ'ם מענשען האָט ערפונדען, זיינע אונצעהליגע רייכטימער באַשאַפען געוואָרען. דאָך האָבען די אַלע רייכטימער, אַנשטאָט צו זיין אַ ברכה פאַר דער מענשליכער ראַסע, גאַר געדינט אַלס מיטעל צו פאַרשקלאַפען זי. די רייכטימער זיינען אַריינגעפאַלען אין די הענט פון איינצעלנע אין דער צייט, בעת דעם פאָלק האָט מען ערלויבט בלויז ווי־ניט־איז דורכצושטופען זיין עלענדע עקזיסטענץ.

איניגע האָבען אָבער געהאַט דעם מוט צו פּראָטעסטירען. צווינגען זיי צו שטימען אום די שקלאַפעריי זאָל קענען אָנהאַלטען איז געווען דער ענטפער פון גרויס־קאַפּיטאַל אויף דעם פּראָטעסט פון די וואָס האָבען געוואָגט. און די טרייע משרתים פון קאַפּיטאַל — די פּרעסע און די קירך האָבען זיך שנעל געשטעלט צום דינסט אויף דעם באַפעהל פון אויבען. אַלע כחות פון דער געזעלשאַפט זיינען געווענדעט געוואָרען געגען די פּיאָנערען פון אינדוסטריעלער פרייהייט, געגען די מוטיגע פאַרטיידיגער פון דער אונטערדריקטער מענשהייט. דאָס גרויסע פאַרברעכען פון דעם יאָהרהונדערט איז באַגאַנגען געוואָרען.

אַלבערט ר. פּאַרסאָנס, אויגוסט שפּיז, דזאָרדזש ענגעל, אַדאָלף פישער, לואיס לינג, סעמיועל פילדען, מיטשעל שוואַב און אָסקאַר ניבע האָבען באַצאָהלט די גרויזאַמע שטראָף אין געפענגעניש און אויף דער תליה.

זיי זיינען געווען די ערשטע מאַרטירער פאַר אינדוסטריעלער פרייהייט און איינע פון די הויפּט־פליכטען פון אונזער ציוויליזאַציע, אויב מיר ריהמען זיך מיט רעכט, אַז מיר זיינען מעהר ניט קיין ווילדע,

איז צו באפרייען זייערע נעמען פון די בלבולים און פארלוימדונגען און טאן גערעכטיגקייט צו זייער אנדיינקונג.

עס איז קיינמאל ניט באוויזען געווארען, אז זיי זיינען באגאנגען די פארברעכענס אין וועלכע מען האט זיי באשולדיגט. דער פראצעס וואס האט זיך געענדיגט מיט זייער פאראורטיילונג, איז ניט נאר געווען א שאנדע פון יעדען געריכטליכען שטאנדפונקט, נאר עס איז געווען א שמוציגער, שווארצער, אייביגער שאנד־פלעק אויף דער נאציאן.

דאס איז געווען א פראצעס ארגאניזירט און געפיהרט ניט צו משפט'ן, נאר צו פאראורטיילען, דאס איז געווען א קאנספיראציע צו אומברייגנען אומשולדיגע מענשען און קיין זאך וועט דעם פראצעס ניט רעכטפערטיגען, ניט ריינוואשען.

דאס איז געווען א טייוועלשע קאנספיראציע זיך נוקם צו זיין אן שוצלאזע מענשען. ניט קענענדיג זיי פאר'משפט'ן פאר א פאר־ברעכען, וועלכע זיי זיינען ניט באגאנגען, האט מען זיי פאראורטיילט פאר'ן באנוצען זיך מיט דעם פונדאמענטאלען רעכט פון יעדען אמע־ריקאנער אויף רעדע־פרייהייט. פארשטעהט זיך דערפאר, וואס זיי האבען זיך מיט דעם רעכט באנוצט אין די אינטערעסען פון די אר־ בייטענדע און ליידענדע מאסען. זיי זיינען די ערשטע מארטירער פאר א אידעאל, וואס איז פרוכטבאר געווארען דורך זייער בלוט. און פון יענעם טאג אן, אין וועלכען זיי האבען אוועקגעגעבען זייער לעבען און פרייהייט פאר זייער פארטיידיגונג — ווערט ער אלץ שטאר־קער און איינפלוסרייכער.

וואס מעהר יאהרען עס געהען אוועק און די געשיכטע פון דעם שענדליכען פראצעס ווערט געלעזען און געפארשט פון דיינקענדע מענשען, וואס זיינען פריי פון פאראורטיילען און גיבען דעם שכל די אויבערהאנד, אלץ פעסטער ווערט די איבערצייגונג, אז דער היינטי־גער דור פון ארבייטער, דארף אויפשטעלען א דויערענדען מאנומענט פאר די מענער, וואס האבען געהאט דעם מוט צו פאדאמען און באַ־ קעמפען די לוין־שקלאפעריי און זוכען וועגען פון באפרייאונג.

די גערייכטליך־ערמאָרדעטע מענער האָבען געהאַט א טיעפען איינבליק אין דער צוקונפט. זיי האָבען פאָראויס געזעהן די נעבעל־האַפטע און באַהאַלטענע שאַטענס פון די קומענדע געשעהענישען. ניט צו פריה, ניט צו קרעפטיג, ניט צו שרייאיג זיינען געוועזען זייערע וואָרענדע ווערטער — ווייל שוין אין יאָהר 1886, ווען די היימאַרקעט פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען, האָט שוין דער קאַפּי־טאַליזם געהאַלטען דעם ארבייטער־קלאַס ביים גאַרגעל און געגרייט זיך צו פאַרציהען זיינע קייטען איבער די פיס פון די מאַסען.

אפילו דאַמאַלס איז שוין געהאַנגען איבער׳ן לאַנד די ארבייטס־לאָזיגקייט, די אָרעמקייט. אונציכטיגקייט האָט זיך איינגעגעסען אין דעם לייב פון די גרויסע שטעדט. מענשען ווי סקעלעטען, מיט אויס־געלאָשענע אויגען און בלאַסע פּנים׳ער — סמנים פון אַנקומענדען הונגער־טויט, — אַלץ האָט אָנגעוויזען אויף דער שרעקליכער פאַר־צעהרונגס און פאַרניכטונגס־ארבייט פון דער פּלוטאָקראַטישער מאַשין.

די דאָזיגע מענשען, וועלכע זיינען פאַר׳משפּט געוואָרען צום טויט לויט׳ן אורטייל פון א דזשורי, האָב איך געזאָגט, זיינען געזעצליך ערמאָרדעט געוואָרען. ניט בלויז דערפאַר ווייל די דזשורי איז אַזוי צוגעקליבען געוואָרען, אַז זי זאָל זיי פאַראורטיילען; אויך ניט בלויז דערפאַר, וואָס זייער שולד איז קיינמאָל ניט באַוויזען געוואָרען, און אויך ניט בלויז דערפאַר וואָס זיי זיינען גע׳משפּט געוואָרען פאַר אַן אונעהרליכען און בלוטדורשטיגען ריכטער. ניין, די מערדעריי פון דעם אורטייל באַשטעהט דעריין, וואָס מען האָט די מענשען פאַראורטיילט נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען אין עפענטליכע רעדעס ערקלערט, אַז דער מענש, וואָס צווינגט זיינע מיט־בירגער צו לעבען אין באַדינגונגען, וואָס זיינען ערגער פון טויט — איז אַליין ניט ווערט צו לעבען.

אין אַלע לענדער און אין אַלע דורות, האָבען די קרבנות פון אומ־רעכט געבויגען אין דרייען זייערע קערפּערס אונטער דער שווערער משא, וואָס זייערע ארבייטס־געבער האָבען אויף זיי אַרויפגעלייגט; אומעטום האָבען זיי אויפגעהויבען זייערע בליקען צו די שטערען, אין דער האָפנונג צו געפינען כאָטש א שטראַל פון ערלייזונג; מיליאָנען מאָל זיינען קללות געמורמעלט געוואָרען און וועלען געמורמעלט ווערען

ביז דער טאָג פון באַפרייאונג פון די וואָס אַרבייטען וועט קומען. ביז דער טאג פון באַפרייאונג וועט קומען דורך דער זעלבסט אָפּפּערונג פון די, וואָס, פּונקט ווי די שיקאַגאָ'ער מאַרטירער, וועלען האָבען דעם מוט פון פּאַרקעמפּער און דעם גייסט פון געצען־ברעכער און דעם מוט צו קעמפען דעם קאַמף פון די אונטערדריקטע אין נאָמען פון גאָט פון נקמה, און פון דער פאַרגוואַלדיגטער מענשהייט, אום צו באַפרייען אונזער ציוויליזאַציע פון דעם גיהנם'שען צושטאַנד אין וועלכען זי געפינט זיך.

און דער קאַמף פאַר גערעכטיגקייט האַלט אָן און די שלאַכט־פעלדער זיינען פאַרדעקט מיט געפאַלענע; די מוטער־ערד טרינקט זייער בלוט; די שטיינער שרייען געגען דער אומגערעכטיגקייט, וואָס מענשען באַגעהען געגען מענשען. ניין, געגען פרויען און קינדער, וואָס פּלאַגען זיך און געהען אויס אין די פינסטערע הינטער־צימערען און אין אַלטע נאַסע קעלערס און בוידימער; אַ שערקליכע אָנקלאַגע און אורטייל אויף אונזער ציוויליזאַציע, אויף אונזער געזעץ קומט פון דעם סאַמע פונדאַמענט פון אונזער געזעלשאַפטליכקייט; די יאָ־מערען פון פאַרצווייפלונג מאַכען צו חוזק און שפּאָט די באַהויפּטונג, אַז די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען פאַר פרייד און פאַר גליק; זי איז ניט מעהר ווי אַ גיהנם, וואוהין געלטגייציגע טייוואָלים שלעפּען טיף אַרונטער זייערע קרבנות אין תהום פון פאַרצווייפלונג און האָפנונגס־לאָזיגקייט.

די מענשען, וואָס זיינען געזעצליך ערמאָרדעט געוואָרען אין 1887 אין שיקאַגאָ אין דעם נאָמען פון שטאַט אילינאָי, זיינען געוועזען די פאַראויסזאָגער פון בעסערע צייטען. מען האָט זיי גערופען אַנאַר־כיסטען, זיי זיינען ניט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכען אָדער געהאַנדלעט אומגעזעצליך. זיי האָבען פּראָטעסטירט געגען דער ברוּ־טאַלער אַדמיניסטראַציע. זיי זיינען געשטאַנען צווישען די אונטער־דריקער און אונטערדריקטע און האָבען געוואָגט אין אַ "פרייע" לאַנד צו באַנוצען זיך מיט דעם געזעטליכען רעכט פון רעדע־פרייהייט. און די געריכט־פּראָטאָקאָלען פון זייער פּראָצעס, וואָס וועלען פאַרבלייבען אויף אייביג דער זכר פון בזיון, באַשטעטיגען אָט דעם ביטערען אמת.

איך וואָלט באַפרייט זייערע נעמען פון פאַרלוימדונגען. די פאַר־לוימדער פון די טויטע זיינען די פייניגער פון די לעבעדיגע. איך וואָלט, ווען איך וואָלט געקאָנט, זיי געשטעלט אויף זייער ריכטיגען פּלאַץ פון נביאים, די ברייגנער פון גוטע בשורות צו זייערע ברידער, וואָס שמאַכטען נאָך דער ערלייזונג. איך וואָלט זיי באַפרייט, די הייליגע לוחות פון גערעכטיגקייט פון דער פאַרשוועררונג וואָס די קאַ־פּיטאַליסטישע פעלשער האָבען זיי פאַרשאַפט, פון דעם אָפּשטויסענדען אָפּגרונד פון געמיינהייט און היפּאָקריטסטוואָ, וואוהין די דינער פון גאָלדענעם קאַלב האָבען זיי פאַרוואָרפען.

אַ, איך וואָלט זיי אַרויסגענומען, ווען איך וואָלט געקענט, פון זייער פרידליכען דרעמעל אין זייערע מאַרטירער קברים, איך וואָלט גליעד נאָך גליעד צונויפגעשטעלט זייערע צוריסענע קערפּערס, איך וואָלט געמאַכט די תליה פאַר דעם סימבאָל פון דערלייזונג, — איך וואָלט באַהעפט זייער פליישׁ מיט זייערע סקעלעטען; איך וואָלט ווידער געמאַכט, אַז זייערע אויגען זאָלען גלאַנצען מיט פאַראַכטונג צו די שונאים פון דער מענשהייט, און זייערע צינגער זאָלען שאַרפער ווי אַלע רעדנער פון דער וועלט זאָגען דעם אמת צו אַ ווידערשפּרעכ־ליכער וועלט. ליידער, קען דאָס ניט געטאָן ווערען, אָבער עפּעס קען יא געטאָן ווערען. דער שאַנד־פלעק, וואָס אַ סקאַנדאַליעזער פּראָצעס האָט אַרויפגעלייגט אויף זייערע נעמען, קאָן אויף שטענדיג אַראָפּ־גענומען ווערען און זייערע נעמען קען געמאַכט ווערען זאָלען שיינען מיט הערליכען רוהם אויף די בלעטער פון דער געשיכטע.

עס וועט קומען אַ צייט, ווען די פּאַרקען פון שיקאַגאָ וועלען זיין באַצירט מיט זייערע סטאַטוען און מענער און פרויען און קינדער וועלען מיט עהרפורכט אַנווייזען אויף יענע מאָנומענטען אַלס באַשטעטיגונג פון אַנערקענונג און דאַנק. און ביז יענע צייט וועט קומען, זאָל עהרע אָפּגעגעבען ווערען צו יענע מענער, וואָס האָבען געוואַגט צו זיין אויפ־ריכטיג צו דער מענשהייט און באַצאָהלט מיט זייערע לעבענס פאַר זייער העלדישקייט. דעם ערשטען שריט אין דער פאַראייביגונג פון זייערע טוגענדען דאַרפען טאָן די, וואָס זיינען פעהיג צו באַציהען זיך מיט עהרע צו די מענער, וואָס זיינען געגאַנגען צו דער תליה אום

אנדערע זאלען קענען לעבען פריי.

דאס זיינען געווען מענשען, וואס פונקט ווי אל־האסאן, דער אונטערהאלטער פון קעניג, וואס האט זיך געלאזט זוכען נייעס פון לוסט און פרייד צו דערפרעהען דאס אויער פון זיין האר, אבער האט זיך אומגעקעהרט ענטוישט און שטאט פרייד און לוסט האט ער גע־בראכט סצענעס, וואס טריקענען אויס אלע קוואלען פון פרייד. אנ־ריהרענדיג די גאלדענע סטרונעס פון זיין הארף, האט אל־האסאן גע־זונגען צום קעניג דאס, וואס פארסאנס, שפיז, ענגעל, פיעלדען, פישער לינג, שוואב און ניבע האבען פראקלאמירט צום פאלק:

„א קעניג, אויף דיין ווילען
בין איך געגאנגען אין דער וועלט פון מענשען
און ערנסט האב איך דארט געזוכט אלץ וואס איך וואלט
געקאנט פארוועבען אין די פרעהליך־לייכטע ליעדער,
כ׳האב דאס געפונען, האר. וואלט איך פארמאגט די קונסט,
צו אויפנעהמען די אויסוועניגסטע שעהנקייט!
כ׳האב ניט געזעהען מעהר. ניט פארמאגענדיג די קונסט,
האב איך געבליקט ארונטער — און כ׳האב זינגען ניט געקאנט:
אין הייהלען עלענדערע ווי דעם שאקאל׳ס צי דעם וואלף׳ס,
צונויפגעשפארט, דארט זיינען אומגעקראכען
די בלינדע מאסען פון דער מענשהייט. מענש!
אונטער דעם קנאפעל אייזערנעם צודריקט,
איז ענדליך גאט אין איהם געווען פארטריבען,
און דאס נאר, וואס ער טיילט מיט ווילדע טיערען,
האט אויפוואקסען געקאנט אין איהם“.

אט אזוינע שוידערליכע בילדער האבען אונזערע מארטירער גע־זעהן אין שיקאגא, ווי אנדערע האבען זיי געזעהן אין די איבעריגע גרויסע שטעדט פון לאנד. אבער, ווי דער נאבעלער פאעט־זינגער האבען זיי פארטגעזעצט צו דערצעהלען וועגען זייערע ענטדעקונגען און צו־זאמען מיט איהם געזיפצט:

„און כ׳האב אין יענער וועלט
געזעהן, ווי ס׳האט די שעהנע בלום פון מוטערשאפט

אומזיסט געזוכט צו עפענען איהרע בלעטלאך.
און קינדהייט'ס צאַרטע קנאָספּ צוטראָטען און צודריקט
געלעגען איז אין שמוץ, וואָס ווילדע טיערען וואָלטען
אויך אויסגעמידען. כ'האָב געזעהן: פאַר גאָלד
האָט מען פאַרקויפט די אונשולד; מוטערשאַפט איז
צו שפּאָט געווען.
איך האָב געזעהן די פרוכט פון אַרבייט
פון איהרע הענט אַרויסגעריסען, אום נאָך פולער
די אָנגעפילטע געלד־קופערטס צו מאַכען, ווען
מוטער און קינד פון הונגער זיינען אויסגעגאַנגען.
איך האָב געזעהן דאָרט שאַנד און אומרעכט בליהען. כ'האָב געזעהן
די אומריינע, די גיעריגע, געמיינע
דורך געלד און שווינדעל זיך צו מאַכט דערהויבען,
זיי האָבען דאַן געטריבען אָהן רחמנות
מיט בייטשען שאַרפע יענע נאַקעטע מאַסען,
וואָס זיי האָבען באַרויבט צוערשט און דאַן פאַרשקלאַפט".

דאס זיינען געווען די סצענעס, וואָס די שיקאַגער מאַרטירער האבען בייגעוואוינט און וועלכע מען קען נאָך איצט זעהן, און וויל זיי האבען געגען זיי פּראָטעסטירט זיינען זיי געזעצליך ערמאָרדעט געוואָרען.

עס איז געווען גאַנץ פאַרשטענדליך, וואָס דאָס הארץ פון די מאַרטירער האָט זיך צוזאַמענגעוואַקסען אין איינעם מיט'ן יאָמערענדען און קרעכצענדען הארץ פון די אונטערדריקטע; עס איז געווען גאַנץ פאַרשטענדליך, אַז די נערווען פון די מאַרטירער זיינען געווען אָנגעשטריינגט און האָבען געציטערט אין איינעם מיט דעם ציטער פון טויטליכען פּיין; עס איז געווען גאַנץ פאַרשטענדליך, אַז זיי זאָלען רחמנות האבען, פאַרטיידיגען און פּראָטעסטירען. עס איז אבער געווען גאַנץ אומפאַרשטענדליך אַז פאַר דער אָפענער ליכט פון אונזער הויבער ציוויליזאַציע זאָל אַ פאַרדאַמונגס־ווערטע געריכטליכע פאַרשווערונג קענען געלינגען און דורכפיהרען דעם אומפאַרשעמטען מאָרד אין נאָמען און אין איינקלאַנג מיט'ן בוכשטאַב פונ'ם געזעץ.

# מאַרטין איראַנס

עס איז געווען אין 1886, ווען מאַרטין איראַנס, פּאַרזיצענדער פון די „נייטס אָוו לייבאָר" פון דער זיד־וועסט באַהן־ליניע, וואָס אונטער דער קאָנטראָל פון די גולדס, האָט זיך געשטעלט אין קאַמף געגען דער קאַפּיטאַליסטישער טיראַניי. פון דער שעה אָן איז ער שוין געווען אַ פאַר׳משפּט׳ער. אַלע כחות פון קאַפּיטאַליזם האָבען זיך פאַראייניגט איהם אומצוברייננען און ווען ער איז געפאַלען אין זיין קאַמף געגען די אומגערעכטיגקייטען, איז ער געטריבען געוואָרען פון אָרט צו אָרט ביז ער איז געבליבען אָפּגעריסען און צובראָכען און אין די אייזערנע נעגעל פונ׳ם הונגער.

פערצעהן יאָהר נאָכאַנאַנד האָט ער געקעמפט אַליין געגען די אכזריות׳דיגע פאַרפאָלגונגען. אונטער פאַרשטעלטע נעמען האָט ער געוואַנדערט צווישען פרעמדע מענשען און געזוכט צו פאַרדינען זיין שטיקעל ברויט, אָבער ווי אַ ווילדע חיה איז ער פון אומעטום געטריבען געוואָרען. פאַר איהם איז קיין רחמנות ניט געווען. ער האָט זיך גע־שטעלט צווישען זיין קלאַס און זייערע אונטערדריקער — ער איז געווען בראַוו און ניט געוואָלט זיך אונטערגעבען; ער איז געווען עהרליך און ניט געוואָלט זיך פאַרקויפען; דאָס איז געווען זיין פאַר־ברעכען, פאַר וועלכען ער איז פאַר׳משפּט געוואָרען צו אַ הונגער־טויט.

מאַרטין איראַנס איז אַלס קינד אָהערגעקומען פון סקאָטלאַנד, אַליין, אָהן אַ פּעני געלט און אָהן פריינד. אין זיין פריהסטער יוגענד האָט ער זיך אויסגעלערענט פאַר אַ מאַשיניסט און אַ צייט מיט יאָהרען דערביי געאַרבייט. ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ וואַרעם האַרץ און אַ קלאָרען קאָפּ. ער האָט געזעהן די ליידען און געפיהלט די אומ־גערעכטיגקייטען, וואָס ווערען באַגאַנגען געגען זיין קלאַס. אויפגעקאָכט איז זיין בלוט געוואָרען, ווען די באַהן־קאָמפּאַניעס האָבען דריי מאָל כסדר אַרונטערגעזעצט דעם לוין פון די אַרבייטער. ער האָט באַשלאָ־

סען זיך אַנטקעגנען צו שטעלען. ער האָט אַפּעלירט צו די אַרבייטער און ווען דער גרויסער סטרייק האָט אויסגעבראָכען, איז מאַרטין איראַנס געווען די צענטראַלע פיגור פון דער באַוועגונג. די אַרבייטער האָבען געפיהלט, אַז זיי קענען זיך פאַרטרויען אין איהם און זיי האָבען קיין טעות ניט געמאַכט.

און ווען אין דעם קריטישסטען מאָמענט האָט דזשיי גולד, דער אייגענטימער פון דער באַהן, געלאָזט וויסען מאַרטין איראַנס, אַז ער וואָלט איהם וועלען זעהן, האָט דער סטרייק־פיהרער געענטפערט: „איך בין אין קענזאַס סיטי". גולד האָט ניט געהאַט גענוג געלד אָפּצוקויפען מאַרטין איראַנס. דאָס איז געווען דער גרעסטער פאַר־ברעכען פון דעם עהרליכען אַרבייטער פיהרער. די פּרעסע האָט אויפ־געהעצט איין ליגען נאָכ'ן צווייטען אָבי נאָר צו שאַפען פאָראורטיילען געגען די סטרייקערס. ביי דעם דורכשניטליכען מענשען איז מאַרטין איראַנס געווען דער שוואַרצעסטער, נידערטרעכטיגסטער טייוועל, וואָס דער גיהנום האָט אַרויסגעלאָזען אויף גאָט'ס וועלט. און די פּינקערטאָן שפּור־הינט האָבען איהם נאָכגעפאָלגט טאָג און נאַכט.

ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם איז מאַרטין איראַנס געשטאַנען פעסט און ניט געבויגען זיך.

מאַרטין איראַנס האָט געדינט, געליטען און פאַשאַפט כבוד זיין קלאַס. אָבער ער איז באַזיגט געוואָרען און זיין אייגענער קלאַס האָט איהם פאַרלאָזען און געהאָלפען אין די פאַרלוימדונגען און קללות פונ'ם שונא. דאָס האָט איהם מעהר וועה געטאָן ווי אַל־דאָס איבעריגע. אָבער אפילו דאָס האָט ער איבערגעטראָגען אָהן אַ מורמעל און אויב עס האָט זיך פון איהם אַרויסגעריסען אַ זיפץ פון פאַרצווייפלונג, איז דאָס געווען, ווען ער איז פאַרבליבען איינער אַליין.

און אַזוי איז געווען דורך אַלע דורות. פון יהושע הנוצרי ביז מאַרטין איראַנס.

זאל קיינער ניט זאגען, אז איראן איז ניט געקרייציגט געווארען. פערצעהן יאהר איז ער געווען צוגענאגעלט צום קרייץ און קיינער פון די מארטירער פאר דער מענשהייט האבען ניט איבערגעטראגען זייער קרייציגונג מיט אזויפיעל מוט און גייסטיגער קראפט.

מיט געדולדיגען העלדענמוט האט ער איבערגעטראגען אלע יסורים און פיין און באליידיגונגען. און אפילו דאמאלט, ווען די ארעמע נגי־רישע אומענשען, וועמעס וואונדען ער וואלט מיט'ן בלוט פון זיין אייגען הארץ געהיילט, האבען איהם איבערגעגעבען צום שונא, האט א רחמנות געפיהל פארשלאסען זיינע ליפען און שטילע ליידען האבען פאר איהם געוואונען די קרוין פון א מארטירער.

מארטין איראנס איז געהאסט געווארען פון די, וואס זיינען גע־ווען געמיין אדער האבען איהם ניט געקענט פארשטעהן. ער איז געשטארבען אין פאראכטונג דאך זאל זיין נאמען לעבען אין ליעבע.

קיין פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען האט איהם ניט געגעבען קיין געזעלשאפטליכען אמט אלס באלוינונג פאר די דינסט וואס ער האט געטאן פאר'ן ארבייטער־קלאס. די ארט ארבייט, וואס ער האט געטאן איז געווען צו עהרליך, אז זי זאל קענען רעספעקטירט ווערען, צו אגרעסיוו און אומקאמפראמיסליך — צו זיין פאפולער.

דאס, וואס ער האט געטאן פאר זיין קלאס, וועט זיין אנדענקונג פאראייביגען. אין דעם גרויסען קאמף פון באפרייאונג האט ער עה־רענהאפט געטאן זיין חלק און די געשיכטע פון דער ארבייטער בא־וועגונג קען ניט געשריבען ווערען ניט דערמאנענדיג זיין נאמען.

ער איז געווען אן אגיטאטאר און אלס אזעלכער האט ער געהאט דעם זעלבען שיקזאל, וואס אלע זיינע חברים אויף דעם דאזיגען פעלד: יעזוס קריסטוס, זשאן ד'ארק, אליהו לאוודזאי, דזשאהן בראון, אלבערט פארסאנס האבען דאס זעלבע געטאן און באצאהלט דעם זעלבען שטראף.

טאקי דערפאר, וואס ער איז געווען פאראכטעט אלס אגיטאטאר, און מענשען געמיינע אדער אזעלכע וואס האבען ניט פארשטאנען דעם הייליגען מאטיוו וואס האט איהם באגייסטערט, האבען איהם

געפּייניגט און באַשמוצט, דערפאַר, וועט ער דערמאָנט ווערען מיט ליעבע און רעספּעקט לאַנג נאָך דעם ווי דער לעצטער פון זיינע באַ־שמוצער וועט שוין זיין אין גאַנצען פאַרגעסען.

אין אַפּריל 1899, האָב איך אין וואַקאָ, טעקסאַס, צום לעצטען מאָל געדריקט די האַנט פון דעם נאָבעלען חבר. ער האָט געטראָגען די סימנים פון אַרעמקייט און פון אַ צובראָכען געזונט. אָבער זיין גייסט איז געוועזען אומערשראָקען פּונקט ווי מיט דרייצעהן יאָהר צוריק ווען ער האָט זיך געמוזט שטעלען געגען מאַכט און אומרעכט; און ווען ער האָט גערעדט וועגען סאָציאַליזם האָט זיך זיין אויסזעהן אין גאַנצען געביטען און דער פייער וואָס האָט געברענט אין זיין האַרצען האָט נאָך אַמאָל דורכגעפלאַמט דורך זיינע פאַרזונקענע אויגען.

איך בין ניט געוועזען פאַרוואונדערט, כאָטש עס האָט מיר זעהר וועה געטאָן, ווען איך האָב שפּעטער געלעזען אַז ער איז „געשטאָרבען אין אַרעמקייט אין אַ פאַרוואָרפען שטעטעל פון טעקסאַס". דער דאָ־זיגער טויט האָט איהם פאַרשאַפען רוהם און דער געזעלשאַפט — שאַנדע.

אם ענדע האָט זיין אויסגעמאַטערטער קערפּער געפונען רוה, און די קינדס־קינדער פון די מענער און פרויען פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט, געליטען און געשטאָרבען וועלען אַוועקלייגען קראַנצען אויף זיין קבר.

אויף זיין קבר דאַרף אויסגעקריצט ווערען: „ווייל ער האָט מוטיג פאַרטיידיגט דעם ארבייטער־קלאַס, איז ער פאַר'משפט געוואָרען צום טויט דורך לאַנגזאַמע יסורים".

מאַרטין איראָנס איז געוועזען אַ עהרליכער, מוטיגער מענש און מיט זיין טויט האָט די וועלט אָנגעוואָרען נאָך איינעם פון איהרע שעהנסטע קינדער.

זאָל די ערד דיר גרינג זיין, ליעבער, מוטיגער חבר.



# דזשאן בראון

דזשאהן בראון — דער מאַן מיט דעם בילדערליכסטען כאַראַקטער, דער שעהנסטער און בראַווסטער קעמפער און מוסר נפש אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע איז געהאַנגען געוואָרען אין גאַלוועסטאַן, ווירדזשיניא, דעם 2טען דעצעמבער, 1859.

דעם טאָג האָט טאָראָ געזאָגט: „מיט וואָסערע אַכצעהן הונדערט יאָהר צוריק איז קריסטוס געקרייציגט געוואָרען. היינט אין דער פריה איז געהאַנגען געוואָרען קאַפּיטאַן בראַון. דאָס זיינען צוויי עקען פון איין קייט וואָס האָט מעהרערע צווישען־רינגעלאַך. ער איז שוין ניט מעהר „אונזער בראַון", ער איז איצט אַ מלאך פון ליכטיגקייט. * * * איך זעה פאָראויס די צייט, ווען דער מאָלער וועט מאָלען יענע סצענע, און ער וועט ניט דאַרפען געהן נאָך רוים נאָך אַ געגענשטאַנד; דער פּאָעט וועט עס באַזינגען און דער היסטאָריקער וועט עס פאַרצייכענען און צוזאַמען מיט דער לאַנדונג פון די פּילגרימען, און מיט דער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיגקייט וועט עס זיין אַ צירונג פון אַ צוקונפטיגען נאַציאָנאַלען מוזעאום, ווען די היינטיגע אָרדנונג פון שקלאַפערייט וועט מעהר ניט עקזיסטירען. דאַמאָלט וועלען מיר האָבען די פרייהייט צו באַוויינען קאַפּיטאַן בראַון".

בלויז איייניגע מענשען האָבען אין יענע שרעקליכע טעג געהאַט דעם מוט צו זאָגען אַ פּאָר סימפּאַטישע ווערטער וועגען דעם גרויזען, אַלטען אַגיטאַטאָר. פאַר יאָהרען און יאָהרען האָט ער געקעמפט געגען לייבאייגענטום. ער האָט געהאַט בלויז אַ פּאָר געצעהלטע אָנהענגער, וואָס האָבען איהם געהאָלפען אין זיין קאַמף. פאַר איהם, אָבער איז גענוג געווען דאָס וואָס ער האָט געזעהן קלאָר פאַר זיך זיין ציעל, און וואָלט איהם אויסגעקומען צו זיין אַליין אין קאַמף, וואָלט ער זיך דערפאַר אויך ניט אָפּגעשטעלט.

דזשאהן בראון האָט געגעבען אַ ביישפּיעל פאַר אַלע מענשען פון אַלע דורות, וואָס עס הייסט מאָראַלער קוראַזש און איבערגעבענהייט צו אַן אידעאַל.

מיט יעדען טראָפּען פון זיין עהרליך בלוט האָט ער פּיינט געהאַט קנעכטשאַפט און נאָך אין דער יוגענד האָט ער באַשלאָסען אָוועק־צוגעבען זיין לעבען אויפן מזבח פון פרייהייט אום אויסצוראָטען די אומערטרעגליכע ליידען פון די שווארצע. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געוואַקעלט. אַזוי געטליך איז געווען זיין אומבאַזיגבאַרע נשמה, אַז ער האָט געוואַגט זיך אַנטקעגען שטעלען געגען דער גאַנצער וועלט.

וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער גייסט, וואָס פאַר אַ גרויסע מענש־ליכע פּערזענליכקייט.

ער האָט קיינמאָל ניט געצעהלט, ווי גרויס די צאָהל פון די, וואָס זיינען געגען איהם און ווי ווייניג די, וואָס זיינען אויף זיין זייט. די וואולגארע זייט פון דעם פּראָבלעם האָט ניט געפונען קיין פּלאַץ ניט אין זיין הארץ און ניט אין זיין מח ער איז געווען גערעכט און דער גייסט פון אמת איז געווען מיט איהם. ניט ער האָט זיך ווען גערעכענט מיט די פאָלגען פון זיין האַנדלונג. זיינס איז געווען צו טאָן די אומשטערבליכע טאַט, און אריבערצוגעהן פון דער תליה, וואָס מענשען האָבען אָנגעגרייט, צו דעם טראָן, וואָס גאָט האָט אויפגע־שטעלט פון זיינט־וועגען. ניט פאַר וועלטליכען כבוד האָט דזשאָהן בראון אָנגעפיהרט זיין הייליגע מלחמה; ניט פאַר די אָנערקענונג אדער באַלוינונג וואָס דאָס פאָלק וואָלט געווען אימשטאַנד איהם צו באַצאָהלען. אַ העכערער ציעל האָט פאַרנומען זיין גרויס הארץ און באַלעבט עס מיט אַן ערהאַבענעם פאַרלאַנג. זיין גרויסע נשמה איז געווען באַלויכטען פון אַן אויפגעהענדען אידעאַל. אַ גאַנץ פאָלק איז געווען דערשלאָגען, פאַראַכטעט און אין קייטען און דאָס שוידער־ליכסטע פאַרברעכען האָט געהאַלטען אין אויפעסען דאָס הארץ פון דער ציוויליזאַציע.

אין אָנגעזיכט פון דיזער שרעקליכער מגפה, איז די לאָגיק און דער פאַרשטאַנד געווען שטום און דאָס רחמנות געפיהל — טויט.

ענדליך האָט זיך אויפגעכאַפּט דער גרימצאָרען פון דער ראַבע־נעמענדער גערעכטיגקייט, וואָס האָט לאַנג געדרימעלט.

דזשאהן בראון האט דעם ערשטען שטויס געגעבען צון דער שטורעם האט אויסגעבראכען. די לעצטע שעה פון לייב־אייגענטום האט געשלאגען.

און אין דעם אנפאנג פון זייער גסיסה, האבען די שקלאפען־אייגענטימער געכאפט דעם גרויסען אלטען באפרייער, געשמידט איהם אין קייטען און אריינגעווארפען אין א פינסטערער תפיסה און הינ־געריכטעט איהם.

אבער עס איז געווען צו שפעט. זיין ארבייט איז שוין אפגעטאן געווען. אלץ וואס ווירדזשיניא האט געקענט טאן איז צוגרייטען די קרוין פאר זיין מארטירערטום.

וויקטאר הוגא האט אויסגעשריען אין אן אויסברוך פון עהר־פורכטיגער אויפרעגונג: „דזשאהן בראן איז הערליכער פון דזשארדש וואשינגטאן!“

אין דער גאנצער געשיכטע קאן ניט געפונען ווערען אזא נאבעלער העראאיזם און זעלבסט־אפפערונג עהנליך צו דעם וואס דזשאהן בראון האט ארויסגעוויזען.

אין זיין גאנצען לעבען האט ער געהאט בלויז איין אידעע, בלויז איין אידעאל — דאס פארניכטונג פון לייב־אייגענטום. און מיט זיין בלוט האט ער באפעסטיגט זיין איבערגעבענהייט צו זיין אידעאל. זעהענדיג, אז זיין ארבייט איז געענדיגט, איז ער אוועקגעגאנגען פון דער וועלט רוהיג און אהן טרויער.

זיין רוהיגקייט אויף דער תליה האט ערוועקט עהרפורכט.

נייז, דזשאהן בראון איז ניט טויט! זיין נשמה געהט נאך ארום צווישען אונז און יעדער נייער יאהר פלעכט אוים נייע גירלאנדען ארום זיין קאפ און גיט צו נייעם גלאנץ צו זיין אומשטערבליכען רוהם.

ווער וועט זיין דער דזשאהן בראון פון דער לוין־שקלאפעריי?



# אַ בליק אין דער פאַרגאַנגענהייט

פאַר מיר ליגט אַ קאָפּיע פון אַ צייטונג פון 21טען יוני, 1877. אין דעם טאָג זיינען עלף „מאלי מעגוואירס" הינגעריכטעט גע־ווארען. זיי אַלע האָבען ערקלערט זיך אומשולדיג און געשטאָרבען מוטיג. קיין איינער פון זיי האָט ניט אַרויסגעוויזען קיין סימנים פון שרעק אדער שוואכקייט. אין דער צייטונג איז פאַראַן אַ פולער באַ־ריכט פון דער הינריכטונג מיט די בילדער פון די הילפלאָזע קרבנות.

ניט לאַנג צוריק בין איך אין פאָטסווילער געפענגעניש געשטאַנען אויפ'ן זעלבען פּלאַץ וואו זעקס פון זיי האָבען באַגעגענט זייער שיקזאַל און איך האָב זיך עראינערט אָן זייער מאַרטירערטום.

קיינער פון זיי איז קיין מערדער ניט געווען. אַלע פון זיי זיינען געווען אומוויסענד, גראָב און אומגעלומפּערט, געבאָרען אין אָרעמקייט און געוואַרפען פון די אומ'רחמנות'דיגע כוואַליעס פון מזל און צופאַל.

בייצוקומען די אומגערעכטיגקייטען פון וועלכע זיי זיינען געווען די קרבנות און צו פאַרזיכערען זיך געגען דער ברוטאַליטעט פון זייערע באַלעבאַטים איז געווען די הויפּט אורזאַכע פון זייער אָרגאַניזאַציע. קיין שום זאַך האָט ניט געקענט זיין ווייטער פון זייער אבזיכט ווי מאָרד און פאַרברעכען. עס איז אמת, אַז זייערע מעטאָדען זיינען געווען געוואַגטע, אָבער מען, דאַרף האָבען אין זינען אַז זייער שיקזאַל איז געווען אַ שווערער און ברוטאַליזירענדער, אַז זיי זיינען געווען די פאַרנאַכלעסיגטע קינדער פון אָרעמקייט. דער פּראָדוקט פון אומגלייכע אומשטענדען. אָבער טריט־ביי־טריט האָט דער אמת אָנ־געהויבען אַריינצודרינגען דורך די אייזערנע טירען פון דער פאַלשער געשיכטע און די וועלט הויבט אָן צו פאַרשטעהן דעם אמת'ן תוך פון די „מאלי מאַגוואיר" אָרגאַניזאַציע און זייער פאַרוואַנדשאַפט צו דער אַרבייטער באַוועגונג.

די אומגליקליכע קרבנות פון דעם נידעריגסטען באַטרוג זייט יודאַ'ס צייטען האָבען ניט געהאַט קיין מיטלען צו פאַרטיידיגען אָדער

רעכטפערטיגען זיך. די פרעסע, ווי א מחנה טייוואלים, האט געוואיעט נאך זייער בלוט. זיי האבען געוואגט זיך אנטקעגען שטעלען געגען מעכטיגע און רויבערישע קארפאראציעס און דאס איז געווען גענוג, אז זיי זאלען פארניכטעט ווערען. שפיאנען, פראוואקאטארס און מער־דער האבען דורכגעפרעסען זיך א וועג צו זייערע ארגאניזאציאנען. בלוטיגע פארברעכענס זיינען אויפגערייצט און באגאנגען געווארען און די אומוויסענדע און אומשולדיגע „מאלים" זיינען ארייגעפאלען אין די פאסטקעס, וואס מען האט געגען זיי אויפגעשטעלט.

אלע כחות פון געזעץ זיינען איצט אויף זיי געפאלען מיט א פארניכטענדער קראפט. די ארגאניזאציע איז פארניכטעט געווארען. קיין פריינדליכע שטימע, וואס זאל אפשוואכען די באשולדיגונגען גע־געו די פיהרער פון דער ארגאניזאציע איז ניט געהערט געווארען.

די ארבייטער באוועגונג איז געווען אין איהר אנפאנג: זי האט ניט געהאט קיין פרעסע און קיין פעסטע פאזיציע, קיין איינפלוס און קיין מאכט. בלויז איין צד איז געווען אין דער טראגעדיע, און דאס איז געווען דער קאפיטאליסטישער צד. די ארעמע, שטומע קרבנות האבען, געבונדענע און מיט פארשטאפטע מיילער בלויז ערווארטעט זייער בלוטיגען שיקזאל. ביי די גראטעס פון זייער תפיסה האבען אלע בלוט־הינט פון גיהנום געווארטשעט און געברומט נאך זייער בלוט. קיין העלפענדע האנט איז זיי ניט אויסגעשטרעקט געווארען און קיינער האט ניט געוואגט אפילו א מורמעל צו טאן א פריינדליכען ווארט פון זייערט וועגען.

דעם 21טען יוני 1877 איז געפאלען דער לעצטער טרויעריגער אקט פון דיזער טראגעדיע פון ארבייט. די תליה האט געפאדערט איהרע קרבנות און דער תליון האט זיין ארבייט געטאן.

אין דעם טאג איז גערעכטיגקייט פארלעצט געווארען און דאס ליכטיגע פנים פון'ם אמת איז באדעקט געווארען מיט דער שווארצער מאסקע פון פאלשקייט.

פאר דרייסיג יאהר צייט האט די קאפיטאליסטישע פרעסע שענדליך און חוצפה'דיג געלייגט וועגען די „מאלי מעגוואירס" און

זייער ארגאניזאציע. אבער, דער אמת וועט ענדליך זיגען און נאהענט איז די צייט, ווען די פענסילווייניער טראגעדיע, ווי זי ווערט דא באַשריבען, וועט פון אַלעמען אַנגענומען ווערען אַלס די אמת'ע און די נעמען פון די מארטירער וועלען ארויסגענומען ווערען פון דער פארלוימדונג אין וועלכער זיי זיינען אריינגעווארפען געווארען.

די „מאלי מעגוואיר" עפּיזאָד איז געווען א צופאַל אין דער ארגאניזאציאן פון ארבייטער־קלאַס, עס איז געווען אַ רינג אין דער ארבייטער באוועגונג.

די מענשען, וואס זיינען אויפ'ן עשאפאט אומגעקומען אלס פארברעכער, זיינען געווען ארבייטער־פיהרער, די ערשטע מארטירער פון קלאסען־קאמף אין די פאראייניגטע שטאאטען.

זאגט דען גארנישט דאס, וואס פראנקלין ב. גאוען, פּרעזידענט פון דער „פילאדעלפיא און רעדינג" באהן און הויפּט־אנקלעגער און פארפאלגער פון די „מאלי מעגוואירס" איז באגאנגען זעלבסט־מארד? האט ער נישט געזוכט אין קאלטען קבר א רוה פאר זיינע גרויזאמע פארברעכענס?

אין יאהר 1876 איז די „ארבייטער פארטיי" געגרינדעט געווארען און אין 1877, נאך דער הינריכטונג פון די „מאלי מעגוואירס", איז זי געווארען די „סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי".

אין דעם זעלבען יאהר האט, ווי א מעכטיגער שטראם, דער גרויסער אייזען־באהן סטרייק זיך פארשפּרייט פון די מזרח'דיגע ביז צו די מערב'דיגע שטאאטען.

מיט אכט יאהר שפּעטער, אין 1885, האבען די „נייטס אָוו לייבאר" באקומען אַ נאציאנאלען אַנזעהן און אין דעם זעלבען און נעקסטען יאהר האט אויסגעבראכען דער גרויסער סטרייק אויף די „גולד זיד־וועסט באהנען".

דעם ערשטען מאי 1886 זיינען הונדערטער טויזענטער ארבייטער פון פארשידענע טיילען פון לאנד ארויסגעגאנגען אין סטרייק מיט דער פאדערונג פון אן אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאג. די דאזיגע אגיטאציע האט געפיהרט צו דער באוועגונג, וואס האט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע אין די הייימארקעט טראגעדיע פון 4טען מאי.

דעם 11טען נאוועמבער 1887 איז פארגעקומען די שענדליכע הינריכטונג פון די שיקאגא'ער אנארכיסטען. די דאזיגע געזעצליכע שחיטה איז דער שווארצסטער בלאט פון דער אמעריקאנער געשיכטע.

אבער ס'ארא ענדערונגען זיינען פון יענער צייט פארגעקומען! אונטער די היינטיגע אומשטענדען וואלט דאס ניט געקענט פארקומען. די ארבייטער זיינען צו גוט ארגאניזירט, צו גוט באוואוסט פון זייערע קלאסען־אינטערעסען, אז די קאפיטאליסטען זאלען וואגען צו מאכען איצט אזוינע בלוט־בעדער.

ווען די ארבייטער באוועגונג וואלט ניט געמאכט אזוינע פארט־שריטען, וואלט מאיער, העיוואוד, פעטיבאון און אדאמס געהאט דעם זעלבען שיקזאל, וואס פארסאנס, שפיז, פישער און ענגעל.

באטראכטענדיג די פארגאנגענע דרייסיג יאהר, קען מען קלאר אנצייגען דעם פראגרעס, וואס די ארבייטער־באוועגונג האט געמאכט, און די באטראכטונגען זיינען פול מיט אומבאשרייבליכער באפרידיגונג; פארטראכטענדיג זיך וועגען דער צוקונפט זעהט מען א קלארען, ברייטען הימעל און אלע שטימען זאגען אז די גוטע בשורה פון דער קומענדער באפרייאונג.

---

# מוטער דזשאונס

„די גרויסע זקנה פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג", האט וואלטער הוירט טרעפענד אנגערופען מוטער דזשאונס. אלע, וואס קענען איהר — און זיי קענען מען ניט איבערצייהלען — וועלען גלייך צוגעבען ווי צוגעפאסט דער טיטעל איז פאר איהר.

די קאריערע פון דיזער איינציגער אין איהר ארט אלטער אגי־טאטאריין לעזט זיך ווי א פאעמע. קיינער קען זיך מיט איהר ניט פארגלייכען. שוין פופצעהן יאהר ווי זי שטעהט אין די פאדערשטע רייהען און קיינמאל האט נאך ניט געטראפען, אז שרעק אדער אנגסט זאלען ווירקען אויף איהר.

זינט דער צייט פונ׳ם פולמאַן סטרייק, אין יאָהר 1894, ווען זי איז צום ערשטען מאָל באַריהמט געוואָרען, שטעהט זי אַלץ פאַר דער עפענטליכקייט. קיינמאָל ניט זוכענדיג צו זיין אויסגעצייכענט, פּראָ־מינענט, פאַלשטענדיג פאַרגעסענדיג אָן זיך, דורכאויס גלייכגילטיג צו אַלע פערזענליכע אַמביציעס, האָט דיזע מוטיגע פרוי געקעמפט דעם קאַמף פון די אונטערדריקטע מיט אַ גרעסערען מוט און אַרויסגעוויזען מעהר קוראַזש איידער ווען עס איז אַ סאָלדאַט אויפ׳ן שלאַכט־פעלד.

מוטער דזשאָונס איז ניט קיין „זומער־סאָלדאַט" און ניט קיין פּאַטריאָט מיט׳ן מויל. איהר בלוט ברענט מיט טרייער און אמת׳ער איבערגעבענהייט. און וואו נאָר דער קאַמף צופלאַקערט זיך מיט וואוט און ליידענשאַפט, וועט איהר זי זיכער געפינען אין דער ערשטער פייער־ליניע.

אַ סך לאַנגע, ענדלאָזע מאָנאַטען האָט זי געוואוינט אין די איינזאַמסטע געגענדען פון וועסט־ווירדזשיניא, אָרגאַניזירענדיג די פאַר־הונגערטע מיינערס. די עלענדע הייזלאַך פון די מיינערס זיינען געווען איהר היים, זי האָט זיך געטיילט מיט זיי מיט איהר אָרעם פאַרמעגען, אַרומגעגאַנגען אַרום די קראַנקע, געטרייסט די טרייסטלאָזע — זי איז געווען די באַרעמהערציגקייט אַליין.

זי האָט געפיהרט די אַרבייטער אין דעם גרויסען סטרייק אין דעם אַנטראַציט קוילען דיסטריקט, זי איז געווען די ערשטע צו באַ־געגענען דעם שעריף און די סאָלדאַטען, און די לעצטע — צו פאַר־לאָזען דעם שלאַכט־פעלד.

וויפיעל מאָל איז אָט די אונערשראָקענע נשמה אַרויסגעטריבען געוואָרען פון געוויסע געגענדען דורך די געדונגענע חברה־לייט פון די קאַפּיטאַליסטען מיט דער הילף פון די געריכטען! ווי אָפט איז זי פאַרשפּאַרט געוואָרען אין געפענגעניש, מיט באַיאָנעטען געשטאָכען געוואָרען פון די זעלנער, און דער טויט האָט איהר אין פנים געקוקט. אָבער קיינמאָל אין איהר זעלבסט־אָפּפערענדען לעבען האָט זי ניט אַרויסגעשטעלט דעם ווייסען צייכען, דעם צייכען פון מיעדקייט און מוטלאָזיגקייט, קיינמאָל ניט געבעטען קיין רחמנות, ניט אונטערגעגעבען

זיך! ווי קיין אנדערער ניט, האט מוטער דזשאונס, אין די צייטען פון די קאלאראדער סטרייקס, אנגעווארפען שרעק אויף די פארברע־כערישע קארפאראציעס. זיי האבען פאר איהר מורא געהאט, פונקט אזוי ווי די לאיאלע מיינערס האבען איהר געליעבט. זי האט געפיהרט די מיינערס אין קאמף מיט כחות פיעל מאל גרעסערע, שטארקערע און, פונקט ווי העגרי פון נאווארע, וואו נאר איהר שניי־ווייסע קרוין האט זיך באוויזען, האבען די פארצווייפעלטע שקלאפען געקראגען נייעם מוט און ווידער אנגעהויבען דעם קאמף געגען דעם שטענדיג גרייטען פיינד.

אלע מאל פנים אל פנים מיט'ן אמת'ן געפאהר, שטענדיג מיט דער ברוסט געגען שפיץ פון באיאנעט, האט זי זיך ענטוויקעלט אין אן אמת'ן קריגס־העלד; זי איז באוואונדערט געווארען פון די זעלביגע סאלדאטען, וואס האבען געזאלט איהר אוועקנעמען פונ'ם קאמפס־פלאץ און אפהייטען אז זי זאל זיך ניט אומקעהרען.

איהר נאמען אליין איז דער סימבאל פון גייסט פון רעוואלוציע.

איהר מערקווירדיגע פערזענליכקייט איז די פארקערפערונג פון אלע פרינציפען פון דער רעוואלוציע.

זי האט געוואונען איהר פלאץ אין די הערצער פון די ארבייטער פון דער נאציאן און איהר נאמען איז געעהרט פון זיי און וועט בלייבען אין געדעכעניש פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער אויף אייביג!

---

# ארונטערגענומען פון דער שווארצער ליסט

עס איז געווען אויף א באהן־צוג, אויף איינעם פון די בערגיגע וועגען די וועסטליכע שטאטען. דער קאנדוקטאר אוןביידע ברעמזער האבען מיר געוויזען זייערע אלטע „אמעריקאן רײלוויי יוניאן" קארטען, וועלכע זיי האבען אפגעהיט ממש מיט א צערטליכער ליעבע. די קוים לעזבארע, האלב־צוריסענע שטיקלאך פאפיר זיינען געווען סואווענירען פון דער „מלחמה" און זיי האבען אויפגעוועקט א ים פון אויפרעגענדע עראינערונגען.

יעדער פון די ברעמזער האָט געהאַט צו דערצעהלען זיין געשיכטע פון פאַרפאַלגונגען נאָכ'ן סטרייק. די קאָמפּאַניעס האָבען באַשלאָסען אַז קיינער פון די סטרייקערס זאָל קיינמאָהל ניט קריגען קיין אַרבייט אויף קיין באַהן. זיי האָבען געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבען נאָר געקענט, אָפּצוהיטען זייער ברוטאַלען באַשלוס. די ביידע ברעמזער האָבען לאַנג געוואַנדערט און געפּלאָגט זיך, איידער זיי האָבען זיך צוגעשלאָגען צו אַ פּלאַץ. אונטער פאַרשטעלטע נעמען און אויף פאַרשידענע אַנדערע וועגען האָבען זיי פּיעלע מאָל געקראָגען אַרבייט, אָבער ווי נאָר די קאָמפּאַניע האָט זיי אויסגעפונען, האָט מען זיי גלייך ענטזאָגט מיט דער העכסט באַלעהרענדער ערקלעהרונג, אַז „די קאָמפּאַני נויטיגט זיך ניט מעהר אין זייער דינסט".

די קאָמפּאַניע האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף דער שוואַרצער ליסטע. בלויז די, וואָס האָבען עס דורכגעלעבט, ווייסען וואָס דאָס באַדייט. זיי זיינען געוועזען הונגעריג, און הונגעריגע האָבען זיי זיך געשלעפּט פון איין סטאַנציע צו דער צווייטער זוכענדיג אַרבייט. גליקליכערווייז, זיינען זיי ניט געוועזען פאַרהייראַט און אין זייער נויט, זיינען זיי אַמווייניגסטען געוועזען פריי פון'ם שרעקליכען געדאַנק, אַז זייערע פרויען און קינדער ליידען ניט דורך זייערע אומ׳רחמנות׳דיגע פאַרפאָלגונגען.

* * *

עס איז געוועזען מיטאָג צייט, ווען דער קאָנדוקטאָר האָט מיך אָנגעריהרט ביי דער פּלייצע און איינגעלאַדען אויף אַ מיטאָג מיט די אַנגעשטעלטע. זיי האָבען געהאַט זייער קיך און געשיר און האָבען באַוויזען צוצוגרייטען אַ העכסט געשמאַקען מיטאָג. נאָכ'ן עסען האָבען מיר פאַרוויכערט די ליולקעס און אָנגעהויבען צו דערצעהלען זיך אַלער־ליי עפּיזאָדען פון די פאַרגאַנגענע צייטען.

דער קאָנדוקטאָר האָט געמוזט פאַרלאָזען אונזער קאָמפּאַניע, און די ברעמזער האָבען מיר דערצעהלט ווי אַזוי דער קאָנדוקטאָר אַליין האָט זיך באַפרייט פון דער שוואַרצער ליסטע. עס איז אַ העכסט

אינטערעסאַנטע געשיכטע. דער קאָנדוקטאָר, ווי אַלע בראַווע מענשען, איז געווען צו עניוות'דיג צו דערצעהלען עס אַליין. אָט איז די געשיכטע:

ביל — אַזוי האָט דער קאָנדוקטאָר געהייסען — האָט געאַרבייט אויף דער ס——— באַהן, ווען ס'איז געקומען דער סטרייק אין יאָהר 1894. ביל איז אויך געווען פאָרזיצענדער פון דער אָרטיגער סכסוכים קאָמיטע פון דער יוניאָן. און, פאַרשטעהט זיך, האָט ער פאַרלאָרען די שפּיעל צוגלייך מיט די אַנדערע און ער איז געווען פון די לעצטע צו מאַכען אַ זויערען פּנים. ווען ער האָט פאַרלאָזען די שטאָדט צו זוכען ערגעץ אַנדערש אַרבייט האָט ער פאַרזיכערט זיין פרוי, אַז זי מיט די צוויי קינדער וועלען אין גיכען הערען פון איהם און אין גיכען וועלען זיי ווידער זיין צוזאַמען.

פינף מאָל נאַכאַנאַנד האָט ביל געקראָגען אַרבייט. ער איז געווען אַן ערשטער קלאַס באַהן־אַרבייטער און ער האָט געקענט טאָן יעדער אַרבייט, אין דעם פאַך. אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט געקראָגען אַרבייט, אַזוי גיך האָט ער עס פאַרלאָרען. דער שוואַרצער טייוועל איז איהם נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט. ער האָט געוואָגט זיך געגענשטעלען געגען זיין פריהערדיגען באַלאַבאָס, און דערפאַר מוז ער, זיין פרוי און זייערע אומשולדיגע קינדער שטאַרבען פון הונגער.

ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל אָפּגעזאָגט געוואָרען פון דער אַרבייט, האָט ער דאָס געלט ניט אַהיים געשיקט און ניט אויסגעגעבען אויף זיך, נאָר מיט אַ פעסטען באַשלוס אויף זיין צוקנייטשטען פּנים זיך געלאָזען געהן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַן אייזען־וואַרג געשעפט. געשפּאַנט עפּעס געזוכט אין פענסטער און אין ווינציגער ווי אין פינף מינוט שוין געהאַט געווען אינווייניג, געטאָן וואָס ער האָט געדאַרפט און מיט גיכע טריט זיך געלאָזען געהן צו דער באַהן־סטאַנציע.

* * *

מיר זעהען ביל'ן אַרומדרעהענדיג זיך אויף די גאַסען פון זיין אַלטער היים. זיינע פריינד וואָלטען איהם זיכער ניט דערקענט, ווייל אין זיינע געזיכט־ציגע איז געווען אַזוינס, וואָס האָט פאַראויסגעזאָגט

עפּעס ניט גוטעס און אין זיין טאַש איז געלעגען אַן אָנגעלאָדענער רעוואָלווער.

דער אויפזעהער פון דער באַהן־פאַרוואַלטונג איז בלייך געוואָרען ווי די וואַנט, ווען ביל איז צו איהם אַריינגעגאַנגען. ער האָט געלעזען זיין אורטהייל אין ביל'ס פּנים, איידער יענער האָט נאָך אויסגערעדט אַ וואָרט.

— „וואָס קען איך טאָן פאַר אייך, מר. ———?" האָט דער פאַר־ציטערטער באַאַמטער געפרעגט.

— „פאַרדאַמט ווייניג", — האָט ביל געענטפערט מיט אַ פרעמד און הייזעריג קול.

—„איהר ווייסט גאַנץ גוט צו וואָס איך בין דאָ אַהער געקומען"

— האָט פאָרטגעזעצט דער קרבן פון דער שוואַרצער ליסטע — „און אויב איהר ווילט זאָגען ודוי איידער איך מאַך אַ סוף צו אייער הינטיש לעבען, טאָ טוט עס בעסער גלייך".

בעת ביל האָט דאָס גערעדט האָט דער אויפזעהער געקוקט אויף דעם טויטליכען אינסטרומענט וואָס דער פאַרצווייפעלטער מאַן האָט געגען איהם אויסגעשטעלט, און אין אַ רגע שפּעטער איז דאָס צימער פאַוואַנדעלט געוואָרען אין אַ געבעט־הויז. קיינמאָל נאָך האָבען די דאָזיגע ליגנערשע ליפּען, אַזוי אויפריכטיג ניט מתפּלל געווען.

ביל'ס האַרץ איז געריהרט געוואָרען. ער האָט באַשלאָסען צו געבען דעם אויפזעהער אַ צווייטע געלעגענהייט אויסצוקויפען זיין שוואַרצע נשמה.

אַריינלייגענדיג דעם רעוואָלווער צוריק אין קעשענע און קוקענדיג דעם אויפזעהער גלייך אין די אויגען האָט ביל מיט אַ פעסטער שטימע זיך געווענדעט צו איהם: „דו האָסט מיך אַרויסגעוואָרפען פינף מאָל ווי נאָר כ'האָב געקראָגען אַרבייט. דו ביזט פאַראַנטוואָרטליך, וואָס מיין ווייב און מיינע קינדער זיינען היימלאָז און הונגעריג. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס איז ניטאָ קיין פלעק אויף מיין קאַריערע אַלס אַ באַהן־אָנגעשטעלטער און אויף מיין כאַראַקטער. דאָך האָסטו געוואַגט צו מאַטערען און פאַרהונגערען אַן אומשולדיגע פרוי און צוויי קינדער, וואָס זיינען אָנגעוויזען אויף מיין אַרבייט. און, ווי גאָט איז מיר ליעב,

דו האסט כשר פאדינט א הינטישען טויט. אבער איך געה דיר געבען נאך איין געלעגענהייט צו בלייבען לעבען, נעם דיר גוט אין זינען, בלויז איינמאל נאך. איך וועל זיכער קריגען א צווייטע שטעלע און איך וועל דיך אנגעבען פאר רעקאמענדאציעס. אויב איך וועל אויך די שטעלע פארלירען, וועסטו, הינטישער זוהן, אנפיהרען דיין שווארצע ליסטע אין גיהנום און ניט דא. ווארום זיכער, ווי מיין נאמען איז ביל, אזוי וועל איך דיך זיכער אהינשיקען, אויב — — —".

דער באהן־אויפזעהער האט לייכטער אפגעאטעמט, ווען ביל האט איהם פארלאזען. ער האט אויף קיין איין מינוט ניט געצווייפעלט אין ביל'ס ווערטער. עס איז איבעריג צו זאגען, אז ביל איז ארונטערגענומען געווארען פון דער שווארצער ליסטע. ער האט נעקראגען א שטעלע און האלט זי נאך אן ביז איצט. קיינעם אויף דער אייזענבאהן רעס־פעקטירט מען ניט מעהר, ווי ביל'ן, און באזונדערס רעספעקטירען איהם די באהן־באאמטע.

ער האט זיך ניט געווענדעט צום געריכט. זיין געוואגטקייט און זיין רעוואלווער האבען פאר איהם געשליכטעט דעם סכסוך, און די הוצאה איז געווען אזוי קליין...

ביל און בײדע ברעמזער זיינען איצט סאציאליסטען. די דריי שטונדען וואס איך האב פארבראכט מיט זיי וועלען שטענדיג פאר־בלייבען אין מיין זכרון.



# דער ערשטער מאַי

דאָס איז דער ערשטער און איינציגער אינטערנאַציאָנאַלער אַר־בייטער יום טוב. ער באַלאַנגט צום אַרבייטער־קלאַס און איז געווידמעט צו דער רעוואָלוציע.

היינט ווען אַלע שקלאַפּען פון דער וועלט אַננעמען זיך מיט פרישען כח אויף זייער לאַנגען און שווערען וועג; זיי שטעלען זיך אָפּ אויף אַ מאָמענט אויסצושרייען פאַר פרייד, פייערענדיג אין אחדות דעם יום טוב פון קומענדער פרייהייט.

זאָל לעבען דער ערשטער מאַי!
דער טאָג פון פּראָלעטאַרישען פּראָטעסט!
דער טאָג פון אומבויגזאַמע באַשלוסען!
דער טאָג פון הויכע שטרעבונגען!
הויך וויקעלט פאַנאַדער די בלוט־רויטע פאָהן פון דער רעוואָ־לוציע!
די אַרבייטער פאָהן!
די פאָהן, די איינציגע פאָהן פון פרייהייט!

---

שקלאַפערייי, אַפילו אין איהר העכסטער שטופע — ווי פאַרטויבט און פאַרצווייפעלט זי זעהט ניט אויס — האָט דאָך איהר באַגייסטערונג. ווי צושלאָגען דער מענש מעג ניט זיין, אָבער אויסגעראָטען איז ער ניט. הערשער, שמידט אייערע שקלאַפען, פאַרגוואַלטיגט זיי ווי נאָר איהר קענט, דאָך אין זייערע נשמות, כאָטש האַלב־טויטע — לעכצען זיי נאָך פרייהייט.

די גרויסע ענטדעקונג וואָס די מאָדערנע שקלאַפען האָבען גע־מאַכט איז, אַז זיי אַליין מוזען אויסקעמפען זייער פרייהייט. דאָס איז דער סוד פון זייער סאָלידאַריטעט, דעם עצם פון זייער האָפנונג, די באַגייסטערונג, וואָס בינדט זיי צוזאַמען מיט שטאָלענער מאַכט.
זיי זיינען נאָך אין קנעכטשאַפט, אָבער ניט מעהר צושלאָגען.
זיי וואַלגערען זיך ניט מעהר אין שטויב.

זיי זיינען באוואוסט אין זייער וואקסענדער מאכט, און די צו־
קונפט שטרעקט אויס צו זיי איהר האנט.

זיי שטעהען מוטיג, ווי עס פאסט פאר מענער.

אזוי ווי די שקלאפעריי פון ארבייטער־קלאס איז אינטערנאציא־
נאל, אזוי איז אויך די באוועגונג פון זיין באפרייאונג.

די באגריסונג פון איין שקלאף צום צווייטען אין דעם היינטיגען
טאג הערען זיך אין אלע שפראכען און נעמען ארום די גאנצע וועלט.

די אונצעהליגע מיליאנען האבען ענדליך ערוואכט. פיעל לאנגע
דורות האבען זיי געליטען; זיי האבען אויסגעטרונקען דעם גאנצען
בעכער פון עלענד און צער.

ענדליך, ענדליך קומט אן דער טאג, ווען א נייע זון וועט בא־
לייכטען די וועלט.

---

אונזער לעבענס־שטראם איז רויט און רויט איז אונזער סימבאל
פון אלוועלטליכער פארוואנדשאפט.

טיראנען לייקענען עס, האבען מורא דערפאר, זיי ציטערען פון
אויפרעגונג און כעס ווען זיי דערזעהען עס נאר.

און אין היינטיגען טאג שווערען מיר אויף ס׳ניי טרייהייט
אויף לעבען און טויט צו דער בלוט־רויטער פאהן פון דער רעוואלוציע.

סאציאליסטישע באגריסונגען היינטיגען טאג צו אלע אונזערע
ברידער ארבייטער! צו די געטליכע נשמות אין רוסלאנד, וואס מאר־
שירען מיט איבערגעבענהייט צו די טויערען פון גיהנום מיט דעם גע־
זאנג פון דער רעוואלוציע; צו מזרח און צו מערב און צו אלע אינזלען
אויף די ימים!

**זאל לעבען די רעוואלוציע!**

דאס קרעפטיגע ווארט פון אלע שפראכען איז **רעוואלוציע**.

עס ציטערט און וויברירט, עס יובעלט און באגייסטערט. טי־
ראנען ציטערען דערפאר, אבער די אונטערדריקטע שרייען עס אויס
מיט פרייד.

עס וואקלען זיך טראנען, ווען דאס שלאגענדע ווארט ווערט

אויסגערעדט, אָבער פאַר די אומבאַשיצטע און פאַרהונגערטע איז עס שפּייז, און האָפנונג פאַר די קרבנות פון פאַרצווייפלונג.

לאָמיר היינט פאַרהערליכען די פאַרגאַנגענע רעוואָלוציעס און באַגריסען די גרויסע רעוואָלוציע, וואָס דאַרף קומען, איידער די פריי־הייט וועט מאַכען פון אַלע טעג פון יאָהר טעג פון מאַי, טעג פון שלום און צופריעדענהייט פאַר אַלע זיהן און טעכטער פון אַרבייט.

שרייבענדיג וועגען דער רעוואָלוציע, האָט מאַרק טוויין'ס נשמה זיך אָנגעטרונקען פונ'ם קוואַל פון באַגייסטערונג. זיין אומשטערבלי־כער טאַלאַנט איז געקומען צום וואָרט אין דער פאָלגענדער פאַרהער־ליכונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע:

„די ניט־פאַרגעסענע און געבענשטע רעוואָלוציע האָט מיט איין פלינקען בלוטיגען שטראָם אָראָפּגעשווענקט די טויזענט יעהריגע פאַר־דאַרבענהייט. דער אַלטער חוב איז אָפּגעצאָהלט געוואָרען אין דער פּראָפּאָרציע פון אַ האַלבען טראָפּען געגען אַ גאַנצען פאַס בלוט. וואָס איז לאַנגזאַם אויסגעפּרעסט געוואָרען פון די מענשען אין משך פון יאָהרהונדערטער, לאַנגע, טרויעריגע יאָהרהונדערטער, וואָס קענען זיך אין שרעק און פאַרצווייפלונג פאַרגלייכען בלויז מיט'ן גיהנם.

„לאָמיר גוט געדיינקען, אַז עס זיינען אייגענטליך געווען צוויי טעראָר עפּאָכען. איינע, אין וועלכער ס'איז באַגאַנגען געוואָרען מאָרד מיט ליידענשאַפט און אַ צווייטע, אין וועלכער מען איז באַגאַנגען מאָרד מיט קאַלטבלוטיגקייט און האַרצלאָזיגקייט, איינע האָט אָנ־געהאַלטען חדשים און די צווייטע יאָהרהונדערטער. אָבער וואָס איז דער שרעק פאַר'ן שנעלען טויט דורך הונגער, קעלט, שאַנד און פאַר־ברעכען? וואָס איז דער שנעלער טויט דורכ'ן בליץ אין פאַרגלייך מיט'ן לאַנגזאַמען טויט אויפ'ן שייטער־הויף? בלויז איין איינציגער בית עולם האָט גענוג פּלאַץ פאַר אַלע קרבנות פון דער טעראָר עפּאָכע, אויף וועלכער מיר זיינען געוואוינט צו קוקען מיט טרויער און באַדויע־רונג. אָבער גאַנץ פראַנקרייך האָט ניט גענוג פּלאַץ פאַר די אַלע קרבנות פון אמת'ן טעראָר וועלכע קיינער פון אונז האָט ניט געלערנט ריכטיג צו זעהן אין זיין גאַנצער גרויס; אָדער צו באַדויערען, ווי דאָס האָט פאַרדינט באַדויערט צו ווערען".

# די רויטע פאָהן

עס זיינען פאַראַן אַ מאַסע פאַראורטיילען קעגען דער רויטער פאָהן. מען קען זיך זיי לייכט ערקלערען. דער הערשענדער קלאַס איבער דער גאַנצער וועלט האַסט די רויטע פאָהן, און זיינע פאַרטיידיגער מוזען דעריבער אַט די פאָהן פאַרדאַמען.

ווי זאַנדערבאַר דאַס איז, וואָס די רויטע פאָהן מאַכט די זעלביגע ווירקונג אויף אַ טיראַן און אויף אַן אָקס.

דער אָקס ווערט אויפגעקאַכט, ווי נאָר ער דערזעהט די רויטע פאָהן, זיין ריזיגער קערפּער ציטערט אויף, זיינע אויגען גליהען ווי פייער און ער קלאַפּט אַן דער ערד מיט די פיס און אָטעמט מיט שרעקליכען צאָרען.

מיר זיינען גראַד איצט ניט שטאַרק פאַראינטערעסירט צו וויסען, פאַרוואָס אַביסעל רויטע פאַרב זאָל מאַכען אַזאַ ווירקונג אויף דעם אָקסישען מין. אָבער פאַרוואָס רופט די רויטע פאָהן אַרויס דעם זעלביגען צאָרען אין דעם צאַר, אימפּעראַטאָר און קעניג? אין דעם אויטאָקראַט, אַריסטאָקראַט און דעם פּלוטאָקראַט?

אַ, דאָס איז גאַנץ איינפאַך.

די רויטע פאָהן איז, נאָך פון אונענדליכע צייטען געוועזען דער סימבאָל פון אומצופרידענהייט פון די גערריקטע, אַ צייכען פון אויפשטאַנד פון די מאַסען.

אַט דאָס איז איהר בייזע באַדייטונג פאַר דעם טיראַן און די אורזאַך פון זיין צאָרען, געמישט מיט מורא, ווען נאָר די „רויטע שמאַטע“, ווי ער רופט זי אַן, באַליידיגט זיין בליק.

דאָס הייסט ניט, אַז ער איז קעגען דעם רויטען קאָליר, ווי אַ קאָליר, אָדער אפילו ווי אַן עמבלעם, ווייל ער האָט דעמזעלביגען קאָליר אין זיינע אייגענע פאָהנען, און קיינמאָל ווערט זיין ליידענשאַפטליכער צאָרען ניט אַרויסגערופען, ווען יענער קאָליר איז צונויפגעמישט מיט אַנדערע קאָלירען. אָבער רויט אַליין, ניט געמישט און ניט געפעלשט, די ריינע רויטע פאַרב, וואָס סימבאָליזירט דאָס געוועהנליכע בלוט

פון דער מענשליכער פאַמיליע, די גלייכהייט פון דער מענשהייט, די ברידערליכקייט פון דער ראַסע, — אַט די פאַרב שטויסט איהם אָפּ, ער האַסט זי, ווייל זי לייקענט אָפּ זיין רעכט צו הערשען און שטעהן איבער אַנדערע מענשען און שטעלט אין געפאַהר זיין מאַכט.

און גראַד דערפאַר, וואָס דער פּלוטאָקראַט ווערט אויסער זיך דערזעהענדיג די רויטע פאָהן, דאַרף דער פּראָלעטאַריער זי אַכטען און פאַרעהרען

פאַר דעם פּלוטאָקראַט איז זי אַ געפאַהר; פאַר דעם פּראָלע־טאַריער איז זי אַ צוזאַג און אַ האָפנונג.

די רויטע פאָהן איז אַ בייזער סימן, אַ צייכען פון שרעק פאַר יעדען טיראַן, יעדען רויבער און יעדען וואַמפּיר, וואָס זויגט אויס דעם לעבענס־זאַפט פון ארבייטער און שפּאַט אָפּ פון זיין עלענד.

זי איז אַן עמבלעם פון האָפנונג, אַ גוטע בשורה פאַר אַלע גע־דריקטע און אונטעריאָכטע אויף דער ערד.

די רויטע פאָהן איז די איינציגע אַלמענשליכע פאָהן; זי איז די פאָהן פון אויפשטאַנד אַנטקעגען רויבעריי; זי איז די פאָהן פון דעם ארבייטער קלאַס, די פאָהן פון האָפנונג און הויכער ענטשלאָ־סענהייט, — די פאָהן פון אַלוועלטליכער פרייהייט.

---

# וואַכט אויף, איהר שקלאַפען

דער לעצטער און געוואַגסטער צוג פון דער פּלוטאָקראַטיע וואָלט אויפגעשוידערט דאָס גאַנצע לאַנד, ווען דאָס פאָלק וואָלט ניט געווען בלינד.

אַ מאָרד־פאַרשווערונג איז געמאַכט געוואָרען און האַלט אין אויסגעפיהרט ווערען אין נאָמען און אונטער די פאָרמען פון געזעץ.

מענשען, וואָס ווילען זיך ניט אונטערגעבען צו פאַרדאָרבענהייט און מיסהאַנדלונג, אַט די מענשען דאַרף מען פּלוצלונג איבערפאַלען, אוועקפיהרען ערגעץ און ערמאָרדען.

דאָס איז דער באַפעהל פון דעם פאַרבאַנד פון די מינען־אייגענ־טימער פון די וועסטליכע שטאַטען און פון זייערע אונטערשטיצער און חברים אין דעם „אויל־טראַסט“ און אין וואָל סטריט, ניו יאָרק.

אַט די בלוט־דורשטיגע רויב־פויגלען ווילען אַרויסרייסען דאָס הארץ פון דעם ווידערשטאַנד צו זייער טיראַנייע און רויבערייע, אַז אַר־בייט זאָל שטעהן פאַר זיי אַ הוילע, אַ שוצלאָזע.

טשאַרלז מאַיער און וויליאַם העיוואוד, פון דער וועסטערן פע־דערײשאַן אוו מײנערס, און זייערע קאָלעגען אין אמט, — אַלע דורכ־אויס מענער אין דעם אמת'ן זין פון וואָרט, — ווערען באַשולדיגט אין ערמאָרדען דעם עקס־גאַווערנאָר פרענק סטײנענבערג פון אײדאַהאָ; דער עקס־גאַווערנאָר האָט נאָר געשניטען דאָס וואָס ער האָט פאַרזייט; און די באַשולדיגונג קעגען די אַרבייטער פיהרער איז נאָר געוועזען אַן אויסרייד, אום צו קענען אַרויפוואַרפען זיך אויף זיי און געהיים, שנעל אַרויספיהרען זיי פון שטאַט אויף אַ ספּעציעלען צוג אונטער אַ שווערער וואַך, אַרײנוואַרפען זיי אין געפענגעניש, פאַראורטיילען זיי אויף דעם געקויפטען און געפעלשטען עדות־זאָגען פון אויסוואורפען און זיי דערשטיקען מיט דעם תליון'ס שטריק.

די גאַווערנאָרס פון אײדאַהאָ און קאָלאָראַדאָ זאָגען, אַז זיי האָבען די באַווייזען, אויף צו פאַראורטיילען די באַשולדיגטע. זיי זיינען אומ־פאַרשעמטע פעלשער און פאַרקויפטע אויסוואורפען, העסליכע ווערק־צייג פון די מינען־אייגענטימער, און אויב ווער עס איז פאַרדינט די תליה, זיינען דאָס זיי אַליין.

מאַיער, העיוואוד און זייערע חברים האָבען פונקט אַזוי ווייניג געהאַט צו טאָן מיט דער ערמאָרדונג פון סטײנענבערג, ווי איך. די באַשולדיגונג איז אַ מורא'דיגער ליגען, אַ פאַרברעכערישע פאַרלוימדונג. זי איז נאָר אַן אויסרייד צו ערמאָרדען מענשען, וואָס זיינען צו עהרליך, אַז זיי זאָלען פאַרראַטען די, וואָס האָבען געגלויבען אין זיי, און צו מוטיג, אַז זיי זאָלען זיך איבערשרעקען פאַר דראָהונגען.

אַרבייטער פיהרער, וואָס קריכען אום פאַר דער פּלוטאָקראַטיע און פאָלגען איהרע באַפעהלען, ווערען געלויבט ביז'ן הימעל; און

די וואָס ענטזאַגען זיך דאָס צו טאָן, מוזען ערמאָרדעט ווערען אויף א געמיינעם אופן.

איך קען פערזענליך און אינטים מאַיער, העיוואוד, פעטיבאָון, סט. דזשאהן און זייערע אָפיציעלע מיטארבייטען, און איך וועל מיין לעבען איינלייגען, אַז זיי זיינען עהרליך און ריין; און גראָד דאָס איז דאָס פארברעכען, פאַר וועלכען „זיי וועלען קיינמאָל ניט פאַרלאָזען אידאהא לעבעדיגע", ווי דער שמוציגער בלוט־הונט, דער שפּיאָן, וואָס האָט „אויסגעאַרבייט די באַשולדיגונג", האָט זיך אויסגעדריקט.

יע, אויב זיי וועלען ניט פאַרלאָזען איידאהא לעבעדיגע, דאַן מעגען די גאָווערנאָרס פון אידאהא און קאָלאראדא, און זייערע בעלי בתים פון וואָל סטריט, ניו יאָרק, ביז די ראָקי מאָונטיינס זיך צוגרייטען נאָכצופאָלגען זיי.

כמעט מיט צוואַנציג יאָהר צוריק האָבען די קאַפּיטאַליסטישע טיראַנען ערמאָרדעט ענליכע אומשולדיגע מענשען פאַר פאַרטיידיגען ארבייט.

איצט ווילען זיי דאָס פּרואווען טאָן נאָך אַמאָל. זאָלען זיי דאָס וואגען!

צוואַנציג יאָהר פון רעוואָלוציאָנערער ערציהונג, אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע זיינען פאַריאיבער זינט דער היימארקעט טראַגעדיע. און אויב מען וועט מאַכען אַ פאַרזוך זי צו ווידערהאָלען, וועט דאָ זיין אַ רעוואָלוציע, און איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך קען אַזאַ רעוואָ־לוציע אויפצוהויבען.

דער קריזיס איז אָנגעקומען, און מיר מוזען איהם קומען אַנט־קעגען. אויף דעם פּונקט, וואָס איז איין אָט דעם פּראָצעס פאַרוויקעלט, קען זיך די גאַנצע מאַסע פון אָרגאַניזירטע ארבייטער קערפּערשאַפטען פאַראייניגען, און יעדער פיינד פון דער פּלוטאָקראַטיע וועט צושטעהן צו אונז. פון די פאַרמס, די פאַבריקען, די קראַמען וועלען שטראָמען די אַרבייטער מאַסען און קומען אַנטקעגען די מיט בלוט באַפלעקטע צושטערער פון פרייהייט, די מערדער פון אומשולדיגע מענשען און די אייביגע שונאים פון פאָלק.

מאיער און העיוואוד זיינען אונזערע פריינד, איבערגעגעבענע און טרייע, און אויב מיר וועלען ניט שטעהן מיט זיי ביז צום לעצטען טראפען בלוט, וועלען מיר זיך אויף אייביג באדעקען מיט שאנד און מיר וועלען פאדינען דאס שיקזאל פון קריכענדיגע פייגלינגען.

מיר זיינען ניט פאראנטוואורטליך פאר דעם קאמף. ניט מיר האבען איהם געוואלט אויפהויבען. ער איז אויף אונז ארויפגעצוואונגען געווארען. און גראד דערפאר וואס מיר פארדאמען געוואלדטאט און האסען בלוט־פארגיסונג, קענען מיר ניט פארלאזען אונזערע חברים און לאזען זיי ערמארדען. אויב זיי קענען ערמארדעט ווערען אהן אן אורזאך, קענען מיר אויך אזוי ערמארדעט ווערען, און אזוי וועט מען מיט אונז טאן, ווען די טיראנען וועלען דאס וועלען.

זיי האבען אונז צוגעשפארט צו דער וואנט, און איצט לאמיר צונויפזאמלען אונזערע קרעפטען, ארויסגעהן זיי אנטקעגען אין אן אפענער שלאכט.

אויב זיי וועלען פרואווען ערמארדען מאיער, העיוואוד און זייערע ברידער, וועלען וועניגסטענס א מיליאן רעוואלוציאנערען ארויסגעהן אנטקעגען זיי מיט ביקסען.

זיי האבען געטאן דאס בעסטע און דאס ערגסטע, וואס זיי האבען געקענט, צו צודריקען און אונטערדריקען אונז. זייערע פאליטיקער האבען אונז פארראטען, זייערע געריכטען האבען אונז אריינגעווארפען אין געפענגעניש אהן א פראצעס, און זייערע סאלדאטען האבען דער־שאסען אונזערע חברים צום טויט!

אפילו דער ווארים דרעהט זיך אויך אום, און דער ארבייטער וועט ענדליך זיך דערהויבען.

זאלען זיי נאר וואגען אויספיהרען זייער טייוועלשען פלאן, און אין יעדען שטאט פון בונד וועט אפקלינגען דער מארש פון רעוואַ־לוציע.

גרייט זיך, חברים, צו דער אקציע! קיין אנדער וועג בלייבט ניט איבער פאר דעם ארבייטער־קלאס. זייערע געריכט־הייזער זיינען פאר אונז געשלאסען, אויסער ווען זיי דארפען אונז פאראורטיילען. אריינ־געהן אין זייערע געריכט־הייזער הייסט פאר אונז נאר ווערען בארויבט

פון דעם ווענינען, וואס מיר פארמאגען, און ווערען געבונדען הענט און פיס; און די רויב־פויגלען, וואס ווערען פעט פון אונזער עלענד, זאלען ארויסרייסען אונז די אויגען.

קאפיטאליסטישע געריכטען האבען קיינמאל גארניט געטאן און וועלען קיינמאל גארניט טאן פאר דעם ארבייטער־קלאס.

וואס עס זאל ניט געטאן ווערען, מוז געטאן ווערען פון אונז אליין. און אויב מיר וועלען אויפשטעהן ווי מענער פון דעם אטלאנטישען אקעאן ביז דעם פאסיפישען, און פון קאנאדא ביז צום מעקסיקאנישען ים־בוזעם, וועלען מיר אריינווארפען אן אימה אין זייערע פייגע הערצער, און זיי וועלען זיך איילען אפצולאזען זייערע הענט פון אונזערע העלזער און וועלען שנעל צוריקטרעטען.

מיר וועלען בעאבאכטען זייער יעדע באוועגונג, און דערווייל וועלען מיר זיך גרייטען צו אקציע.

א ספעציעלער רעוואלוציאנערער צוזאמענפאהר פון דעם פראלעטאריאט אין שיקאגא אדער אנאנדער צענטראלען פונקט וואלט געווען צייטמעסיג; און אויב עקסטרעמע מיטלען מוזען אנגעווענדעט ווערען, קען מען ארויסרופען א גענעראל־סטרייק און פאראליזירען די אינדוסטריע, און דאס וואלט געווען אן איינלייטונג צו אן אלגעמיינעם אויפשטאנד.

אויב די פלוטאקראטען וועלען אנהויבען דעם פאגראם, וועלען מיר עס ענדיגען.

---

## זאל לעבען די רעוואלוציע!

ביי יעדען זון אויפגאנג שיק איך א הארציגען גרוס צו אלע ארבייטער פון דער וועלט. זיי זיינען מיינע קאמעראדען. און איך זוך ניט קיין העכערען כבוד, ווי צו טיילען זייער שיקזאל, און קיין גרעסערע עשירות, ווי צו האבען זייער אכטונג און ליבע.

און איך שליס זיי אלעמען איין, אלע זיינען גלייך, אהן אונטערשיד פון ראסע, גלויבען אדער געשלעכט; און מיין גרוס און

מיין ליעבע צו זיי אַלעמען געהט מיט דער זון אויף איהר וועג אַרום דער וועלט.

אין פאַרלויף פון הונדערטער און הונדערטער יאָהרען זיינען אָט די אַרבייטער, די באַשאַפער פון אַלע זאַכען, די לעבעדיגע און אָטעמדיגע גרונדשטיינער פון דעם גאַנצען סאָציאַלען געבוי, זיי זיינען געוועזען באַלאָדען מיט קייטען און געבויגען צו דער ערד; אָבער ענדליך! אָנגעריהרט פון דעם צויבער פון זייער געמיינשאַפטליכען עלענד, באַגייסטערט פון זייער סאָלידאַריטעט, הויבט אָן זייער פאַרבאָרגענע קראַפט צו צירקולירען אין זייערע אָדערען, זיי לערנען זיך, ווי צו שטעהן גלייך. און אויפהויבענדיג זייערע אויגען, דערזעהען זיי, אַז אַ נייע זון איז אויפגעגאַנגען אויף זייער טריעבען הימעל.

אין זייער לאַנגער קנעכטשאַפט האָבען זייערע הערצער געשלאָגען, און איצט קלאַפען זיי אינאיינעם, ווי איין גרויסע הארץ פון דעם מענשליכען מין. מיט דעם ליכט פון ליעבע אין זייערע אויגען און מיט אויסגעשטרעקטע הענט באַגריסען זיי איינער דעם אַנדערען: „קאַמעראַד!” און אין דעם קלאַפען פון זייערע הערצער קען מען הערען דאָס פויקען פון דער פראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

זייט געגריסט, זיהן און טעכטער פון דער הערליכער אינטערנאַציאָנאַלער אַרמיי, מיט וועלכע איך מאַרשיר שטאָלץ צום זיעג אָדער צום טויט!

---

## מאַן

דאָס גרעסטע וואָס איז דאָ אויף דער גאַנצער וועלט איז—דער מאַן. ער האָט באַשאַפען די וועלט ווי זי איז איצט; און ניט נאָר די וועלט פון היינט, נאָר, אין די שטערענדיגע קעניגרייכען פון געשיכטע, אויך אַלע וועלטען פון אַמאָל, וועמעס אַפשיין באַלויכט די הימלען פון אַלע צייטען.

ער האָט באַשאַפען מצרים, די וועלט פון געלען שיין און רוהם, אויף אייביגען פעלזענשטיין אויסגעקריצט אַן אייביגע קראַפט. ער

האָט באַשאַפֿען די וועלט פֿון גריכענלאַנד, וואו דער מאַרמאָר שיינט צו האָבען באַוועגונג, — צאַרט ווי בלומען, ווייס און פֿולסירענדיג מיט ליידענשאַפֿט, יאָהרהונדערטער נאָכדעם, ווי די אימפּעריע איז פֿאַר־שוואונדען. ער האָט באַשאַפֿען די וועלט פֿון פּאַלעסטינאַ, וועמעס העלדען־געשיכטע וואַרפֿט דעם שאָטען פֿון פּראָפֿעטישער פֿינסטער־קייט און פֿייערליכען גלאַנץ אויף די אַרבייטס־וועלט פֿון היינט. ער האָט באַשאַפֿען די וועלט פֿון רוים, פֿול מיט אָפּקלאַנגען פֿון די טריט פֿון קריעגער; אויך די וועלט פֿון די באַרבאַרען, וואָס האָבען רויה און רויט פֿון ליידענשאַפֿט, אָפּגעווישט רוים פֿון דער ערד. ער האָט באַשאַפֿען די פּעאָדאַלע וועלט פֿון שלאָס און קאַטעדראַל, קנעכט און אָבערגלויבען, זעהונג און לוסט. ער האָט באַשאַפֿען די וועלט פֿון אוואַנטורען, מיט ים־קעניגען און וועלט־הערשער, עראָבערער און פּי־ראַטען. ער האָט באַשאַפֿען די וועלט פֿון מאַשינען, פֿאַנטאַסטיש אין פֿאָרם און מייסטערהאַפֿט אין זייער באַוועגונג. ער האָט באַשאַפֿען די וועלט פֿון ליטעראַטור און האָט זי באַפֿעלקערט מיט כאַראַקטערען, וואָס לעבען, ווען נאָר דאָס אויג איז גרייט זיי צו זעהן.

און ער, וואָס האָט באַשאַפֿען אָט די וועלטען, איז אייביג געווען אַ קנעכט און האָט געדיענט ניט צו אָפּגעטער, נאָר צו לעדיגגעהער, וואָס זיינע אייגענע הענט האָבען באַשאַפֿען און אויפֿגעשטעלט איבער איהם. ער, דער ווייזער נאַר, האָט באַשאַפֿען אַלץ, וואָס זיין פֿאַנטאַזיע האָט איהם נאָר פֿאָרגעשטעלט, דאַן איז ער געשטאַנען, אין שמוץ און שמאַטעס, אונטער דער בייטש פֿון זיין אייגענער שאַפֿונג, און ענדליך האָט זיך אין איהם שנעל אויפֿגעהויבען זיין צאָרן, און ער האָט דאָס פֿאַרניכטעט אין רואינען און בלוט. ער, מיט זיין מייסטער־האַנט, איז מיט פֿאַראַכטונג אָנגערופֿען געוואָרען „אַ האַנט". ער, מיט דעם מאַרך, וואָס שיקט אַן אַרויספֿאָדערונג דער פֿינסטערניש און רייסט פֿון איהר אַרויס ליכט, האָט אַלעמאָל געשטרויכעלט אין פֿינסטערניש מיט קייטען אויף די פֿיס.

דאָך, מיט אַלע זיינע קנעכטישע פֿיהרונגען, איז ער דער וויר־דיגסטער. מיט מוסקולען פֿון אַן אָקס, געקליידט אין שמאַטעס, מיט דעם שטענדיגען גערוך פֿון שוייס, מאַכען זיינע פֿינגער מעלאָדיען פֿון

אַלץ, וואָס זיי באַריהרען, צי דאָס איז ערד אָדער שטאָהל, לייהם אָדער האָלץ. ער קען אַרויסברענגען געטליכע ווערטער, דאָך איז ער שטום אונטער'ן יאָך. אין פאַבריק און אין אָרימען הייזעל, אויפ'ן שאָסע און אויפ'ן צואַקערטען פעלד איז ער הערליך אין זיין אויפטו און שענדליך אין זיין שטאַנד. איך קלער וועגען דעם אַרבייטער אי מיט שאַנד, אי מיט שטאָלץ; מיט שאַנד — צוליעב די פּיאָווקעס פון זיין מין, וואָס אַרבייטען ניט, מיט שטאָלץ — וועגען דעם אין די אַרבייטס־קליידער. ער איז דאָס גרעסטע און בעסטע אויף דער גאַנצער וועלט. ער איז העכער און מעכטיגער פון די בערג. ער איז ברייטער און טיעפער פון די ימים. ער איז מעהר באַהערשענד פון די דונערען און פלינקער פון די בליצען, וואָס האָבען איהם אויסגעוויזען אין זיין יוגענד ווי אַ שרעקליכע נקמה פון די הימלען. די נאַטור קען ניט באַ־האַלטען איהרע סודות פון זיין פאָרשענדען פאַרשטאַנד, און ווען ער שרייט אויס, בויגט אָן דער אַלמעכטיגער זיין אויער צו הערען.

ער בויט אויף נאַציאָנען און צושטערט זיי. ער שטעלט אויף שטעדט, און צוליעב אַ קאַפּריז מיט איין באַוועגונג פון זיין מעכטיגער האַנט, ווישט ער זיי אָפּ פון דער ערד און פאַרגעסט אָן זיי. די ערד דיענט איהם, און ער צווינגט זי איהם צו ערנעהרען. ער שפּיעלט מיט די קרעפטען פון דער נאַטור ווי מיט שפּיעלצייג. ער שפּיעלט אויף דער האַרף פון לעבען, און קוים באַריהרט ער איהרע סטרונעס, ערשיינען נייע מינים פאַר זיינע אויגען, און די שווערע,באַלעסטיגענדע זאַכען פון דער פאַרגאַנגענהייט ווערען פאַרשוואונדען אין פאַרגעסענ־הייט. לאַכענדיג ווישט ער אָפּ פון דער די, וואָס אונטעריאָכען איהם, אָבער באַלד אונטערוואַרפט ער זיך צו נייע הערשער, ווי זיין שיקזאַל וואָלט געוועזן צו שפּיעלען די ראָל פון אַ לאַסט טיער און וויסען דערביי, אַז ער איז אַ גאָט.

ער איז דער איינציגער גליקליכער און איינציגער אומגליקליכער אויף דער ערד. ער — דערוואָס לאַכט און וויינט, דער באַשאַפער און דער קריעגער, דער גאָט און דער גולם. ער וואָס האָט פאַרדיענט יעדען לויב און יעדען טאַדעל אויף אייביג און אייביג, אין וועלטען אָהן אַ סוף.

# פרוי

כאָטש איך פאַראַכט די ריטערליכקייט, וואָס קושט די האַנט פון דער פרוי און דערלאָזט ניט דיזעלבע האַנט העלפען אָנפיהרען די וועלט; כאָטש איך וואָלט זיך ניט געבוקט פאַר דער פרוי ווי פאַר עפּעס, וואָס איז העכער פון מאַן,און וואָלט איהר דאָך געגעבען דאָס רעכט וואָס איך פאָדער פאַר זיך אַליין, — פונדעסטוועגען קען איך ניט דענקען וועגען דער פרוי אָהן דער טיעפער אַכטונג, כמעט פאַרגעטערונג. און וואָס איך פאַרגעטער אין דער פרוי, וואָלט איך אויך פאַרגעטערט אין דעם מאַן, ווען ער וואָלט דאָס ניט אויסגעשלאָסען פון זיין לעבען.

מעכטיג איז די האַנט פון מאַן. ער לאָזט זי אַראָפּ אויף די רייהען בערג, און זיי גלייכען זיך אויס אין עבענעס. ער שלאָגט די וועלען פון אָקעאַן, און זיי טראָגען זיינע שיפען אין זיכערהייט. ער דראָהט דער נאַכט מיט זיין פויסט, און באַשעפענישען פון שטאָהל קומען אַרויס אויסצופיהרען זיינע באַפעהלען. אָבער אויב די האַנט פון דעם מאַן איז מעכטיג, איז די האַנט פון דער פרוי וויך און קען אַזוי גוט טרייסטען און היילען. אויב די האַנט פון דעם מאַן האָט די צויבער־מאַכט אויסצופיהרען זאַכען, האָט אָבער די קליינע ווייסע האַנט פון דער פרוי די נאָך גרעסערע צויבער־קראַפט שטענדיג צו באַרוהיגען און בענשען. די באַריהרונג פון איהרע פינגער ברענגט צום האַרטען קראַנקען בעט באַקוועמליכקייט און אַנגענעהמע טרוימען. מיט איין גלעט פון איהר האַנט שטעלט זיך אָפּ אַ קינד'ס געוויין און רופט אַרויס אַ שמייכעל אַנשטאַט טרעהרען.

אויב דער מאַן דער ריעז מאַכט די וועלט גרויס, מאַכט אָבער די פרוי די צויבערין די וועלט שעהן. אויב דער מאַן געפינט די שפּייז, איז דאָס אָבער די פרוי, וואָס פיהרט דאָס קינד דורך וועגען, וואָס זי באַדעקט מיט רויזען; און זי איז דאָס, וואָס באַשיינט און פאַרזיסט דעם וועג, דורך וועלכען די נשמה, אַן איינזאַמע, געהט איהר וועג צו דאָס אומבאַקאַנטע.

אויב דער מאַן באַשאַפט די נאַציאָן, האָט אָבער אַ פרוי אַ גרעסערען אויפטו, זי באַשאַפט די היים.

ווען איך טראַכט וועגען דעם, וואָס די וועלט וואָלט געווען אָהן דעם באַגייסטערענדען איינפלוס פון דער פרוי, שעהם איך זיך ביי דעם געדאַנק, וואָס די וועלט האָט מיט איהר געטאָן. זי האָט פאַר דער וועלט געטאָן אַלץ, און דער מאַן האָט איהר געטאָן אַל דאָס בייז. ער האָט אָנגעפילט איהרע הענט מיט לאַסטען, וואָס זיינען געווען איבער איהרע כחות, ער האָט אַרויפגעלייגט אויף איהרע אַקסלען משאות, וואָס האָבען זי אַראָפּעבויגען ביז צו דער ערד. און כאָטש זי איז געגאַנגען מיט וואַקלענדיגע טריט און האָט זיך ניט געוועהרט און האָט געקושט די האַנט, וואָס האָט זי געשלאָגען, האָט ער זי מיסהאַנדעלט, ווי אַ נידריגערע באַשעפעניש, און האָט געהערשט איבער איהר, ווי זי וואָלט געווען זיין שקלאַפין.

דאָך איז די פרוי די היטערין פון דעם הייליגען פייער. וואָלט זי דורכגעפאַלען אין איהר אויפגאַבע, וואָלט די וועלט זיך אומגעקערט צו דעם שטיין אַלטער, און דער מאַן וואָלט צוריק געוואָרען אַ הוילער באַרבאַר. דאָס האָט די פרוי אויסגעפונען אַלע קונסטען, פון אַגריקולטור ביז וועבעריי, פון אַרכיטעקטור ביז מוזיק.

די שטים פון דער פרוי דערהויבט דאָס די נשמה אין געבעט און הימן צו העכערע זאַכען.

אין דער שעהנער וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפען, איז קיין זאַך ניט אַזוי שעהן ווי די פרוי. און אָהן איהר דיענסט און הילף וואָלטען אַלע זאַכען באַלד פאַרלאָרען זייער צויבער. דאָס טראָגט די פרוי די צוקונפט אין איהר לייב, און זי ברענגט אויף איהר ליעבע און הייליגער ברוסט לעבען צו העכערע פאָרמען און נאָבעלערע אַרטען. קיין זאַך איז ניט אַזוי וואונדערליך, ווי מוטערשאַפט. קיין זאַך איז ניט הייליגער, ניט געטליכער, ווי די פרויענשאַפט, אין וועמעס הענט עס איז איבערגעגעבען דאָס צוקונפטיגע שיקזאַל פון דעם מענשליכען מין, דאָס הייסט, דאָס וואוילזיין און וועה פון אַלץ, וואָס אַטעמט.

קיין עכטער מאַן קען זיך ניט פאָרשטעלען זיין מוטער אַנדערש ווי פאַלקאָם. קיין פאַרהייראַטער מאַן, וואָס איז נאָך אַלץ דער פאַרליעבטער, — ווי אַלע מענער וואָלטען געדאַרפט זיין, — קען ניט גלויבען, אַז זיין פרוי איז ניט אַזוי שעהן, פיהלען, אַז זי איז איהם ניט אַזוי

טייער, ווי ווען זי האָט צום ערשטען מאָל געוואונען זיין הארץ אין דער בליהונג פון איהר שעהנקייט.

פאַר מיין גייסטיגען בליק שטעהט אויף אַ פרוי, וואָס איז העכער, נאָבעלער און געטליכער, ווי די מוטערס און פרויען פון מענער, שוועס־טער און טעכטער זיינען געווען אין די פינסטערע טעג פון דער פאַר־גאַנגענהייט, און ווי זיי זיינען נאָך אין אונזערע טעג. ווען עס הויבט שוין אָן טאָגען אין דעם העלען טאָג פון יענער שעה וועט די פרוי באַקומען איהר געלעגענהייט, און ווייל איהר צייט וועט דאַן אָנ־קומען, וועט אַלץ וואָס לעבט זיך דערהויבען און פאַנאַנדערשפּרייטען און זיך באַטייליגען אין דעם אַלגעמיינעם גליק פון דעם מענשליכען מין. ליעבע וועט דאַן הערשען אָנשטאָט האַס, שעהנהייט וועט פאַר־נעמען דעם אָרט פון העסליכקייט, פריעדען — דעם אָרט פון קריעג, איבערפלוס — דעם אָרט פון אָרימקייט. און די גאַנצע וועלט וועט אונטער איהר פרייער אָנפיהרונג, זיין אַ היים, אַ זיכערע און הייליגע, אַ ליעבע און באַפרידיגענדע.

## דאָס קינד

עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס מלאכים האָבען אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון דעם קינד פון בית לחם, ווייל דאָס קינד איז אַלע מאָל דער ערלייזער פון דער וועלט. אין זיין שוואַכקייט איז פאַרבאָרגען די שטאַרקייט פון דעם מאַן; און זיין הילפלאָזיגקייט איז די אייביגע בשורה פון פריינדליכקייט און מיטאַרבייטערשאַפט.

מען זאָגט אונז, אַז די וועלט איז פול מיט זינד, און די געזעל־שאַפט איז גרויזאַם און אומגערעכט; אַז אומעטום זעט מען אָרימקייט און קראַנקהייט. וואָס וואָלט די וועלט געווען, ווי אומענדליך ערגער, ווען די געזעלשאַפט וואָלט ניט באַנייט געוואָרען, טראָפען נאָך טראָפען, מיט דער פרישקייט און ריינקייט אין דער פאָרם פון קינדער, ביז די וועלט איז אינגאַנצען אַ נייע יעדע דרייסיג יאָר!

„גוטע בשורות פון גרויסער פרייד, ווייל אַ קינד איז ביי אייך געבאָרען געוואָרען", — יעדער פאָטער פיהלט, דער הימעלשער כאָר וואָלט פונקט אַזוי געקענט לויבען זיין אייגען קינד, ווייל איז דען דאָס

ניט א נס, וואס פון אומריינקייט איז ארויסגעקומען ריינקייט און פון א דורכפאל איז געווארען א מעגליכקייט. וואס קיינער קען ניט אפ־מעסטען? אייביג איז די האפנונג פון דער וועלט אין דעם קינד.

קינדער און בלומען געהען צוזאמען; ווייל בלומען זיינען דאך די קליינע קינדער פון דער געמיינשאפטליכער מוטער, אויף וועמעס ברייטער און פרידליכער ברוסט מיר וועלען ענדליך אנטשלאפען ווערען זייט ביי זייט.

ווען די בליהונג קומט ארויס פון דער ערד, ווערט די נאטור פארהערליכט, און די נשמות פון די זינג פויגלען גיסען זיך אויס אין מעלאדיען אין אנגעזיכט פון דעם וואונדער. ווען קינדער ווערען גע־בראכט אויף דער וועלט, דארף דאס הארץ זינגען, און די נשמות פון מאן און פרוי זאלען זיין אנגעפילט מיט געטליכען עקסטאז. יעדעס לעבען פון א קינד דארף זיין אזוי גליקליך און געזונט, ווי די פריידינגע פריהלינגס־צייט, און אזוי פרעהליך, ווי דאס מורמלענדע טייכעל, וואס זינגט און טאנצט אויף זיין וועג צום ים.

די העכסטע שאנד פון די יאהרהונדערטער איז, וואס קינדער ווערען געבארען אומצוקומען אין ארימקייט און עלענד, אין העסליכ־קייט און טויט. עס איז א געוואלטיגע שאנדטאט, וואס שרייט ארויף צום הימעל, וואס מיר פארקריפלען און דעגראדירען און מאכען אומ־גליקליך די הונדערטע מיליאן קינדער, וואס ווערען אונז געשיקט יעדעס יאהר. אלע אנדערע זינד וואלטען אונז געקענט פארגעבען ווערען, אבער אזא אומבאשרייבליכער פארברעכען קעגען דער אומשולדיגער קינדהייט קען אונז קיינמאל ניט פארגעסען ווערען. שעהמען דארף זיך די העסליכע געזעלשאפט, וואס באשאפט אט די מחנות פון שעהנע בליטען, צו זעהן שפעטער, ווי זיי פארוועלקען אין די „שוויץ"־פאבריקען, פוילען אין די שאנדהייזער און געהען אויס מיט בלוט אויף די שלאכטפעלדער!

מען קען זיך ניט פארשטעלען קיין זאך, וואס איז ליעבער, וואס איז הייליגער, ווי א גליקליכע געזונטע וועלט, פריי פון נויט און קריעג, וואו קינדער שפיעלען אויפ'ן גראז און שרייען פאר פרייד. דער מאן קען זיך ניט פארשטעלען קיין ריהרענדערן צורוף, קיין גרעסערען כבוד,

ווי ווען אומשולדיגע אויגען קוקען מיט צוטרוי אין זיינע אויגען, און קליינע הענטלעך נעמען אַן, גאָר ניט פרעגענדיג, זיין גרויסע האַנט, אַז ער זאָל פיהרען. און שעהמען דאַרף זיך דער מאַן, וואָס וואָלט פאַרראַטען אַזאַ הייליגע צוטרוי, אָדער וואָלט די קליינע קינדערלעך פאַרפיהרט! פרויען טוען דאָס זעלטען, ווייל פרויען ווערען געפיהרט פון דעם קינד צו דעם, וואָס איז אמת און גוט, פונקט אַזוי זיכער, ווי זיי אַליין פיהרען די קליינע קינדער אויף וועגען פון ריינקייט און פריעדען.

צווישען אַלע פרעהליכע געזאַנגען און צאַרטע מעלאָדיען, מיט וועלכע דאָס געפיהל האָט באַשאַנקען און באַרייכערט די וועלט, איז קיין זאַך ניט אַזוי ליעב, ניט אַזוי מוזיקאַליש, ווי דער פריידיגער גע־לעכטער פון קינדהייט. קיין שפּראַך זאָגט ניט אַזוי פיעל, ווי דאָס אומ־שולדיגע פּלוידערען פון אַ קינד. דאָס פאַרשטעהט דער מענש פון יעדער ראַסע, דער ווילדער און דער הייליגער, און דאָס מאַכט פון דעם מאַנ׳ס וועלט אַ מענשליכע ברודערשאַפט.

גליקליך זיינען די מענער און פרויען, וואָס זיינען באַשאָנקען געוואָרען מיט קינדער, וואָס פיהרען און בענשען זייערע לעבענס. די זאָרג איז אפשר גרויס, אָבער אומענדליך גרעסער איז דאָך דאָס גליק. די נאַטור האָט היינט איינגעשטעלט די הייליגע דריי אייניגקייט פון מאַן, פרוי און קינד, צו פאַרפאָלקאָמען דאָס לעבען און איהם צוגעבען קראַפט און שעהנקייט. און אונזער אייגענע שאַנד איז, וואָס דורך אונזערע אייגענע פאַרברעכערישע פיהרונגען צושטערען מיר די פּלענער פון דער נאַטור.

ווען דער שניי וואָס שמעלצט ניט, באַדעקט די האָר פון פאָטער און מוטער, קוקט דאָס קינד צוריק און האַלט דאָס איין אין זיין זכרון אויף אייביג ווי דעם אָפּשיין פון רוהם און הייליגקייט.

# דעבס׳ רעדע פאַר דער דזשורי

צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען ערשיין איך אין אַ געריכט פון געזעץ, צו ענטפערען אויף אַ באַשולדיגונג אין אַ פאַרברעכען. איך בין ניט קיין אַדוואָקאַט. איך ווייס ווייניג וועגען געריכטליכער פּראָצעדור, וועגען די רעגלען פון באַווייזען און וועגען דער פראַקטיק פון געזעץ. איך ווייס נאָר, אַז איהר, מיינע הערען, דאַרפט אויסהערען די באַווייזען, וואָס זיינען געגען מיר געמאַכט געוואָרען, אַז דאָס געריכט וועט אייך אינסטרואירען אין געזעץ, און איהר וועט דאַן דאַרפען באַשליסען, דורך אייער ווערדיקט, צו איך זאָל געשטעמפּעלט ווערען ווי אַ שולדיגער אין אַ פאַרברעכען און בלייבען פאַרשפאַרט אין אַ צעל, אפשר ביז צום סוף פון מיין לעבען.

מיינע הערען, איך האָב ניט מורא צו שטעהן איצט פאַר אייך אַ באַשולדיגטער, און איך וויל ניט אויסמיידען די פאָלגען פון מיינע רייד אָדער האַנדלונגען. שטעהענדיג דאָ פאַר אייך, באַשולדיגט אין אַ פאַרברעכען, קען איך קוקען מיינע ריכטער אין געזיכט, קען איך קוקען אייך אין געזיכט, קען איך קוקען דער גאַנצער וועלט אין געזיכט, ווייל אין מיין געוויסען, אין מיין נשמה פיהל איך ניט קיין שולד.

ערלויבט מיר אייך צו זאָגען פריהער פאַר אַלץ, אַז איך בין פאָלשטענדיג צופריעדען מיט דער ענטשיידונג פון געריכט. איך האָב גאַרניט וואָס אויסצוזעצען קעגען דעם אַסיסטענט דיסטריקט אַטוירני אָדער דעם פּראָקוראָר.

איך וויל דאָ צו געבען, אַז אַלע אויסזאָגונגען אין פאַרלויף פון די איצטיגע פאַרהאַנדלונגען זיינען געוועזען אמת. איך בין ניט געניינט אָפּצולייקענען דאָס, וואָס איז אמת. איך וואָלט ניט געוואָלט אויסמיידען די פאָלגען פון אַן אונגינסטיגען ווערדיקט, אפילו ווען איך וואָלט דאָס געקענט טאָן. איך וויל ניט נעהמען צוריק אפילו איין וואָרט פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט און וואָס איך האָב געהאַלטען פאַר אמת, נאָר אום צו רעטען זיך און ניט דאַרפען געהן אין פּעני־טענשערי, פאַר די גאַנצע צייט, וואָס בלייבט מיר נאָך צו לעבען.

מיינע הערען, איהר האט אויסגעהערט דעם באריכט פון מיין רעדע אין קענטאן דעם 16טען יוני, און איך ערקלער, אז עס איז אין יענער רעדע ניט געווען קיין ווארט, וואס זאל רעכטפערטיגען די באשולדיגונגען, וואס שטעהען אין מיין אינדייטמענט. איך גיב צו, אז אין אלע הויפט־שטריכען איז מיין רעדע ריכטיג באריכטעט געווארען אין פארלויף פון די איצטיגע פארהאנדלונגען.

אין דעם וואס איך האב דארט געוואלט זאגען האב איך געהאט די אבזיכט אויפצוקלערען דאס פאלק, אז זיי זאלען אנהויבען פארשטעהן דאס סאציאלע סיסטעם, אין וועלכען מיר לעבען, און צוגרייטען זיי צו דער אומוואנדלונג פון אט דעם סיסטעם, דורך פאלשטענדיג פרידליכע און געזעצליכע מיטלען, אין דעם, וואס איך, ווי א סאציאליסט, האלט פאר אן אמת'ע דעמאקראטיע.

פון דעם וואס איהר האט געהערט אין דעם פראקוראר'ס רעדע וואלט איהר געקענט שליסען, אז איך פרעדיג מאכט און געוואלדטאט. דאס איז ניט ריכטיג. איך האב קיינמאל ניט געפרעדיגט געוואלדטאט אין וועלכער ניט איז פארם. איך האב אלעמאל געלויבט אין בילדונג, אין פארשטאנד, אין אויפקלערונג, און איך האב אלעמאל אפעלירט צום שכל און צום געוויסען פון פאלק.

איך גיב צו אז איך בין א געגנער פון דעם איצטיגען סאציאלען סיסטעם. דאס ווייניגע, וואס איך קען טאן, טו איך און האב געטאן אין פארלויף פון פיעלע יאהרען, צו ברענגען אן ענדערונג, וואס זאל אפשאפען די הערשאפט פון א פארהעלטניסמעסיג קליינעם קלאס איבער דער גרויסער מאיאריטעט פון פאלק, וואס זאל איינשטעלען אין אונזער לאנד אן אינדוסטריעלע און סאציאלע דעמאקראטיע.

אין דער געשיכטע קומען פאר גרויסע ענדערונגען, אין וועלכע גרויסע פרינציפען זיינען פארוויקעלט, און די מאיאריטעט איז געוועהנליך אומגערעכט. די מינאריטעט איז דאן גערעכט. אין יעדער צייט זיינען געווען עטליכע העלדישע נאטורען, וואס זיינען געגאנגען ווייט פאראויס פון זייער צייט. מען האט זיי מיספארשטאנען, פארלוימדעט, פארפאלגט און אמאל הינגעריכטעט. און לאנג נאך זייער

מאַרטירער־טויט האָט מען זיי אויפגעשטעלט מאָנומענטען און מען האָט געלעגט בלומען אויף זייערע קברים.

דאָס איז די טראַגישע געשיכטע פון דעם מענשליכען מין. אין דער אור־אַלטער וועלט האָט סאָקראַטעס געוואָלט לערנען דאָס פאָלק נייע אמת׳ען, און מען האָט איהם דערפאַר געצוואונגען צו טרינקען גיפט. און דאָס האָט זיך ווידערהאָלט אין דעם גאַנצען סוף פון די יאָהר־הונדערטער. די מענער און פרויען, וואָס זיינען געגאַנגען פאָראויס, וואָס האָבען געהאַט נייע געדאַנקען, נייע אידעאַלען, וואָס האָבען גע־האַט דעם מוט אַנצוגרייפען די איינגעשטעלטע אָרדנונג, האָבען אַלע געמוזט באַקומען די שטראָף.

מיט אַנדערהאַלבען יאָהרהונדערטער צוריק זיינען נאָך די אַמע־ריקאַנער קאָלאָניסטען געווען אויסלענדישע אונטערטאַנען. און ווען עס האָבען זיך דאָן געפונען אייניגע מענשען, וואָס האָבען געהאַט גלויבען אין דעם איינפאַכען פאָלק און זיינען געווען איבערצייגט, אַז זיי קענען זיך אַליין רעגירען אָהן אַ קעניג, זיינען זיי דערפאַר באַשטראָפט געוואָרען. אין יענער צייט רעדען אַנטקעגען דעם קעניג איז געווען איינפאַכער פאַררעט. אויב איהר האָט געלעזען בענקראָפט אָדער אַן אַנדער אַנערקענטען היסטאָריקער, וועט איהר איינזעהן, אַז אַ גרויסע מאַיאָריטעט פון די קאָלאָניסטען האָבען געגלויבט אין קעניג, האָבען אין דער אמת׳ן געגלויבט, אַז ער האָט דאָס געטליכע רעכט צו הערשען איבער זיי... עס זיינען אָבער געווען אייניגע מענשען אין יענער צייט, וואָס האָבען געזאָגט: „מיר דאַרפען ניט קיין קעניג. מיר קענען זיך אַליין רעגירען". און זיי האָבען אָנגעהויבען אַן אַגיטאַציאָן, וואָס די געשיכטע האָט אונ־שטערבליך געמאַכט.

וואַשינגטאָן, עדעמס, פּעין, — זיי זיינען אין זייער צייט געווען רעוואָלוציאָנערען. צוערשט איז דאָס פאָלק געווען קעגען זיי, און די פּרעס האָט זיי פאַרדאַמט... זיי האָבען אָבער געפונען אין זיך דעם מאָראַלען מוט צו שטעהן גלייך און ניט אַכטען די שטורעמס פון פאַר־לוימדונג. און אַט פאַרוואָס זייערע נעמען זיינען געבליבען אין דער גע־שיכטע. און אַט פאַרוואָס די גרויסע רעספּעקטאַבעלע מאַיאָריטעט פון זייער צייט רוהט אין פאַרגעסענע קברים.

אין א שפּעטערער צייט האָט זיך אָנגעהובען אַנאַנדער מעכטיגע אַגיטאַציע אין אונזער לאַנד. זי איז געווען געווענדעט געגען אַן אינסטיטוציע, וואָס מען האָט געהאַלטען אין איהר צייט פאַר זעהר א רעספּעקטאַבעלע, די אינסטיטוציאָן פון קנעכטשאַפט... אַלע אָר־גאַניזירטע קרעפטען פון דער געזעלשאַפט און די גאַנצע מאַכט פון דער רעגירונג האָבען אויפגעהאַלטען לייב־אייגענטום אין יענער צייט, און ווידער האָבען זיך באַוויזען אייניגע פאַרטגעשריטענע דענקער. איינער פון זיי איז געווען עלייזשא לאַווזשאָי... לאַווזשאָי איז קאָלטבלוטיג ערמאָרדעט געוואָרען אין אָלטאָן, אילינאָי, אין 1837 נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געווען א געגנער פון לייב־קנעכטשאַפט, פּונקט ווי איך בין א געגנער פון לוין־שקלאַפעריי. ווען איהר וועט פאָהרען אַראָפּ דעם טייך מיסיסיפּי אונזועט א קוק טאָן אין אָלטאָן, וועט איהר דערזעהן א גרויסאַרטיגען ווייסען זייל. דער זייל איז דאָרט אויפגע־שטעלט געוואָרען צום אָנדענק פון א מענשען וואָס איז געבליבען טריי צו זיך אַליין און זיינע איבערציינונגען פון רעכט און פליכט ביז צום טויט.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו קענען פּערזענליך ווענדעל פי־ליפּס. איך האָב געהערט די געשיכטע פון זיינע פאַרפאָלגונגען פון זיינע אייגענע ליפּען, איידער דער טויט האָט זיי געשלאָסען.

וויליאַם לאַיד גאַריסאָן, גאַרעט סמיט, טאַדעאוש סטיווענס, אַט די פיהרער פון דער אַבאָליציאָנס באַוועגונג, וואָס מען האָט אין זייער צייט באַטראַכט ווי מאָנסטערס און דעגענעראַטען, זיינען געבליבען טריי צו זייער גלויבען און האָבען ניט אָפּגעטראָטען פון זייער פּאָ־זיציע. זייערע נעמען זיינען פאַרצייכענט אין דער געשיכטע. איהר לערענט אייערע קינדער צו אַכטען זייער אָנדענק, ווערענד אַלע פאַר־לוימדער זייערע זיינען פאַרגעסען.

לייב־קנעכטשאַפט איז פאַרשוואונדען. מיר זיינען נאָך ניט פריי. מיר פיהרען היינט אַן אַן אַנדער מעכטיגע אַגיטאַציע. זי איז אַזוי ברייט ווי די וועלט. דאָס איז דער אויפשטאַנד פון די אַרבייטענדע מאַסען, וואָס קומען ביסלעכווייז צום באַוואוסטזיין וועגען זייערע

אינטערעסען און זייער מאכט ווי א קלאס, וואס ארגאניזירען זיך אינדוסטריעל און פאליטיש און וואס ענטוויקלען לאנגזאם אבער זיכער די עקאנאמישע און פאליטישע מאכט, דורך וועלכער זיי וועלען זיך באפרייען. זיי זיינען נאך אלץ אין מינאריטעט, אבער זיי האבען זיך אויסגעלערענט ווארטען, אפווארטען זייער צייט.

פון דעם אנהויב פון דער מלחמה ביז היינט בין איך קיינמאל ניט געווען שולדיג, דורך רייד אדער האנדלונגען, אין די זאכען, וואס זיינען אויסגערעכענט אין דעם באשולדיגונגס אקט קעגען מיר. אויב איך האב קריטיקירט, אויב איך האב פארדאמט, איז דאס געווען נאר דערפאר, ווייל איך האב זיך געפיהלט בארעכטיגט אזוי צו טאן אונטער די געזעצען פון לאנד. איך האב געהאט פרעצעדענטען פאר מיין שטעלונג. דאס לאנד האט שוין דורכגעמאכט עטליכע מלחמות און אין יעדער איינער פון זיי האבען זיך געפונען איינינגע פון די פראמינענטסטע מענשען פון לאנד, וואס האבען די מלחמה פארדאמט. די רעוואלוציאנערע מלחמה האט געהאט געגנער. די טארי פרעס האט זי פארדאמט ווי פארברעכער, און מענשען וואס שטעהען אויסער געזעץ.

די מלחמה פון 1812 האט געהאט געגנער, וואס האבען זי פארדאמט. די מעקסיקאנער מלחמה איז ביטער אנגעגריפען געווארען פון אייבראהאם לינקאלן, טשארלס סאמנער, דעניעל וועבסטער און הענרי קלעי. אט די מענשען האבען דאמאלט פארדאמט דעם פרעזידענט און זיין אדמיניסטראציע. זיי האבען ערקלערט, אז די מלחמה איז א פארברעכען קעגען דער מענשהייט. מען האט זיי ניט אנגעקלאגט און ניט פראצעסירט פאר פארברעכען. זיי ווערען היינט געאכט פון אלע זייערע קאפאטריאטען. די מלחמה פון דער רעוואלוציע האט געהאט געגנער און איז פארדאמט געווארען. אין 1864 האט די דעמאקראטישע פארטיי אפגעהאלטען א קאנווענשאן אין שיקאגא און האט דורכגעפיהרט א רעזאלוציאן, וואס פארדאמט די מלחמה ווי א דורכפאל. וואס וואלט איהר געזאגט, ווען די סאציאליסטישע פארטיי וואלט איצט אפגעהאלטען א קאנווענשאן און וואלט אנגענומען א רעזאלוציאן, וואס פארדאמט די איצטיגע מלחמה ווי א דורכפאל? איהר באשולדיגט אונז, אז מיר זיינען אונלאיאל און פאררעטער.

זיינען די דעמאָקראַטען אין 1864 געווען אונלאָיאַל און פאַררעטער, ווייל זיי האבען פאַרדאַמט די מלחמה ווי אַ דורכפאַל?

איך גלויב אין דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען. איז דאָס ניט זאָנדערבאַר, אַז מיר, סאָציאַליסטען, שטעהען כמעט אַליין היינט, ווען מיר פאַרטיידיגען די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען? די רעוואָלוציאָנערע פאָטערס, וואָס האָבען גע־פיהלט דעם דרוק פון דער קעניגליכער הערשאַפט, האָבען פאַרשטאַנען, אַז פרייהייט פון וואָרט און פרעס און דאָס רעכט פריי צו פאַרזאַמלען זיך זיינען פאַר'ן פאָלק די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען פון דעמאָקראַ־טישער רעגירונג. דער ערשטער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע זאָגט:

„דער קאָנגרעס זאָל ניט דורכפיהרען קיין געזעץ איינצושטעלען אַ רעליגיע אָדער צו באַשרענקען די רעכט פון אַ רעליגיע; צו באַ־שרענקען די פרייהייט פון וואָרט אָדער פון פרעס; צו באַשרענקען דאָס רעכט פון פאָלק צו פאַרזאַמלען זיך פרידליך און צו שיקען פּעטי־ציעס צו דער רעגירונג און פאָדערען גערעכטיגקייט".

דאָס זיינען גאַנץ קלאָרע ווערטער. אַ קינד קען זיי פאַרשטעהן. איך גלויב, אַז די רעוואָלוציאָנערע פאָטערס האָבען טאַקי געמיינט דאָס, וואָס זיי האָבען דאָ אַרויסגעזאָגט: אַז דער קאָנגרעס זאָל ניט דורכפיהרען קיין געזעץ צו באַשרענקען די פרייהייט פון וואָרט אָדער פרעס, אָדער דאָס רעכט פון פאָלק צו פאַרזאַמלען זיך פרידליך און צו שיקען פּעטיציאָנען צו דער רעגירונג און פאָדערען גערעכטיגקייט.

דאָס איז דאָס רעכט, מיט וועלכען איך האָב זיך באַנוצט אין קענטאָן דעם 16טען יוני. און דערפאַר, וואָס איך האָב זיך באַנוצט מיט יענעם רעכט, דאַרף איך דאָס ענטפערען אויף די איצטיגע באַ־שולדיגונגען. איך גלויב אין דאָס רעכט פון פריי רעדען, אין מלחמה אַזוי גוט ווי אין פרידען. איך וואָלט אין קיין פאַל ניט פאַרמאַכט דאָס מויל פון מיין ביטערסטען שונא. איך וואָלט אין קיין פאַל ניט אָפּגעשטעלט די פרייהייט פון וואָרט. עס איז פיעל געפעהרליכער צו פּרוּווען פאַרמאַכען דאָס מויל פון פאָלק, איידער לאָזען עס פריי אַרויסרעדען, וואָס עס דריקט איהם.

איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין אַדוואָקאַט. אָבער מיר דאַכט, אַז איך ווייס גענוג צו וויסען, אַז אויב דער קאָנגרעס נעמט אָן אַ געזעץ, וואָס איז אין ווידערשפּרוך צו אַט דעם זאַץ אין דער קאָנסטיטוציע, איז דאָס אונגילטיג. אויב דאָס שפּיאָנען־געזעץ בלייבט שטעהן פעסט, איז די קאָנסטיטוציאָן פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען אָפּגעשאַפט. אויב דאָס געזעץ איז ניט די אָפּלייקנונג פון יעדען פונדאַמענטאַלען פּרינציפּ, וואָס די קאָנסטיטוציע האָט פעסטגעשטעלט, דאַן בין איך זיכער ניט אימשטאַנד צו לעזען אָדער פאַרשטעהן די ענגלישע שפּראַך.

אין פאַרלויף פון די פאַרהאַנדלונגען דאָ, האָט איהר, מיינע הערען, געקענט שליסען, אַז איך בין פּראָ־דייטש אין דיזען זין, וואָס איך סימפּאַטיזיר מיט דער אימפּערישער רעגירונג פון דייטשלאַנד. מיין פאָטער און מיין מוטער זיינען געבאָרען געוואָרען אין עלזאַס. זיי ליבען פראַנקרייך מיט אַ הייליגער ליידענשאַפט. זיי האָבען פאַר־שטאַנען, וואָס מיינט פּרייסענטום, און זיי האָבען דאָס געהאַסט מיט׳ן גאַנצען הארצען. מיך האָט מען ניט געדאַרפט לערנען האַסען דעם פּרייסישען מיליטאַריזם. איך האָב פון זיי געוואוסט, וואָס פאַר אַ פאַרהאַסטע, דריקענדע, ברוטאַליזירינדע מאַכט דאָס איז געווען און איז. איך קען זיך גאַרניט פאָרשטעלען, ווי אַזוי עמיצער האָט געקענט פאַרדעכטיגען, אַז איך האָב פאַר איין אויגענבליק געקענט האָבען די מינדעסטע סימפּאַטיע מיט אַזאַ משונה׳דיגער זאַך. איך האָב פאַקטיש גערעדט און געשריבען קעגען דעם מיין גאַנץ לעבען. איך ווייס, אַז דער קייזער איז אַ פאַרקערפּערונג פון אַלץ וואָס איז ברוטאַל און מערדערליך...

מיט יעדען טראָפּען בלוט אין מיינע אָדערען פאַראַכט איך דעם קייזעריזם אין אַלץ, וואָס ער דריקט אויס און וואָס ווערט אונטער איהם פאַרשטאַנען. איך סימפּאַטיזיר מיט דעם קעמפּפענדען, ליידענדען פאָלק אומעטום. עס מאַכט ניט אויס, אונטער וועלכער פאָהן זיי ווערען געבאָרען און ווי זיי לעבען; איך סימפּאַטיזיר מיט אַלע ליידענדע. ווען איך וואָלט געקענט גרינדען אַ סאָציאַלע סיסטעם, וואָס זאָל זיי אַלעמען איינשליסען, וואָלט איך דאָס געטאָן.

און איצט, מיינע הערען, געשווארענע ריכטער, וועל איך אייך ניט פארהאלטען צו לאנג... איך קען ניט נעמען צוריק קיין איין ווארט. איך קען ניט צוריקציהייז קיין איין זאץ. איך שטעה פאר אייך א שולדיגער אין דעם, וואס איך האב געהאלטען יענע רעדע... איך וויים ניט און קען ניט פאראויסזאגען, וואס אייער ווערדיקט וועט זיין; און אויף וויפיעל דאס אנבעטרעפט מיר, איז דער אונטערשיעד ניט קיין גרויסער.

מיינע הערען, איך בין דער קלענסטער טייל אויף אט דעם פראצעס. איך האב אפגעלעבט גענוג לאנג צו פארשטעהן מיין אייגענע אונוויכטיגקייט אין באצוג צו א גרויסער פראגע, אין וועלכער דאס וואוילזיין פון א גאנצען פאלק איז פארוויקעלט. וואס איהר וועט ניט באשליסען צו טאן מיט מיר, האט נאך אלעמען ווענינ באדייטונג. ניט איך ווער דא פראצעסירט. אן אונגעהויער וויכטיגערע פראגע ווערט פראצעסירט היינט אין אט דעם געריכט, כאטש איהר וויסט דאס אפשר ניט. די אמעריקאנער קאנסטיטוציע ווערט דא היינט פראצעסירט פאר א געריכט פון אמעריקאנער בירגער. די צוקונפט וועט ענטשיידען.

און איצט, העד ריכטער, ערלויבט מיר אויסצודריקען מיין הארציגען דאנק פאר אייער געדולדיגע אויפמערקזאמקייט. און אייך, מיינע הערען, געשווארענע ריכטער, — פאר די פריינדליכקייט, מיט וועלכער איהר האט מיך אויסגעהערט.

מיין שיקזאל איז אין אייערע הענט. איך בין גרייט פאר אייער ווערדיקט.

---

# דעבס׳ ערקלערונג צום ריכטער

(נאָכדעם ווי אַ נייער פּראָצעס איז ניט באַוויליגט געוואָרען, האָט דער קלערק געפרעגט דעבס׳ען, צו ער האָט ניט עפּעס צו זאָגען, איידער זיין אורטייל וועט ערקלערט ווערען. זיין ערקלערונג צום גע־ריכט ווערט דאָ איבערגעגעבען).

העָר ריכטער, מיט יאָהרען צוריק האָב איך נאָך איינגעזעהן מיין פאַרוואַנדשאַפט מיט אַלע לעבעדיגע באַשעפעגישען, און איך בין גע־קומען צום שלוס, אַז איך בין ניט אַ האָר בעסער פון דעם נידריגסטען און באַשיידענסטען אויף דער וועלט. איך האָב דאַן געזאָגט, איך זאָג איצט, אַז אַזוי לאַנג ווי עס איז פאַראַן אַ נידריגערער קלאַס, בין איך אין איהם... אַזוי לאַנג ווי אַ לעבעדיגע באַשעפעניש געפינט זיך אין געפענגעניש, בין איך ניט פריי.

איך האָב אויסגעהערט אַלץ, וואָס איז דאָ אין געריכט געזאָגט געוואָרען צו שטיצען און פאַרטיידיגען דאָס שפּיאָנען־געזעץ, אָבער מיין מיינונג בלייבט אונגעענדערט. איך באַטראַכט דאָס געזעץ ווי אַ דעספּאָטיש געזעץ, וואָס איז אין אָפענעם ווידערשפּרוך מיט דעמאָ־קראַטישע פּרינציפּען און מיט דעם גייסט פון פרייע אינסטיטוציאָנען.

איך האָב גאָרניט וואָס אויסצוזעצען קעגען דעם געריכט אָדער דעם פּראָצעס. אַלץ אין פאַרבינדונג מיט דעם איצטיגען פּראָצעס איז געפיהרט געוואָרען אויף אַ ווירדיגען אופן און אין אַ גייסט פון אָנשטענדיגקייט....

העָר ריכטער, איך האָב געזאָגט דאָ אין געריכט, אַז איך בין אַ געגנער פון דעם סאָציאַלען סיסטעם, אונטער וועלכען מיר לעבען; אַז איך גלויב אין אַן ענדערונג — אָבער דורך פאָלשטענדיג פרידליכע און געזעצליכע מיטלען.

ערלויבט מיר דאָ צו ציהען אייער אויפמערקזאַמקייט צו דעם פאַקט, אַז אין דעם עקזיסטירענדען סיסטעם זיינען צוויי דריטעל

פון אונזער רייכטום דאס אייגענטום פון 5 פראצענט פון אונזער פאלק, 65 פראצענט פון דעם פאלק, איינשליסענדיג די ארבייטער, וואס פראדוצירען דאס גאנצע רייכטום, קענען ניט אנווייזען אויף 5 פראצענט פון דעם גאנצען רייכטום.

שטעהענדיג דא פאר אייך, האב איך זיך דערמאנט מיין יוגענד. צו פערצעהן יאהר בין איך געגאנגען ארבייטען אין די אייזענבאהן ווארשטאטען. צו זעבצעהן יאהר בין איך געווען א הייצער אויף א פראכט־לאקאמאטיוו. איך געדענק אלע שוועריגקייטען, אלע ליידען פון יענע יונגע יאהרען. און פון יענער צייט אן ביז איצט איז מיין הארץ געבליבען מיט דעם ארבייטער־קלאס. איך וואלט שוין לאנג געקענט זיין אין קאנגרעס. איך האב פארגעצויגען צו געהן אין גע־פענגעניש.

אין דעם קאמף, דעם אונאויפהערליכען קאמף, צווישען די אר־בייטער און פראדוצירער און זייערע עקספלואטאטארען, האב איך געטאן אלץ, וואס איך האב נאר געקענט טאן, צו דינען די, צווישען וועמען איך בין געבארען געווארען און מיט וועמען איך האף צו טיילען מיין שיקזאל ביז צו מיין לעצטען טאג.

איך דענק היינט וועגען די מענשען אין די ווארשטאטען און פאבריקען. איך דענק וועגען די פרויען, וואס זיינען געצוואונגען צו ארבייטען זייער גאנצען לעבען פאר א קליינעם לוין. איך דענק וועגען די קליינע קינדער, וואס ווערען אין דעם איצטיגען סיסטעם בארויבט פון זייער קינדהייט, וואס ווערען אין זייערע יונגע צארטע יאהרען אריינגעווארפען אין די אונ׳ברחמנות׳דיגע ארעמס פון מאמאן, אין די אינדוסטריעלע תפיסות, וואס זיי דארפען שפייזען די מאשינען, ווערענד זיי אלע ליידען פון קערפערליכען און גייסטיגען הונגער. איך קען זיי זעהן, קליינע, קראנקע קינדער, מיט זייערע יונגע צובראכ־ענע לעבענס, ווייל אויף דעם העכסטען פונקט פון דער ציוויליזאציאן פון צוואנציגסטען יארהונדערט איז געלט נאך אלץ א סך מאל טייערער ווי א מענשליך לעבען. גאלד איז דער גאט, און ער רעגירט איבער די מענשליכע אנגעלעגענהייטען.

אונזער לאַנד איז דאָס גליקליכסטע אויף דער ערד. מיר האָבען אונגעהויערע שטרעקען פון רייכען, פרוכטבארען לאַנד, אונערשעפּליכע קוועלען פון מאַטעריעלע רייכטימער, די וואונדרליכסטע פּראָדוקטיוו־סטע מאשינערי אויף דער ערד. מיר האָבען מיליאָנען וויליגע אר־בייטער, וואס זיינען גרייט אַנצואווענדען זייער ארבייט אויף די מאַ־שינען און פּראָדוצירען רייכטום פאר יעדען מאַן, פרוי און קינד. און אויב עס זיינען נאָך פאַרהאַן פיעלע מיליאָנען פון אונזער פאָלק וואָס זיינען קרבנות פון אָרעמקייט, וועמעס לעבען איז אַן אונאויפהערליכער קאַמף פון יוגענד ביז די לעצטע יאָהרען, ביז דער טויט קומט ענדליך און ערלייזט זיי און שטילט זייער פאַרוואונדעטע האַרץ, — איז דאָס געוויס ניט די שולד פון דעם אַלמעכטיגען, און מען קען די נאַטור אין דעם ניט באַשולדיגען. דאָס קומט אינגאַנצען פון אַן אַפּגעלעבטען סאָציאַלען סיסטעם, וואָס האָט געדאַרפט אַפּגעשאַפט ווערען ניט נאָר אין די אינטערעסען פון דעם ארבייטער קלאַס, נאָר אין די אינטערעסען פון אַ העכערער מענשהייט.

ווען איך דענק וועגען אָט די קליינע קינדער, די מיידלאך, וואָס זיינען באַשעפטיגט אין די אַלערליי טעקסטיל פאַבריקען פון די איסט־ליכע שטאַטען, אין די באַוועל פאַבריקען פון זיד, ווען איך שטעל מיר פאָר, ווי זיי ארבייטען אין אַ שרעקליכער אַטמאָספער, ווען איך קלער ווי זיי ארבייטען דאָ, ווען זיי האָבען גאָר געדאַרפט שפּילען אָדער זיין אין שול, ווען איך דערמאַן זיך נאָר, ווי זיי וואַקסען אויף, און ווען זיי לעבען נאָר גענוג לאַנג, צו דערגרייכען דעם הייראַטס־עלטער, ווי אונפאַסיג זיי זיינען פאַר הייראַט! זייערע נערוון זיינען אָפּ־גענוצט, זייער מוסקולען געוועב איז ערשעפּט, זייער לעבענסקראַפט איז פאַרשוועדעט. מען האָט מיט זיי געשפּייזט די אינדוסטריע. זייערע לעבענס האָט מען געמינצט אין גאָלד. זייערע קינדער ווערען געבאָרען מיעד. אָט פאַרוואָס מיר ליידען אַזוי פיעל דורכפאַלען אין מאָראַלען לעבען.

העך ריכטער, די 5 פּראָצענט פון פאָלק, אויף וועלכע איך האָב זיך באַרופען, שטעלען צונויף דעם עלעמענט, וואָס הערשט אונבאַ־שרענקט איבער אונזער לאַנד. זיי באַזיצען פּריוואַט אַלע זאַכען,

וואס זיינען נויטיג אין אונזער לעבען, זיי טראָגען ניט קיין קרוינען, זיי האַלטען ניט קיין סצעפּטערען, זיי זיצען ניט אויף טראָנען, און דאָך זיינען זיי אונזערע עקאָנאָמישע הערשער און פּאָליטישע רעגירער.

איך גלויב, הער ריכטער, צוזאַמען מיט אַלע סאָציאַליסטען, אַז אַלע זאַכען, אין וועלכע אַלע נויטיגען זיך, וואָס אַלע געברויכען דאַרפען ווערען געמיינשאַפטליכע אייגענטום; אַז אינדוסטריע, דער פונדאַמענט פון לעבען, אַנשטאַט צו זיין דאָס פּריוואַט-אייגענטום פון די וועניגע און אָפּערירט ווערען פאַר זייער באַרייכערונג, דאַרף ווערען דאָס געמיינשאַפטליכע אייגענטום פון אַלעמען, דעמאָקראַטיש פאַרוואַלטעט אין אַלעמענס אינטערעסען.

דזשאָן די. ראַקפעלער האַט היינט איינקונפט פון זעכציג מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר, פינף מיליאָן דאָלאַר אַ מאָנאַט, צוויי הונדערט טויזענד דאָלאַר אַ טאָג. ער פּראָדוצירט אפילו ניט קיין איין פּעני דערפון. איך אַטאַקיר דאָ ניט מר. ראַקפעלער פּערזענליך. ווען ער וואָלט געוועזען אין נויט, און איך וואָלט איהם מיט עפּעס געקענט העלפען, וואָלט איך איהם גערען געדינט, פונקט ווי אַן אַנדער מענשען. איך האָב גאָרניט פּערזענליך צו מר. ראַקפעלער, אָדער צו אַן אַנדער קאַפּיטאַליסט. איך בין נאָר אַ געגנער פון אַ סאָציאַלער סיסטעם, וואו עס איז מעגליך פאַר איין מענשען, וואָס טוט אַבסאָלוט קיין ניצליכע אַרבייט ניט, אָנצוזאַמלען אַ פאַרמעגען פון הונדערטער מיליאָן דאָלאַר, ווערענד מיליאָנען מענער און פרויען, וואָס אַרבייטען זייער גאַנצען לעבען האָבען קוים גענוג צו קענען עקזיסטירען.

אַט די אָרדנונג קען ניט דויערען אייביג, איך האָב געלאָזט הערען מיין פּראָטעסט געגען איהר. איך זעה איין, אַז מיין אייגענע אָנשטריינגונג איז שוואַך און אומבאַדייטענד, אָבער צום גליק בין איך ניט אַליין. עס זיינען פאַראַן נאָך פיעלע טויזענדער אַנדערע, וואָס האָבען איינגעזעהן, פונקט ווי איך, אַז איידער מיר קענען זיך רוהיג באַנוצען מיט די בענשונגען פון ציוויליזירטען לעבען, מוזען מיר רע-אָרגאַניזירען די געזעלשאַפט אויף אַ געמיינשאַפטליכען און קאָאָפּע-ראַטיווען באַזיס. און פאַר דעם צוועק האָבען מיר אָרגאַניזירט אַ

גרויסע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס פאַרשפּרייט זיך איבער דער גאַנצער ערד.

עס זיינען היינט פאַראַן מעהר ווי זעכציג מיליאָן סאָציאַליסטען, לאַיאַלע, איבערגעבענע טוער אין דער זאַך, פון פאַרשידענע נאַציאָנען, ראַסען, גלויבענס, קאָלירען און פון ביידע געשלעכטער. זייער זאַך איז אַ געמיינשאַפטליכע. זיי פאַרשפּרייטען די פּראָפּאַגאַנדאַ פון דער נייער סאָציאַלער אָרדנונג. די אַרבייטער וואַרטען און זיינען וואַך אין אַלע צייטען פון טאָג און נאַכט. זיי זיינען נאָך אַלץ אַ מינאָריטעט. זיי האָבען זיך אויסגעלערענט צו זיין געדולדיג און אָפּוואַרטען זייער צייט. זיי פיהלען, זיי ווייסען, אַז די צייט קומט אָן, ניט קוקענדיג אויף אַלע פאַרפאָלגונגען, וועט די לעהרע פון עמאַנציפּאַציאָן זיך פאַרשפּרייטען צווישען אַלע פעלקער, און די מינאָריטעט וועט ווערען די טריאומפירענדע מאַיאָריטעט, וועט באַקומען די מאַכט און וועט דורכפיהרען די גרעסטע ענדערונג אין דער געשיכטע.

דאַן וועלען מיר האָבען דעם אַלוועלטליכען שטאַט... די האַרמאָנישע קאָ־אָפּעראַציאָן פון יעדער נאַציאָן מיט יעדער אַנדער נאַציאָן אויף דער ערד.

הער ריכטער, אין אַ לאָקאַלער צייטונג איז נעכטען ערשינען אַ לייט־אַרטיקעל, וואו עס ווערט אויסגעדריקט פרייד מיט מיין באַלידיגער פאַרהאַפטונג. מיר הויבט דאָס ניט אָן צו פאַרדריסען. איך קען דאָס זעהר גוט פאַרשטעהן. אין דערזעלביגער צייטונג איז ערשינען אַן עדיטאָריעל, וואו עס איז פאַראַן אַן אָנדייטונג אויף אַ צרה, אויף וועלכע איך האָב געפּרואווט ציהען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט (לעזט):

„אַ סענאַטאָר פון די פאַראייניגטע שטאַטען באַקומט אַ געהאַלט פון 7,500 דאָלאַר — 45,000 דאָלאַר פאַר די זעקס יאָהר פון זיין טערמין. איינער פון די קאַנדידאַטען פאַר סענאַטאָר אין אַ שטאַט איז שכנות מיט אָהייאָ האָט לויט באַריכטען אויסגעגעבען דורך זיין קאַמפּיין קאָמיטע 150,000 דאָלאַר צו באַקומען די נאָמינאַציאָן. פאַר אַדוועטייזינג האָט ער אויסגעגעבען 35,000 דאָלאַר, אויף דרוק־אַרבייט —30,000 דאָלאַר, אויף רייזע קאָסטען—10,000 דאָלאַר און דאָס איבע־

ריגע — אויף זאכען, וואָס זיינען באַקאַנט די פּאָליטישע פאַרוואַלטער.

„נאָך דער טעאָריע איז אַן עפענטליכער אַמט פונקט אַזוי אָפען פאַר דעם אַרעמען, ווי פאַר דעם רייכען. מען קען זיך אָבער לייכט פאַרשטעלען, ווי וועניג שאַנסען אַ וועניג פאַרמעגליכער מענש האָט אין קאַמף מיט אַזאַ מענשען, וואָס איז ווילינג אויסצוגעבען אַ סומע, וואָס איז מעהר ווי דריי מאָהל אַזוי פיעל, ווי זיין מעגלכע געהאַלט פאַר זעקס יאָהר, נאָר אום צו באַקומען די נאָמינאַציאָן. וואָלטען אַזעלכע באַדינגונגען אָנגעהאַלטען אין אַלע שטאַטען, וואָלט פון סענאַט שנעל געוואָרען דאָס, וואָס מען האָט איהם אַמאָל אָנגערופען — אַ קלוב פון רייכע מענשען.

„קאַמפּיין אויסגאַבען זיינען געוועזען דער געגענשטאַנד פון אַ סך באַשריינקענדע געזעצגעבונג אין די לעצטע יאָהרען, אָבער ניט אַלעמאָל איז דער ציעל דערגרייכט געוואָרען. די פּערפאַסער פון פּריימערי רע־פאָרם האָבען דורכגעפיהרט אייניגע פון דיזאַכען, וואָס זיי האָבען זיך געשטעלט פאַר אַ ציעל, אָבער זיי האָבען נאָך ניט פאַרטריבען דאָס געלט־בייטעל פון פּאָליטיק".

זיי וועלען דאָס קיינמאָל ניט פאַרטרייבען פון פּאָליטיק, זיי קענען דאָס קיינמאָל ניט פאַרטרייבען פון פּאָליטיק, אַזוי לאַנג ווי דאָס איצטיגע סיסטעם עקזיסטירט.

העד ריכטער, איך וויל דאָ באַדאַנקען די אַדוואָקאַטען פון דער פאַרטיידיגונג. ניט נאָר האָבען זיי מיך פאַרטיידיגט מיט אויסער־געוועהנליכער יורידישער פעהיגקייט, נאָר אויך מיט אַ פערזענליכער צוגעבונדענקייט און איבערגעבענהייט, וואָס איך האָב טיעף געפיהלט און וואָס איך וועל קיינמאָל ניט קענען פאַרגעסען.

העד ריכטער, איך בעט ניט קיין רחמנות, און איך וויל ניט בלייבען אונבאַשטראָפט. איך זעה איין, אַז סוף כל סוף וועט רעכט מוזען טריאומפירען. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען אַזוי קלאָר, ווי איצט, דעם גרויסען קאַמף צווישען דער מאַכט פון די ניעדריגע אויף איין זייט און אויף דער אַנדערער די ערוואַכענדע מחנות פון פרייהייט.

איך קען זעהן, אַז אַ בעסערער טאָג קומט אַן פאַר דער מענשהייט. דאַס פאָלק ערוואַכט. אין דער געהעריגער צייט וועלען זיי אַלע עפענען זייערע אויגען.

ווען דער מאַטראָס פאַהרט איבער די טראָפּישע ימים און זוכט אַ מידער, פון זיין אייביגען וואַכען, אַהן אַפּרוה, ווענדעט ער זיין בליק צו דעם זידליכען קרייץ, וואָס ברענט העל איבער דעם שטורמיגען אָקעאַן. ווען מיטנאַכט קומט אָן, נעמט דער זידליכער קרייץ זיך בויגען, און דיוועלטען דרעהען זיך און בייטען זיך מיט זייערע ערטער. און מיט שטערענדיגע פינגער צייכענט אָן דער אַלמעכטיגער דאָס פאַרגעהן פון דער צייט אויף דעם ציפערבלאַט פון דעם אוניווערזום. און כאָטש קיין גלאָק קלינגט ניט אָנצוזאָגען די פרעהליכע נייעס, ווייס אָבער דער וואַכזאַמער מאַטראָס, אַז די נאַכט פאַרגעהט, אַז הילף און אַפּרוה זיינען שוין נאָהענט.

זאָל דאָס פאָלק זיך דורכדרינגען מיט מוט און האָפנונג אומעטום, ווייל דער קרייץ בויגט זיך, די מיטנאַכט פאַרשווינדט, און פרייד קומט מיט דעם אַנקומענדען טאָג.

„דער איז טריי צו גאָט, וואָס איז טריי צו מענשען; וואו
אומרעכט ווערט באַגאַנגען
קעגען די נידריגסטע און שוואַכסטע אונטער דער
אַלזעהענדער זון.
אַזאַ אומרעכט איז אויך אַנטקעגען אונז, און די זיינען
די געמיינסטע קנעכט,
וועמעס ליבע צו רעכט איז פאַר זיי אַליין, און ניט פאַר
דער גאַנצער מענשהייט“.

הער ריכטער, איך דאַנק אייך, און איך דאַנק דאָס גאַנצע געריכט פאַר די העפליכקייט און פריינדליכקייט, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

איך בין גרייט אויפצונעמען אייער אורטייל.

# אויב איהר לייענט אידיש—

מוזט איהר פארשטעהן די העברעאישע
ווערטער אין דער אידישער שפראך

# העברעאיש־אידישער
# ווערטער־בוך

**פון יהואש און דר. חיים ספיוואַק**

איז דאָס באקוועמסטע און ניצליכסטע
האַנד־בוך פאַר דיזען צוועק. דאָס איז
אַ בוך וואָס ענטהאַלט אַלע העברעאישע
און כאַלדעאישע ווערטער וואָס געהען
אַריין אין אידיש. שעהן געדרוקט אויף
גוטען פּאַפּיר און אַ שוואַרצען קלאָטה
באַנד מיט גאָלד־דרוק.

## אַ דיקשאַנערי

אין אינהאַלט און אין אויסזעהן.

**פּרייז $2.00 נעט.**

אַרויסגעגעבען פון פּארלאג „וועקער“, 175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

# אין ליכט פון מאַרקסיזם

**פון חיים קאַנטאָראָוויטש**

אַ בוך אין וועלכען עס ווערען באהאנדעלט די וויכטיגסטע
טעאָרעטישע און פּראַקטישע שטרייט־פראַגען פון דער
סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

**פּרייז $1.50.**